## װיקטאָר הוגאָ

# דער מענש װאָס לאַכט

ראָמאַן אין צװײ בענד.

באַנד 2.

פערלאַג
מאַקס יאַנקאָװיץ, 179 איסט בראָדװײ
ניו־יאָרק.
1920

# 1טער קאפיטעל.

ארעסטירט ווערען אהן אן ערקלעהרונג, עטוואס וואס פארוואונדערט אזוי שטארק אן ענגלישען בירגער פון דער איצטיגער צייט, איז אבער אין יענער צייט א סך געפראקטיצירט געווארען אין גרויס־בריטאניען, ספעציעל אין דעליקאטע פראגען. ביז דער הערשאפט פון געארג דעם צווייטען, און איינע פון די באשולדיגונגען, געגען וועלכע וואלפאל האט זיך גענדארפט פארטיידיגען: איז געוועזן דאס וואס ער האט פאראורזאכט אדער ערלויבט דעם ארעסט פון נייהאף אויף אזא אופן, די באשולדיגונג האט ווארשיינליך געהאט ווינציג גרונד. דער פאר וואס נייהאף, דער קעניג פון קארסיקא איז ארעסטירט געווארען פון זיינע קרעדיטארען.

אט די „שוויינענדע ארעסטירונג" איז טיילווייז איבערגענומען געווארען פון דעם דייטשען „וועהעמגעריכט" וואס האט אין יענע צייטען געהערשט אין דייטשלאנד. די אלטע ענגלישע געזעצען זענען בכלל געוועזן באיינפלוסט פון די גערמאנישע געזעצען וואס האבען באהערשט א האלבע וועלט און פון נארמאנישע, וואס האבען באהערשט די צווייטע האלבע וועלט. דעם שעף פון פאליציי פון דעם יוסטיץ פאלאץ, האט מען גערופען דער „קעניגליכער פארשוויינער".

שוויינענדע ארעסטען זענען געוועזן שטילע ארעסטען וואס האבען באדייטעט, אז מען דארף האלטען דאס מויל, אז פראגען זענען פארבאטען.

דער געזעצליכער טערמין „פריוואט" איז אנגעווענדעט געווארען אויף אזעלכע ארעסטען.

אויף דעם אופן האט עדווארד דער דריטער, ווי עס ווערט דערצעהלט, געזעהן אז מען זאל כאפען מארטימער, אין דער בעט פון זיין מוטער, קעניגין איזאבעלא פון פראנקרייך. דאך צווייפלען מיר **אויך**

אביסעל אין דער מעשה, ווייל מארטימער האָט אויסגעהאַלטען א בעלאַגערונג אין זיין שטאָדט איידער מען האָט איהם געכאַפּט.

וואַרוויק „דער קעניג מאַכער" האָט ליעב געהאַט צו פּראַקטיציר־ען די מעטאָדע אין „צוציהען מענשען."

קראמוועל האָט זיך באַנוצט מיט איהר, דורך דער מעטאָדע איז טראַילי־ארקאַלא, א קרוב פון דעם הערצאָג פון ארמאַנד, ארעסטירט געוואָרען.

די סאָרטען ארעסטען זענען אין דער אמת'ן קיין ארעסטען ניט געווען, עס איז מעהר געווען א סאָרט מעלדען זיך פּערזענליך אום אונטערזוכט צו ווערען, מען האָט אפילו דעם מענשען באַהאַנדעלט מיט געוויסע צערטליכקייטען.

דאָס פאָלק אָבער האָט זיך פאַר די סאָרטען ארעסטען שטאַרק געשראָקען.

מען דאַרף פאַרשטעהן, אז ענגלאַנד פון 1705 און אפילו שפּע־טער איז ניט די היינטיגע ענגלאַנד. די גאַנצע לאַגע איז געווען א פאַרפּלאָנטערטע און צייטענווייז א געדריקטע. דעניעל דע־פאָ, וואָס האָט פאַרזוכט דעם טעם פון דער ענגלישער טורמע כאַראַקטעריזירט דאָס מיט די ווערטער: „די אייזערנע האַנט פון געזעץ". עס איז ניט נאָר געווען דער געזעץ, עס איז געווען דער דורכפיהרונג פון איהם. זאָל זיך דער לעזער דערמאָנען ווי דער ענגלישער שטאַטסמאַן, סטיל איז פאַרטריבען געוואָרען פון פּאַרלאַמענט, לאַק פון זיין קאַטעדרע, קאַרל טשווירטשיל, איום, פּריסטלי, זענען פאַרפאָלגט געוואָרען. זאָל ער צורעכענען אַלע אנדערע אָפּפער און דער צעטעל וועט ווערען לייגגער. די אינקוויזיציע האָט זיך ביז א געוויסען גראַד, פאַרשפּרייט איבער גאַנץ אייראָפּאַ, אין ענגלאַנד איז פון דער פּאָליציי אַטאַקירט געוואָרען די עלעמענטאַרסטע מענשליכע רעכט.

לאָמיר דא צורעכענען אז מען פלעגט דאַן אין די געפיינגעניסען הינריכטען מענשען אָהן א משפּט. אזוי זעהען מיר אז א גרויס פאָלק וואָס האָט געשטרעבט צו פאַרבעסערונגען, האָט אויסגעקליבען דאָס ערגסטע, האַבענדיג פון איין זייט די פאַרגאַנגענהייט און פון דער צווייטער — פּראָגרעס, מאַכט מען אָפּטמאָל א טעות.

# 2טער קאַפּיטעל.

ווי מיר האָבען שוין געזאָגט, איז לויט די שטרענגע געזעצע פון די פּאָליציי ניט ערלויבט געווען, געווען קיין אנדערן נאָכצופאָלגען דעם וואָפענטרעגער ווי נאָר דער וועמען ער ריהרט אָן מיט זיין אייזערנעם שטאָנג.

טראָץ דעם, אָבער זענען געווען אַ סך נייגעריגע מענשען, וואָס האָבען גווינפּעלינען נאָכגעפאָלגט פון דערווייטענס.

צווישען זיי איז אויך אורסוס געווען.

אורסוס איז געווען אזוי איבערגעשראָקען, ווי מען קען נאָר זיין, אָבער ער וואָס איז אזוי אָפט פאַרפאָלגט געוואָרען פון דער פּאָליציי אין זיין וואַנדערענדען לעבען, איז אַלע מאָל געווען פאַרטיג פאַר מלחמה און האָט אַלע מאָל צוזאַמענגענומען זיינע אַלע קרעפטען, דאָס הייסט, זיין גאַנצע אינטעליגענץ.

ער האָט זיך באַהערשט און אָנגעפאַנגען טראַכטען, מען טאָר ניט באַהערשט ווערען פון געפיהלען, מען מוז באַטראַכטען די לאַגע.

צו באַטראַכטען די לאַגע, דאָס איז די אויפגאַבע פון יעדען איינעם וואָס איז ניט קיין בהמה.

ניט נאָר צו פאַרשטעהן נאָר צו האַנדלען, און גלייך אויפ'ן אָרט. ער האָט זיך געשטעלט די פראַגע:

וואָס קען מען איצט טאָן?

ווען גווינפּעלין איז אוועק האָט זיך אורסוס געפונען צווישען צוויי שרעקען: די שרעק פאַר גווינפּעלינען וואָס האָט איהם געטריבען נאָכצופאָלגען און די שרעק פאַר זיך אליין וואָס האָט איהם געהייסען בלייבען אויף אָן אָרט.

אורסוס איז געווען אזוי אונערשראָקען ווי אַ פליג און פלעגט אזוי ווינציג ליידען ווי אַ צערטליכער פלאַנץ. אַ שטיק צייט האָט ער זיך ניט געקענט באַשליסען וואָס צו טאָן און דאַן האָט ער געמאַכט דעם העלדישען באַשלוס צו ברעכען דעם געזעץ און זיי נאָכפאָלגען. אזוי אונרוהיג איז ער געווען וועגען גווינפּעלינ'ס שיקזאַל.

ער האָט זיך װירקליך געמוזט שטאַרק שרעקען, אַז ער האָט געהאַט אַזױ פיעל קוראַזש.

צו װאָס פאַר אַ גרױסע טהאַטען דער שרעק קען טרײבען אַ מענשען.

גװינפעלין איז מעהר אױפגעשלעפט געװאָרען װי אַרעסטירט, און עס איז געטאָן געװאָרען אַזױ שנעל, אַז קײנער האָט זיך אפילו ניט אַרומגעקוקט. קײנער אױף די טאַריצינער פעלדער האָט ניט גע־װאוסט אַז דער װאָפּענטרעגער האָט אַװעקגענומען דעם מענש װאָס לאַכט, דערפאַר זענען געװען אַזױ װײניג מענשען.

גװינפעלין האָט זיך מיט זײן מאַנטעל און הוט אַזױ פאַרדעקט, אַז מען האָט איהם ניט געקענט דערקענען.

אײדער ער איז אַװעק נאָכפאָלגען גװינפעלינען האָט ער אַװעק־געררופען הער ניקעלס'ן דעם אינגעל, פיבי און װינאָס אױף אַ זײט און זײ אַנגעזאָגט זײ זאָלען ניט װאָגען קײן אײן װאָרט ניט צו רײדען װעגען דער פּאַסירונג צו דיאַן, װאָס האָט גאָר ניט געװאוסט פון דער גאַנצער געשיכטע. זײ זאָלען ניט אַרױסרעדען קײן זילבע דורך װעלכע זי װעט קענען עפּעס פאַרדעכטיגען, זײ זאָלען איהר זאָגען אַז ער און גװינפעלין זענען אַװעק צוליעב געשעפט, און אַזױ װי באַלד דאַרף זי שױן געהן שלאָפען װעלען זײ שױן זײן צוריק װען זי װעט אױפשטעהן. אַזױ װי די גאַנצע געשיכטע איז אַ מיס־פאַרשטענדעניס װעט עס זײן לײכט פאַר איהם און גװינפעלינען צו איבערצײגען דער פּאָליצײ אין דעם טעות און זײ װעלען אין גיכען קומען צוריק. װען ער איז פאַרטיג געװאָרען מיט די אינסטרוקציעס איז ער אַװעק.

אורסוס האָט זײ אַנגעיאָגט און נאָכגעפאָלגט אַלײן ניט באַ־מערקט װערענדיג, ער האָט אָבער אַכטונג געגעבען אַז ער זאָל זײ ניט פאַרלירען פון אױג.

נאָך אַלעמען דאַרף גװינפעלין זיך װאַרשײנליך מעלדען פאַר דעם ריכטער פון דער פּאָליצײ, פאַר אַ קלײנעם פאַרזעהן פון געזעץ. און אורסוס האָט געמײנט אַז דאָס װעט באַלד קלאָר װערען און זײ װעלען צוריק קומען אין דער הײם.

ער וועט באלד אלץ אויסגעפינען אזוי שנעל ווי זיי פארלאָזען די טאריצינער פעלדער וועט ער זעהן אין וועלכער ריכטונג זיי וועלען געהן.

אויב זיי נעמען זיך לינקס וועט דאס הייסען אז גווינפּלין ווערט געפיהרט אין סאוטוואקער שטאָדט געביידע. אין דעם פאַל איז זיך גאָר ניטאָ וואָס צו שרעקען, דארטען וועט ער אנגעקלאָגט ווערען אין עפּעס א קלייניגקייט און מען וועט איהם באשטראָפען מיט א פּאָר שילינג און פארטיג. ער וועט נאָך היינט באפרייט ווערען און זיי וועלען נאָך שפּילען היינט אבענט ווי געוועהנליך, און קיינער וועט פון גארניט וויסען.

און אויב זיי וועלען זיך פארנעמען רעכטס, הייסט דאָס אז עס איז ערענסט.

דאָרט איז אַ געפערליכער פּלאַץ.

אין דעם מאָמענט האָבען זיי פארלאָזען די פעלדער און זיי זע־נען אריין אין די שמאָלע געסלעך.

אין וועלכער זייט וועלען זיי זיך פארקירעווען?

אורסוס איז פארציטערט געווארען; זיי האָבען זיך גענומען רעכטס.

ער האָט זיך געוואקעלט פון שרעק. ער האָט זיך אנגעשפּארט אָן א וואַנט אום ער זאָל ניט אומפאַלען.

עס איז ניטאָ קיין היפּאָקריטישערע זאך ווי די ווערטער: „איך וויל וויסען דעם גאנצען אמת". אין גרונד וויל קיינער ניט וויסען. מען שרעקט זיך פאר דעם אמת. אין גרויס שרעק האלט מען זיך אָפּ פון ציהען שליסע. מען וואָלט צופרידען געווען צו אנטלויפען, נאר מען וויל זיך ניט אונטערגעבען.

אורסוס האָט צו זיך אליין געזאָגט:

„דאָס ווערט געפערליך, וואָס געה איך זיי נאָך, מען וועט דאָך מיר שוין אלץ לאָזען וויסען?"

דער מענש איז אָבער א ווידערשפּרוך; טראכטענדיג אזוי איז ער נאָך שנעלער נאָכגעגאַנגען, מורא האָבענדיג אז ער זאָל זיי ניט פארלירען פון אויג, דערזעהענדיג זיך אין אזוי פיעל קליינע געסלעך.

די פּראָצעסיע האָט זיך געצויגען, עס האָט אויסגעוויזען אז עס וועט גאָר קיין סוף ניט נעמען.

אורסום האָט זיי פאַר א ווײַלע פערלאָרען פון אויג, ער האָט זיי אָבער אנגעיאָגט ניט ווייט פון דער קירכע פון דער הייליגער מאַריע. דאָרטען האָט זי זיך גליקליכערווייזע געמוזט אָפּשטעלען צוליעב א געדרענג פון אינגלעך וואָס זענען ארויסגעקומען פון קירכע אין יענער צייט. דאָס איז א געוועהנליכע פּאַסירונג אין די גאַסען פון לאָנדאָן. „הינט און אינגלעך", ווי דער פּאָליס רעגיסטאַר זאָגט, דערמאָנענדיג די הינט פאַר די אינגלעך.

א מאָן ווערט געפיהרט פון דער פּאָליציי איז א געוועהנליכע פּאַסירונג אין די לאָנדאָנער גאַסען, האָט זיך קיינער ניט אָפּגעשטעלט און די וואָס האָבען זיי פון פריהער נאָכגעפאָלגט זענען אויך אוועק. נאָר אורסום איז זיי נאָך אַלץ נאָכגעגאַנגען.

דער וואָפּענטרעגער האָט נאָך פריהער, אנגעטראָפען צוויי פּאָ־ ליצייליים, וואָס האָבען ווארשיינליך אויף איהם געוואַרט, ער האָט צו זיי געמאַכט א צייכען און זיי האָבען זיך אוועקגעשטעלט אויף ביידע זייטען פון גווינפּעלינען און האָבען ווייטער געמאַרשירט.

זיי האָבען זיך געדרעהט פון געסעל צו געסעל אויסקלייבענדיג פאַרלאָזענע געגענדען און דרעהענדיג זיך אין א זיג־זאַג.

ענדליך האָבען זיי זיך אָפּגעשטעלט.

עס איז געווען א שמאָלע געסעל אָן הייזער אויסער א צוויי דריי איינגעפאַלענע חורבות ביים אריינגאַנג, די געסעל האָט געהאַט צוויי לאַנגע ווענט; איינע אויף דער לינקער זייט, א נידעריגע, און די צווייטע אויף דער רעכטער, א הויכע, זי איז געווען געבויט אין דעם זאַקסישען סטיל. א שוואַרצע געמויערטע וואַנט מיט לעכער פאַר־ צוינגען מיט גראַטעס אָהן פענסטער נאָר דאָ און דאָרטען אזעלכע לופט לעכער, ביים ענדע פון דער וואַנט, גאָר נידעריג איז געווען א קליינע טירעל ווי אין א מויז־פּאַסטקע.

די טיר איז געווען א שווערע אייזערנע איינגעמויערט אין וואַנט, זי האָט געהאַט א קליינע לעכעל ארויסצוקוקען און א שווערע שטיק אייזען איז אויף איהר געהאַנגען אָנצוקלאַפּען.

קיינער איז ניט געווען אין דער געסעל; ניט קיין קראָמען ניט קיין פאַרבייגעהער, און דאָך האָט זיך דאָרטען אייביג געהערט א גערויש ווי די געסעל וואָלט געווען פּאַראַלעל צו א רוישענדען שטראָם. עס איז געווען א גערויש פון מענשען און קאַרעטען, אָהן צווייפעל

אז אויף יענער זייט וואַנט איז געווען א גרויסע גאַס, אפשר די גרעסטע גאַס אין סאַטוואַק וואָס האָט זיך געצויגען ביז דעם לאָנ־־אַנער בריק.

א וועכטער וואָלט ניט געקענט זעהען קיינעם אין דער געסעל אויסער גווינפּעלינס באַגלייטער. אורסוס האָט זיך באהאַלטען אין א ווינקעל ביים אריינגאַנג פון דער געסעל.

די פּיער האָבען זיך צוזאמענגעשטעלט אין א גרופּע ביי דער טיר.

גווינפּעלין איז געווען אין מיטען, אבער איצט איז שוין דער וואַפּענטרעגער געשטאַנען הינטער איהם.

איינער פון די פּאָליציי־לייט האָט אויפגעהויבען די שטיק אייזען און דריי מאָל אַנגעקלאַפּט.

די לעבעל אויפ'ן טיר האָט זיך אויפגעהויבען.

דער פּאָליציי־מאַן האָט געזאָגט:

„אויף דעם באַפעל פון איהר מאַיעסטעט."

די שווערע טיר האָט זיך אויפגעעפענט, און זיי זענען געבליבען פאַר א קאַלטער אָפּענער לאָך ווי די עפענונג פון א גראַבען, א שרעקליכע לאָך וואו מען האָט גאַר ניט געזעהען.

אורסוס האָט געזעהען ווי גווינפּעלין פארשווינדעט אין דער לאָך.

---

## 3טער קאַפּיטעל.

נאָך גווינפּעלינען איז אריין דער וואַפּענטרעגער, און דאַן זענען אריין די אַנדערע צוויי.

די טיר האָט זיך פארמאַכט.

די שווערע טיר איז פארמאַכט געוואָרען, דעם מענש וואָס האָט די טיר געעפענט און פארמאַכט האָט מען ניט געזעהען. עס האָט אויסגעזעהן ווי די שווערע טיר האָט זיך פון זיך אליין געווינגט. א טויער און מען זעהט ניט ווער עס עפענט איהם. דערפאַר האָט דער שוועל פון

דער טורמע אויסגעוויזען ווי דער שוועל פון קבר.

דער אריינגאנג איז געווען דער הינטערשטער פון דעם טאוט־וואקער געפענגעניס.

אלץ אין אט דעם, פון ווערים אויפגעפרעסענעם פלאץ, האט אויסגעזעהן ווי א געפענגעניס.

א טעמפעל פון געצען דינער, וואס איז אויפגעשטעלט געווארען פאר די מאגאנען, די אלט ענגלישע געטער, שפעטער האט מען דער־פון געמאכט א פאלאץ פאר עטעל־וואלף און א פעסטונג פאר דעם היילינען עטווארד, אין 1199 איז ער פון יאהאן לאקלאנד דערהויבען געווארען צו א געפענגעניס — דאס איז געווען די סאוטוואקער געפענ־געניס. אט די טורמע האט פאר עטליכע הונדערט יאהר געהאט א טויער פאר אן אונטערערדישען דורכגאנג איצט איז דאס שוין פאר־מויערט. אזעלכע טורמעס זענען נאך פארבליבען א פאר אין ענגלאנד: אזעלכע ווי: נייגייט אין לאנדאן, אין קאנטאבארי, וועלטגייט; אין עדינבורג, באנאגייט. אין פראנקרייך איז די באסטיל געווען אזא גע־פענגעניס.

כמעט ווי אלע ענגלישע טורמעס זעהען אויס א גאל, א גרויסע שווארצע וואנט פון אויסווייניג און קאמערלעך פון אינווייניג, קיין זאך זעהט ניט אויס אזוי מרה־שחורה׳דיג ווי די טורמעס, וואו דער שפין און די גערעכטיגקייט וועבען זייערע נעצען און וואו קיין שטראהל פון ליכט קען ניט דורכדרינגען.

שטעהענדיג ביי דער שטריינגער און מענשענפרעסערישער גע־ביידע לעבען מיר דורך די זעלבע פארצווייפלונג וואס די אמאליגע ים רייזענדע פלעגען פיהלען ווען זיי פלעגען פארביי פאהרען נאהענט פון די שקלאפען אינזלען און פלעגען הערען די געשרייען און דעם קלאנג פון די קייטען אויף די שקלאפען.

פון אנפאנג איז די געפענגעניס געווען א פלאץ ספעציעל צו מא־טערן כשוף מאכערס, ווי עס זאגען אונז די צוויי שורות וואס זענען אויסגעקריצט אויף אן אלטען שטיין אין ליטיין.

מיט דעם טייפעל מוז מען קעמפען.
בלויז איין שד איז אין מענשען דא.

איבער דער שילד איז אויסגעקריצט געווען א צייכען פון גע־רעכטיגקייט.

דער געפענגענים האָט זיך געצויגען איבער צוויי גאַסען און האָט געהאַט צוויי אריינגאַנגען: אויף דער גרויסער גאַס איז געווען דער הויפּט אריינגאַנג, געמאַכט ספּעציעל פאַר בעאַמטע און אַנדערע הויך געשטעלטע מענשען: און אויף דער קליינער געסעל איז געווען דער טויער פון מאַטערנישען, וואָס איז געמאַכט געוואָרען פאַר די אומ־גליקליכע וואָס ווערען אהין אריינגעוואָרפען. און אויך פאַר די טויטע, ווען א געפאַנגענער שטאַרבט פיהרט מען דורך דאָרט זיין קערפּער ארויס. אויף דעם אופן איז דאָס געווען א מין באַפרייאונגס טויער אויך.

דער טויט האָט באַפרייט.

דורך דעם שוואַרצען טויער האָט מען איצטער גווינפּלינען דורכגעפיהרט.

די געסעל, ווי מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, איז געווען א שמאָלער דורכגאַנג צווישען צוויי ווענט וואָס זענען געשטאַנען איינע געגען די אַנדערע, אזא געסעל געפינט זיך אין ברוסעל בעלגיען, מען רופט איהר די איין־מענש גאַס... די צוויי ווענט זענען ניט גלייך גע־ווען, די הויכע וואַנט איז געווען די געפענגענים און די נידעריגע: דער בית־עולם.

---

## 4טער קאַפּיטעל.

יעדער איינער וואָס האָט אין יענעם מאָמענט געקוקט אויף יענער זייט פון דעם געפענגענים, אויף דער גרויסער גאַס פון סאַוט־וואַק, האָט געזעהן, ווי ביי דעם אריינגאַנג וואַרט א גרויסע פאַר־מאַכטע קאַרעטע. א קרייז נייגעריגע מענשען האָבען זיך ארומגע־שטעלט. די קאַרעטע איז געווען באַציערט מיט א הערב, און מען האָט פון דאָרטען געזעהן ארויסגעהן א מענש וואָס איז גלייך אריינגעגאַנגען אין געפענגענים, וואַרשיינליך א ריכטער האָבען די מענשען געמיינט.

די ריכטער פון ענגלאנד זענען כמעט ווי אלע פון דער אריסטאקראטי, עס איז געווען אן עהרענהאפטע באשעפטיגונג.

עס איז אין יענער צייט ניט געווען אונגעוועהנליך צו זעהן א ריכטער פאהרענדיג אין א קארעטע וואס איז באצירט מיט א הערב פון דער אריסטאקראטי, וואס עס איז יע געווען אונגעוועהנליך איז זעהען דעם מענשען אראפגעהענדיג פון דער פאדערשטער קעסטעל, א פלאץ וואו דער בעל־הבית זיצט געוועהנליך ניט. נאך אן אונגעוועהנליכע זאך איז געווען: אין יענער צייט האט מען אין ענגלאנד געפאהרען פון איין שטאדט אין דער אנדערער אויף צוויי אופנים: אין קארעטעס אויף דעם פרייז פון א שילינג פאר יעדע פינף מייל און אין פאסט־וואגען אויפ'ן פרייז פון דריי און א האלב פענים א מייל און צוויי פענים פאר'ן פאטשטעליאן ביי יעדער סטאנציע; אדער א פריוואטע קארעטע וואס האט געוואלט דורכמאכען די רייזע ביִיטענדיג ביי יעדער סטאנציע די פערד. און די קארעטע וואס איז געשטאנען ביי דער סאוטוואקער געפענגענים האט געהאט פיער פערד און צוויי פאטשטאליאנען, וואס איז געווען א פרינצליכער לוקסוס. און דאס וואס האט זיי געמאכט אם מעהרסטען נייגעריג איז געווען דאס וואס די קארעטע איז געווען פארזיכטיג פארשטעלט פון אלע זייטען אזוי אז קיין אויג האט ניט געקענט אריינקוקען און זעהן וואס דארט טוט זיך און פון אינווענינ האט מען ווארשיינליך, ניט געקענט ארויסקוקען. אבער, ווי עס האט אויסגעוויזען איז קיינער ניט געווען אין דער קארעטע.

סאוטוואק איז געווען פון דעם סורער באצירק און דערפאר אונטער דעם אויפזיכט פון דעם סורער איספראווניק.

דער איספראווניק פון א בעצירק איז געווען אן אנגעזעהענער מענש, ער איז אלע מאל געווען פון דעם מיטעלשטאנד און צייטענווייז פון דער אריסטאקראטיע. פון אנפאנג איז ער אויסערוועהלט געווארען פון פאלק, אבער עדוארד דער צווייטער און שפעטער הענרי דער פערטער האבען דעם אמט געמאכט פאר אן אנגעשטעלטען פון קעניג.

„דער איספראווניק". זאגט קאמפערליין, „איז דאס לעבען פון געזעץ, פון גערעכטיגקייט און פון דער לאנד."

אין ענגלאנד איז דער איספראווניק געווען דער פאלשטענדיגער אויטאריטעט איבער'ן געזעץ. היינטיגע צייטען קען ער שוין ניט טאן

וואָס ער האָט אַמאָל געקענט. אין ענגלאַנד, האָט אין יענער צייט גע־הערשט אַ מאָדנע פאַרפּלאָנטערניש פון דעם באַזיץ פון מאַכט, עס האָט צייטענווייז אייסגעוויזען אַז יעדער באַאַמטער באַזיצט דאָס פאָלשטענדיגע רעכט צו אַרעסטירען און טאָן מיט די אַרעסטירטע וואָס ער האָט נאָר געפונען פאַר נויטיג. היינט איז דאָס שוין אומ־מעגליך, יעדערענס רעכט איז אויסגעטייטשט געוואָרען און דאָס רעכט פון דער פּאָליציי איז באַשריינקט.

אין יענער צייט אָבער, האָט דער איספּראַווניק, די פּאָליציי און דער וואָפּענטרעגער געקענט טאָן וואָס זיי האָבען נאָר געוואָלט.

די דריי ריכטער זענען איצט געווען מיט גווינפּעלינען.

## 5 טער קאַפּיטעל.

ווען גווינפּעלין האָט געהערט ווי די טיר האָט זיך פאַרמאַכט האָט ער אַ ציטער געטאָן, עס האָט אויסגעוויזען אַז די טיר איז די איינציגע פאַרבינדונג צווישען ליכט און פינסטערניש, און איצט ליגט אַלץ וואָס די זון באַלייכט אויף יענער זייט, הינטער איהם. אַז ער איז אַריבער דעם גרענעץ פון לעבען, אַז ער איז געווען אויסער איהם, זיין האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט, וואָס וועלען זיי איהם איצטער טאָן? אין וואָס ווערט ער באַשולדיגט?

וואו איז ער?

ער האָט גאָר ניט געקענט זעהען אַרום איהם, עס איז געווען פינסטער. ווען די טיר האָט זיך פאַרמאַכט איז ער ווי בלינד געוואָרען, ס'איז קיין לופט ניט געווען, קיין ליכט. אָט אַזוי זענען געווען די אַלטע טורמעס. ווען מען איז אַריינגעגאַנגען איז פינסטער געווען, דער ניי־אַנגעקומענער זאָל גאָר ניט קענען באַמערקען.

גווינפּעלין האָט אויסגעצויגען זיינע הענט און האָט אָנגעטאַפּט אַ וואַנט אויף זיין רעכטער זייט און אַ וואַנט אויף זיין לינקער. ס'איז

געוועז א קארידאר, ביסלאכוויַיז האבעז זיך באוויזעז די קעלער־ליכט וואס צאנקעז, קיינער ווייס ניט פון וואנעז, און שוועבט איבער דער פינסטערניש, און צו וועלכע די אויגעז ווערעז צוגעוואוינט, אזוי אז מעז קעז שויז באמערקעז א שאטעז. ער האט שויז ניט געקענט זעהן די ווענט פון דעם קארידאר.

גווינפעליז, וואס האט נאך קיין מאל ניט געזעהן קיין געפענ־גענים, אויסער דורך אורסוסעס איבערטרייבונגעז, האט געפיהלט ווי ער וואלט אננגעומעז געווארעז פון אז אייזערנער האנט און ער האט זיך גענומעז שרעקעז. מעז קעז זייז א מוטיגער מענש, אבער ווען מען קומט איז אזא אומגעבונג מוז מעז זיך שרעקעז.

גווינפעליז האט גוט געדיינקט וואס אורסוס האט איהם געזאגט וועגעז דער נייטווענדיגקייט פון שווייגעז; ער האט נאך אמאל גע־וואלט זעהן דיאז. עס איז געוועז עפעס אונערטרעגליכעס איז דער לאגע איז וועלכער ער האט זיך געפונעז, ער האט געוואלט זייז רוהיג, ער האט געוואלט רעדעז, עפעס פרעגעז, אבער ער האט באשלאסעז צו שווייגעז שטיל, בלויז איין פראגע האט ער זיי געשטעלט.

„מיינע העררז, וואוהין פיהרט איהר מיר?“ האט ער געפרעגט. קיינער האט איהם ניט געענטפערט.

דאס איז געוועז דער געזעץ פון „שווייגענדע ארעסטירונג.“

גווינפעליגעז איז קאלט געווארעז פון דעם שווייגעז. ביז דעם מאמענט האט ער געמיינט אז ער איז שטארק אז ער האט גענוג כחות אויסצושטעהן, ער האט געלעבט אז איינזאמעז לעבעז, מיינענ־דיג אז לעבענדיג איינזאם וועט קיינער צו איהם ניט קענעז צוקומעז. און דא מיט אמאל איז ער געפאנגעז געווארעז, און ווייס ניט פאר וואס. ווי קעז ער זייז צופרידעז מיט די שוידערליכע קרעפטעז פון געזעץ?

ער האט גאר ניט געקענט פארשטעהן, א שרעק האט איהם ארומ־גענומעז, ער האט נאך ניט געשלאפעז, גאר ניט געגעסעז, ניט מעהר ווי איינגענעצט די ליפעז מיט אביסעל טיי, א גאנצע נאכט איז ער געוועז ווי איז א פיבער, און א פיבער האט איהם נאך איצטער אויך באהערשט. ער איז דארשטיג געוועז, הונגעריג אפשר אויך. ווען מען האט אז אונצופרידענעם מאגעז איז מעז מיט אלעם אונצופרידעז. פאסירונגעז זענעז אויף איהם געפאלעז ווי האמער־קלעפ פון געכטעז

ביינאַכט אַן. די געפיהלען וואָס האָבען איהם געמאַטערט, האָבען איהם אויך אויפגעהאַלטען. אַהן דעם שטורעם וואָלט דער זעגעל אַ שמאַטע געווען, וואָס פיהלט ער עפּעס איצטער? האַלט ער ביי חלש'ן? חלש'ן איז אַ מיטעל פאַר אַ פרוי און אַן ערנידערונג פאַר'ן מאַן, ער האָט זיך געשטאַרקט, ער האָט אָבער געציטערט.

ער האָט געפיהלט ווי אַ מענש וואָס פאַרלירט זיין לעצטען אָנ־האַלט.

---

## 6טער קאַפּיטעל.

זיי זענען ווייטער געגאַנגען.

זיי זענען געגאַנגען איבער אַ לאַנגען קאָרידאָר.

קיין פאַרבערייטונגען זענען ניט געמאַכט געוואָרען, מען האָט זיין נאָמען אין קיין בוך ניט פאַרשריבען. די טורמעס פון יענער צייט זענען ניט געווען איבערפיהלט מיט נוצלאָזע פאַפּירען. מען האָט זיך באַנוגענט מיט אַרעסטירען אייך אָפּט אַליין ניט וויסענדיג פאַרוואָס. פאַר זיי איז גענוג געווען צו האָבען אַ טורמע און אַרעס־טאַנטען.

די פּראָצעסיע האָט זיך אַלץ געצויגען איבער דעם קאָרידאָר, זיי האָבען געמוזט געהן איינס ביי איינס אַזוי שמאָל איז דער דורכגאַנג געווען. פריהער איז געגאַנגען דער וואַפּענטרעגער, דאַן גווינפּעלין און דאַן די פּאָליציי. זיי זענען געגאַנגען דורכ'ן קאָרידאָר ביז ער איז שמעלער געוואָרען. גווינפּעלין האָט אַנגעריהרטביידע ווענט מיט זיינע עלענבויגענס, צייטענווייז האָבען זיי געדאַרפט די קעפּ איינבויי־גען אַזוי נידעריג איז געווען דער דורכגאַנג. אַזוי געהענדיג זענען זיי צוגעקומען צו אַ פאַרמאַכטער טיר. די טיר האָט זיך געעפענט, זיי זענען דורכגעגאַנגען, די טיר האָט זיך ווידער פאַרמאַכט, דאַן זענען זיי געקומען צו אַ צווייטער טיר, וואָס האָט זיך, ווי די ערשטע, געע־

פענט און פארמאכט, דאן צו א דריטער. די טירען האבען זיך געע־פענט און פארמאכט ווי פון זיך אליין, מען האט קיינעם ניט געקענט זעהן. זיי זענען אלץ געגאנגען דורך קארידארען וואס זענען שמעלער געווארען און נידעריגער, פון די ווענט האט גערונען, ס׳איז געווען פייכט און א גערוך פון ווילגאטש.

מען האט זיך געדארפט גוט היטען אום זיך ניט צו צוקלאפען.

זיי האבען אלץ אראפגענידערט אין דער שרעקליכער אונבא־וואוסטקייט.

ווי לאנג זענען זיי אזוי געגאנגען? גווינפעלין האט ניט גע־וואוסט.

מינוטען זענען פארביי אין דער מאטערענדער לאך, מינוטען פון פיין. וואס האבען זיך אויסגעצויגען ווי יאהרען.

פלוצלונג זענען זיי שטעהן געבליבען.

די פינסטערניש איז געווען שרעקליך.

גווינפעלין האט געהערט א גערויש, אזא קרעכצען און קוויטשען פון וועלכע מיר קענען נאר האבען א פארשטעלונג פון די בינעזישע לידער.

דער וואפענטרעגער האט א קלאפ געטאן מיט זיין אייזערנעם שטאנג.

א טיר האט זיך געעפענט.

ניט א טיר וואס עפענט זיך אויף נאר איינע וואס הויבט זיך אויף און לאזט זיך אראפ.

גווינפעלין האט מיט אמאל דערזעהן א פיערעקיגען שטיקעל ליכט פון דרויסען.

עס איז געווען אן ערעפענונג וואס איז איצטער אויפגעהויבען געווארען. די ערעפענונג איז געווען ווי א טירעל פון א מויז־פאסטקע.

די ליכט איז ניט געווען קיין טאג ליכט, עס איז געווען אן אפ־גלאנץ, אבער פאר גווינפעלינס אויגען וואס זענען שוין איינגעוואוינט געווען צו דער פינסטערניש, איז דער אפגלאנץ געווען ווי א שטראהל פון א בליץ.

עס האט גענומען א שטיקעל צייט ביז ער האט עטוואס געקענט זעהן, ער האט זיך געדארפט צוגעוואוינען צו דער ליכט.

דאַן בּיסלעכווייז האָבּען זיך זיינע אויגען צוגעוואוינט צו דער ליכט, ווי זיי האָבּען זיך פריהער צוגעוואוינט צו דער פינסטערנייש. ער האָט גענומען באַמערקען זאכען. די ליכט, וואָס איז געווען אַזוי שטראַהלענדיג פריהער, איז שוין איצטער, נאָך דעם ווי ער האָט זיך צוגעוואוינט, דונקעל געווארען. ער האָט גענומען ארומקוקען זיך און וואָס ער האָט דערזעהן איז געווען שוידערליך.

ביי זיינע פיס, אַ צוואַנציג טריט פון איהם, איז געווען אַ לאָך וואו מען האָט געקענט אַראָפּגעהן אויף אַ מין שטיין אַזאַ. עס איז געווען אַ פייכטע, טיפע לאָך, זיי זענען דאָרט אַראָפּגעגאַנגען ביז'ן סאַמע גרונד.

דער קעלער איז געווען אַ רונדער מיט אַ אויסגעבויגענעם באַלקען, דער קעלער איז געווען טיף אַזוי אַז פון אויבען האָט מען אַריינגעקוקט ווי אין אַ ברונעם.

ער איז געווען גרויס און אויב ער איז געווען דער גרונד פון אַ ברונעם איז דאָס געווען פון אַ זעהר גרויסען. נאָר דער באַגריף פון דעם וואָרט קאַרצער קען פאַר אונז קלאָר מאַכען ווי ער האָט אויסגעזעהן, אָבּער נאָר אַ קאַרצער פאַר לייבען און טיגערס, דער דיל פון דעם קעלער איז געווען די קאַלטע נאַסע ערד פון טיפע גראָבענס.

אין מיטען פון דעם קעלער איז געווען פיער גרויסע הילצערנע שטאַנגען און דער איינדרוק איז געווען פון אַ גרויסען מיטעלסטען צימער, אויב מען קען אַנרופען אַ צימער אַ פּלאַץ וואָס האָט פיער שטאַנגען אַנשטאָט פיער ווענט.

פון באַלקען איז אַראָפּגעהאַנגען אַ מעשענע לאַמטערן אַ רונדע און מיט גראַטעס ווי דער פענסטער פון אַ טורמע. די לאַמטערנע האָט דונקעל באַלויכטען דעם קעלער אין לאַנגע שאָטענס פון די שטאַנגען האָבּען זיך אויסגעצויגען איבּער דער גאַנצער לענג פון דער גרוב.

קיין אַנדערע ליכט איז אין דעם קעלער ניט געווען, ניט קיין פענסטער ניט קיין ליכט און ניט קיין לופט־לאָך.

צווישען די פיער שטאַנגען, גלייך אונטער דער לאַמטערנע וואו עס איז געווען אַממערסטען באַלויכטען איז געלעגען אַ ווייסער און שוידערליכער קערפּער.

עס איז געלעגען פלאַך אויף דער פּלייצע, מען האָט געקענט זעהן אַ קאָפּ מיט פאַרמאַכטע אויגען, דער מיטעלסטער טייל פון קערפּער

איז געווען באַדעקט מיט עפּעס אַזאַ שווערע מאַסע און די פּיער גלי־
דער זיינע זענען געווען אויסגעצויגען: די הענט און די פיס צוגע־
בונדען צו די פּיער שטאַנגען. אַזוי איז דאָס געלעגען מיט דער קאַל־
טער רוהיגקייט פון אַ טויטען. דער קערפּער איז געווען נאַקעט, דאָס
איז געווען אַ מאַן.

גווינפּלען איז געשטאַנען אויבען און אַ פּאַרציטערטער אַראָפּ־
געקוקט.

מיט אַמאָל האָט ער געהערט אַ געראויש...

דער קערפּער איז לעבעדיג געווען.

נאָהענט צו דעם קערפּער אויף ביידע זייטען פון אַ פּאַטער־שטול
זענען געשטאַנען צוויי מענשען אין שוואַרצען אַנגעטאָן. און אין דעם
פּאַטער־שטול איז געזעסען אַן אַלטער מאַן אַרומגעוויקעלט מיט אַ
רויטע טוך, בלאַס באַוועגלאָז, ערענסט איז ער געווען, מיט אַ רויטען
בוקעט פון ראָזען אין זיין האַנט.

פון דעם בוקעט ראָזען, וואָלט יעדער איינער, וואָס איז ניט גע־
ווען אַזוי אונוויסענד ווי גווינפּלען, פאַרשטאַנען אַז דאָ זיצט אַ ריכ־
טער וואָס האָט דאָס קייזערליכע און די מוניציפּאַלע רעכט. דער לאָרד
מאַיאָר פון שטאָדט אורטיילט נאָך אַזוי, די ערשטע ראָזען פון פריה־
לינג דאַרפען העלפען דעם ריכטער צו אורטיילען.

דער אַלטער מאַן וואָס איז געזעסען אין דעם פּאַטער־שטול איז
געווען דער איספּראַווניק פון יענעם באַצירק.

דער פּאַטער־שטול איז געווען דער איינציגער פּלאַץ צום זיצען
אין דעם קעלער.

אויסער דעם שטול האָט מען געקענט זעהן אַ טיש אויף וועל־
כען עס איז געווען אַנגעלייגט פּאַפּירען און ביכער.

די מענער וואָס זענען געשטאַנען ביי ביידע זייטען פון דעם
שטול זענען דאָקטוירים, איינער פון מעדיצין, דער צווייטער פון גע־
זעץ. דעם צווייטען האָט מען געקענט דערקענען נאָך דעם הוט וואָס ער
האָט געטראָגען אויף זיין פּאַרוק, זיי זענען ביידע געווען אַנגעטאָן
אין שוואַרצע מאַנטלען איינער אין דעם מאַנטעל פון אַ ריכטער, דער
צווייטער אין דעם מאַנטעל פון אַ דאָקטאָר, דאָס איז געווען טרויער
קליידער. זיי האָבען געטרויערט נאָך די טויטע, וואָס זענען דורך זיי
געשטאָרבען.

הינטער דעם איספּראווניק איז געשטאַנען א שרייבער מיט א רונדער פּען אין האַנט אין דער פּאָזיציע פון א מענש וואָס שרייבט. א קעסטעל פון שרייב־געצייג אויף וועלכע עס איז געווען אויסגע־שפּרייט א פּאַרמעט.

א מאַן אינגאַנצען אנגעטאַן אין לעדער, מיט פּאַרלייגטע הענט האָט זיך אַנגעשפּאַרט אַן איינעם פון די סלופּעס. דער מאַן איז געווען דעם תּליון׳ס ארויסהעלפער.

די מענער זענען געשטאַנען ארום דעם ליגענדען ווי צוגעשמיט. קיינער פון זיי האָט זיך ניט באַוועגט און קיינער האָט ניט גערעדט. איבער זיי האָט געהערשט א שוידערליכע רוהיגקייט.

געגען דער לאַך וואָס גווינפּעלין איז געשטאַנען איז געווען א שטראָף־קאַמער, אַזעלכע זענען געווען א סך אין ענגלאַנד.

אַלע געפעננגעניסען אין קעניג יאהאַנס צייטען האָבען געהאַט זייערע שטראָף קאַמערן, דאָס איז געווען דער שטראָף קאַמער פון סאַוטוואַקער געפעננגענים.

דאָס וואָס האָט פּאַסירט, איז אָפּט געפּראַקטיצירט געוואָרען אין ענגלאַנד אין יענע צייטען און אין פאַל פון נויט קען מען דאָס נאָך איצטער טאָן אין קרימינעלע פאַרברעכענס. ענגלאַנד שטעלט מיט זיך פאַר די מאָדנע לאַגע: האָבענדיג באַרבאַרישע געזעצען איז זי א פרייע לאַנד.

אביסעל מיסטרויען דאַרף מען אבער האָבען, אין צייט פון גע־פאַהר קען נאָך די אַלע שטראָף געזעצען צוריק אריינגעבראַכט ווערען און מען קען זיי נאָך אמאָל פּראַקטיצירען. די ענגלישע לעגיסלאַטור איז ווי א געצוימטער טיגער, עס שטעלט ארויס א גלאַטע לאַפּע, אבער פון אונטען זענען נאָך די נעגעל דאָ.

עס וואָלט קלוג געווען די נעגעל אראָפּצושניידען.

דער געזעץ איגנאָרירט, כמעט ווי פאַלשטענדיג דאָס רעכט, האָ־בענדיג שטראָף געזעצען פון איין זייט, און פון דער צווייטער מענש־ליכקייט. פילאָזאָפען פּראָטעסטירען, אבער א סך צייט וועט נאָך גע־מען ביז די מענשליכע גערעכטיגקייט וועט שלום מאַכען מיט דער געשריבענער.

רעספּעקטיר דאָס געזעץ: דאָס איז אַן ענגלישע פראַזע. אין ענג־לאַנד איז דער געזעץ אַזוי פאַרגעטערט, אַז ער וועט קיין מאָל ניט

אפגעשאפט ווערען. דער מענש האט ליעב צו פארגעטערען זאכען וואס ווערען ניט גענוצט. אן אלטער געזעץ ווערט פארלאזען און פאר־געסען ווי אן אלטע פרוי, אבער אפגעטויט איז ניט די ערשטע און ניט די צווייטע, מען נוצט זיי ניט מעהר, דאס אלעס. זיי מעגען זיך האל־טען פאר יונג און שעהן, זיי קענען זיך פארשטעלען אז זיי עקזיס־טירען נאך. די העפליכקייט ווערט אנגערופען רעספעקט.

די ענגלישע געזעצען זענען אלט, פול מיט קנייטשען, אבער דאס האלט ניט אפ די ריכטער פון קוקען מיט פארפיהרערישע אויגען אויף זיי, אבער איין שוידערליכע, פארעלטערטע זאך ווערט נאך אנגעהאל־טען: די תליה.

אין 1867 איז א מאן פאראורטיילט געווארען צושניטען צו וועי־רען אין פיער שטיקער. וואס זאלען פרעזענטירט ווערען דער קע־ניגין.

אלענפאלס, מאטערניש האט קיין מאל אין ענגלאנד ניט עקזיס־טירט. די געשיכטע זאגט אזוי, די פארזיכערונג פון דער געשיכטע איז וואונדערבאר.

מאטיאו פון וועסטמיניסטער שרייבט אז: „די זאקסישע געזע־צען זענען זעהר מענשליכע". מען קען קיין פארברעכער ניט באשטרא־פען מיט טויט, און ער גיט צו אז: „זיי באנוגענען זיך מיט צוברעכען זייערע נעזער, ארויסנעמען די אויגען און ארויסרייסען די טיילען פון קערפער וואס ווייזען אן אויף געשלעכט". בלויז דאס, ניט מעהר!

גווינפעלין איז געשטאנען מיט'ן קאפ אנגעשפארט אין די טרעפ האט געציטערט מיט יעדען אבר. ער האט זיך געוואלט דערמאנען אן דעם פארברעכען וואס ער איז באגאנגען, דער שווייגען פון דעם וואָ־פענטרעגער איז נאכגעפאלגט געווארען פון דער ערשיינונג פון מא־טערניש. א טריט ווייטער איז ער געגאנגען, אבער א טראגישער טריט. ער האט געזעהן אז די טרויעריגע בילד פון דעם געזעץ אין וועל־כען ער איז געפאנגען געווארען ווערט פינסטער און פינסטערער.

דער מענשליכער קערפער וואס איז געלעגען אויף דער ערד האט א צאפעל געטאן.

גווינפעלין האט געפיהלט ווי ער ווערט העפליך געשטופט ווייי־טער.

דאָס האָט געטאָן דער וואַפּענטרעגער.

ער האָט געפאָלגט.

ער איז אַראָפּגעגאַנגען טרעפּ נאָך טרעפּ. די טרעפּ זענען געווען שמאָלע און הויכע און קיין פאַרענטשע איז ניט געווען. מען האָט זיך געדאַרפט היטען אַראָפּגעהענדיג. הינטער גווינפּעלינען איז געגאַנגען דער וואַפּענטרעגער, און הינטער איהם זענען געגאַנגען די פּאָליציי.

גווינפּעלין האָט געפיהלט, אַראָפּגעהענדיג די טרעפּ, ווי זיין האָפנונג פאַרשווינדעט. עס איז געווען ווי ער וואָלט געגאַנגען, טראָט נאָך טראָט צום טויט. מיט יעדען טראָט האָט ער פאַרלאָרען אביסעל ליכט פון אינווענינ. ער איז געוואָרען בלאַס און בלאַסער. ער איז צו־געקומען צו דעם לעצטען טרעפּעל.

ווי א גייסט האָט ער אויסגעזעהן, דער וואָס איז געלעגען אויף דער ערד צוגעשמידט מיט קייטען צו די פיער שטאַנגען. און ער האָט געכאַרכעלט און געכאַרכעלט.

א שטימע האָט זיך דערהערט אין דער פינסטערניש.

„דערנעהענטערט זיך.“

די שטימע איז געווען פון איספּראַווניק און זי איז געווען גע־ווענדעט צו גווינפּעלינען.

ער האָט זיך דערנעהענטערט.

„נאָך נעהענטער.“

א פּאָליציי־מאַן האָט גווינפּעלינען אין אויער אריינגעשושקעט.

„דו שטעהסט פאַר דעם איספּראַווניק.“

גווינפּעלין איז צוגעגאַנגען נאָך נעהענטער, ביז מיטען קעלער, ביי דעם פּלאַץ וואו דער צוגעשמיטער איז געלעגען. דער וואַפּענטרעגער און די פּאָליציי זענען געבליבען שטעהן אויף איין אָרט און גווינפּעלין האָט זיך אַליין דערנעהענטערט.

ווען גווינפּעלין האָט זיך דערנעהענטערט אזוי אז ער האָט שוין געקענט זעהן גוט דעם מענשען וואָס איז געלעגען א געשמיטער, איז ער ווי פאַרשטיינערט געוואָרען.

ער איז געלעגען צוגעבונדען צו דער נאַסער ערד אין גאַנצען נאַקעט, אויסער די שטיק שמאַטע אויף דעם מיטען פון זיין קערפּער וואָס האָט זיין שאַנדע פאַרדעקט.

דער מאן אויף וועמען גווינפעלין האט געקוקט האט אויסגעזעהן ווי א מאן פון א יאהר פופציג. ער האט געהאט א פליך, און א בארד אויפ׳ן פנים, זיינע אויגען זענען געווען פארמאכט און זיין מויל אפען. זיינע הענט און פיס וואס זענען געווען צוגעבונדען צו די שטאנגען האבען געמאכט אן X אויף זיין ברוסט איז געלעגען אן אייזערנער טעלער און אויף איהם א שטיין, דעם גערויש וואס מען האט געהערט איז געווען אן אטעם און א ברום.

דער איספראווניק, האט געזאגט:

„געהארכזאמקייט צו איהר מאיעסטעט.“

„מענש דו ביזט דא צוגעבונדען מיט קייטען. הער זיך צו צום לעצטען מאל צו דער שטימע פון גערעכטיגקייט. מען האט דיר טראנספארירט אין דער געפענגעניס, מען האט דיר לויט אלע פארמען און פארמאליטעטען אויסגעפרעגט, און דו האסט אנגעהאלטען א פארברעכערישען שווייגען, איך וועל דיר נאך אמאל און צום לעצטען מאל פרעגען, דו זאלסט מיר ענטפערען.“

ער האט זיך א ווײלע אפגערוהט און דאן פארגעזעצט.

„דער געזעץ ווערט פון יעדען פארעהרט אויסער פון פארברעכער וואס באהאלטען זיך.“

ווי א גלאק איז דער קול פון דעם דאקטאר פון געזעץ געווען ווען ער האט נאכגערעדט דעם ריכטער אין לאטיין.

דער איספראווניק האט געזאגט:

„דער וואס אנטזאגט זיך צו ענטפערען דעם ריכטער, דארף פארדעכטיגט ווערען אין אלע פארברעכענס.“

דער דאקטאר פון געזעץ ט איהם נאכגעזאגט אין לאטיין.

„...אלע פארברעכענס, דער וואס איז זיך אין גאר ניט מודה, דער איז זיך מודה אין אלץ, דער וואס שווייגט ווען דער ריכטער פרעגט איהם אויס, דער איז א ליגנער און א פאראזיט.“

ער האט פארטועזעצט.

„מענש, עס איז ניט ערלויבט זיך צו באהאלטען אונטער שווייגען. דער עקשן פארוואונדעט דאס געזעץ, עקשנות איז דער געגענווארט פון געזעץ איז א פארמע פון רעבעלירונג, פארשוועכען גערעכטיגקייט איז פארשוועכען איהר מאיעסטעט. עס איז ניטא קיין גרעסערער פארברעכען, דער וואס ענטפערט ניט אויף די פראגען

פון געזעץ גנב'עט דעם אמת. דער געזעץ האָט זיך אָבער פאַרזי־
כערט, אין אַזעלכע פעלע האָט דער ענגלישער געזעץ דאָס רעכט זיך
צו באַנוצען מיט קאַרצער, תליות און קייטען.״

ער האָט זיך אָפּגערוהט און ווייטער פאָרגעזעצט.

„דערפאַר מענש, ווייל דו האָסט ניט געוואָלט אויפגעבען דיין
שווייגען, טראָץ דעם וואָס דו ביזט ביי דיין קלאָרען פאַרשטאַנד און
פאַרשטעהסט גוט וואָס דאָס געזעץ פאַרלאַנגט פון דיר, דערפאַר האָט
מען דיר ווי דער געזעץ פאַרלאַנגט, באַשטראָפט מיט שאַרפע און שווע־
רע וועהטאָגען, דאָס וואָס מיר האָבען געטאָן, דער געזעץ פאַרלאַנגט אז
מיר זאָלען דיר ריכטיג אינפאָרמירען; מיר האָבען דיר געבראַכט אין דעם
קאַרצער, אַראָפּגענומען דיינע קליידער, מען האָט דיר אַ נאַקעטען
אויף דער ערד אוועקגעלייגט, דיינע אברים אויסגעצויגען און צו־
געבונדען צו פיער שטאַנגען און אויף דיר ארויפגעלעגט אַזוי פיעל
שטיינער ווי דו קענסט נאָר אויסהאַלטען.״

„און איצט איידער מיר זעצען פאָר דעם פּראָצעס פון מאַטער־
ניש פאָדער איך, דער איספּראַוונוק פון דעם סורייער באַצירק, דיר
אויף דו זאָלסט ענטפערן אויף די פראַגען.״

„אויב דו ענטזאָגסט זיך, וועט די עקשנות פון געזעץ אַנהאַל־
טען אַזוי לאַנג ווי די עקשנות פון מענש וועט אַנהאַלטען, די מאַטער־
ניש וועט פאָרטגעזעצט ווערען ווי דער געזעץ פאָדערט. דעם ערש־
טען טאָג קריגסטו גאָר ניט צו עסען און צו טרינקען.״

ס'איז שטיל געוואָרען, מען האָט געקענט הערען דעם פייפענדען
אָטעמען פון דעם מענ'שען אונטער דעם שטיין.

דער איספּראַוונוק האָט פאָרטגעזעצט.

„דעם ערשטען טאָג האָסטו גאָר ניט געקראָגען צו עסען אָדער
טרינקען, דעם צווייטען טאָג האָסטו געקראָגען שפּייז, אָבער ניט קיין
וואַסער; דעם דריטען טאָג האָסטו געקראָגען וואַסער אָבער ניט קיין
שפּייז, דער פערטער טאָג איז געקומען. דאָס איז היינט, אויב דו
וועסט בלייבען איינגעשפּאַרט און ניט ענטפערן, וועט מען דיך דאָ
איבערלאָזען צו שטאַרבען. אַזוי פאַרלאַנגט דאָס געזעץ.״

„און ליגענדיג אַזוי וועסטו שטאַרבען און קיינער וועט דיר ניט
העלפען, אפילו ווען די בלוט וועט דיר רינען פון האַלז און פון
מויל.״

„מענש, בארעכען זיך, עס וועט זיין דיין אייגענע שולד, אויב דו הערסט אויף צו שווייגען און דו ביזט זיך מתודה וועט היינגען זיין דיין איינציגע שטראף, ווילסטו ענטפערן אויף די פראגען?“

ער איז שטיל געבליבען, דער געפאנגענער האט זיך קיין ריהר ניט געטהאן.

„מענש, שווייגען איז א געפעהרליכע באהעלטעניש, עקשנות איז פארברעכעריש, דער וואס ענטפערט ניט אויף פראגען פון דעם ריכטער, באליידיגט די קרוין. שטעל זיך ניט געגען אונזער גוטער קעניגין, ווען איך פרעג דיר ענטפער איהר, זיי א געהארכזאמער אונ־טערטאן.“

„מענש, היינט איז שוין דער פערטער טאג, דער ענטשיידונג־טאג, דעם טאג ווען מען גלויבט דיר ווען דו וועסט זאגען בלויז „יא“ אדער „ניין“.

ער האט זיך אפגעשטעלט און געווארט, ס'איז שטיל קיינער רעדט ניט. ער האט זיין ערענסטען פנים צוגעבויגען צו דעם ליי־דענדען.

„מענש, דו וואס דו ליגסט אויף דער ערד...

ער האט זיך אפגעשטעלט.

„מענש!“ האט ער אויסגעשריען, „דו הערסט מיר?“

דער מענש האט זיך ניט קיין ריהר געטאן.

„אין נאמען פון געזעץ“, האט ער אויסגעשריען „עפען דיינע אויגען.“

די אויגען פון דעם מענש זענען געבליבען פארמאכט.

דער איספראווניק האט געזאגט צו דעם דאקטאר מעדעצין: „דאקטאר אונטערזוכט איהם“.

דער דאקטאר איז צוגעגאנגען, צוגעלייגט זיין אויער צו זיין מויל, געטאפט זיין פולס, זיך ווידער אויפגעשטעלט און געזאגט:

„ער הערט נאך.“

„קען ער זעהען?“

„ער קען נאך זעהען.“

אויף א צייכען פון דעם איספראווניק איז דער וואפענטרעגער און די פאליציילייט צוגעקומען, דער וואפענטרעגער האט זיך גע־

שטעלט ביים קאָפּ פון דעם ליגענדען מאַן און די פּאָליציי זיינען גע־בליבען הינטער גווינפּלינ׳ען.

דער איספּראַווניק האָט זיך אויפגעשטעלט און אויפגעהויבען זיין בוקעט בלומען, ווי א גלח הויבט אויף דעם הייליגען וואסער־שפּרינקלער, און מיט א הויכער קלאָרער שטימע גערעדט צו דעם ליגענדען:

„אה, אונגליקליכער מענש, רעד, דער געזעץ בעט זיך ביי דיר, איידער דו געהסט אוים רעד, דו ווילסט בלייבען שטום, דערמאָן זיך אָן דעם קבר וואס איז אויך שטום, טראַכט פון טויט, וואָס איז נאָך ערגער ווי דיין איצטיגע לאגע; הער זיך צו מיין פריינד, ווייל איך בין אויך א מענש, הער זיך צו מיין ברודער, ווייל איך בין אַ קריסט. הער זיך צו מיין זוהן, ווייל איך בין עלטער פון דיר. פאָלג מיר! איך בין דער הערשער פון דיינע ליידען, און איך וועל ווערען געפעהרלי־כער מיזעראַבלער מענש, האָב מורא פאר׳ן געזעץ, און פאָלג מיר די לעצטע שטונדע איז געקומען און דו מוזט מיר פאָלגען. אויב דו ווילסט דאָ אויסגעהן, שטונדע נאָך שטונדע, טאָג נאָך טאָג, וואָך נאָך וואָך, און שוידערליכע ווייטאָגען. שטאַרב אונטער דער מאַסע פון די שטיינער, דאָ אין אונטעראירדישען קעלער פארלאָזען פון אלעמען און פארגעסען, אויפגעגעסען פון ווערים און מייז, אין דער צייט ווען מענשען געהען און קומען, קויפען און פארקויפען, און קאַרעטען פאָה־רען דערביי אין דער :אָס איבער דיין קאָפּ. אויב דו ווילסט קרעכצען קריצען מיט די ציין, שרייען, שילטען. אָהן אַ דאָקטאָר וואָס זאָל פארבינדען דיינע וואונדען, אָהן א גייסטליכען, וואָס זאָל דיר פאר־לייכטערן דיינע לעצטע מינוטען, אָה, איך פארלאַנג פון דיר, דו זאָלסט מיר אויסהערען, איך בעט זיך ביי דיר, האָב רחמנות אויף זיך אליין, טו וואָס מען פארלאַנגט פון דיר, קער אום דיין קאָפּ, עפען אויף דיינע אויגען און זאָג אויב דו דערקענסט דעם מאַן!“

דער ליידענדער האָט ניט אומגעדרעהט דעם קאָפּ און ניט גע־עפענט די אויגען.

דער איספּראַווניק האָט א קוק געטהאָן אויף די פּאָליציי און אויף דעם וואָפּענטרעגער.

די פּאָליציי האָבען אַראָפּגענומען גווינפּלינ׳ס הוט און מאַנטעל און איהם צוגעפיהרט אזוי אז די ליכט זאָל פאַלען אויף זיין פּנים.

אין דער זעלבער צייט האָט דער וואַפּענטרעגער אויפגעהויבען דעם קאָפּ פון דעם מענשען אויסגעדרעהט צו דער זייט, וואו גווינ־פּעלין איז געשטאַנען און מיט די גראָבע פינגער אויפגעהויבען זיינע אויגען־ברעמען.

דער ליידענדער האָט דערזעהען גווינפּעלינ׳ען.

דאַן האָט ער אַליין אויפגעהויבען דעם קאָפּ, ברייט אויפגע־עפענט זיינע אויגען און געקוקט גלייך אויף איהם.

ער האָט אַ ציטער געטהאָן און אויסגעשריען:

„ס׳איז ער! יע! ס׳איז ער!“

און, שווידערליך צוצוקוקען, ער האָט זיך צולאַכט.

דאַן האָט ער זיין קאָפּ צוריק געלאָזען פאַלען און פאַרמאַכט זיינע אויגען.

דער איספּראַווניק האָט אויסגעשריען צום שרייבער: „שרייב!“

גווינפּעלין האָט, טראָץ זיין שרעק, ביז איצט אויפגענומען די זאַך פאַרהעלטניסמעסיג קאַלט. אבער דער אויסגעשריי פון דעם ליי־דענדען "ס׳איז ער" האָט איהם דערציטערט און פון דעם געשריי: „שרייב!“ איז איהם קאַלט געוואָרען. עס האָט אויסגעזעהען ווי דער געפעהרליכער מענש וויל איהם אַריינשלעפּען אין אן אומגליק, און ער, גווינפּעלין, זאָל ניט פאַרשטעהן פאַר וואָס. ער האָט זיך פאַר־געשטעלט אז ער וועט אויך אזוי צוגעבונדען ווערען, ווי דער מאַן. ער איז פאַרציטערט געוואָרען און ער האָט אויסגעשריען:

„ס׳איז ניט אמת. ס׳איז ניט איך, איך קען ניט דעם מאַן, איך קען איהם ניט קענען, איך ווייס ניט ווער ער איז. איך דאַרף היינט ביינאַכט איינטייל נעמען אין דער פאַרשטעלונג, מען וואַרט אויף מיר. וואָס וויל מען פון מיר? איך פאָדער מיין פרייהייט, און ניט נאָר דאָס, ווארום האָט מען מיר דאָ געבראַכט? עס זענען שוין מעהר קיין געזעצען ניט דאָ? זאָגט גלייך אז עס זענען מעהר קיין געזעצען ניט דאָ, הער ריכטער, איך זאָג נאָך אמאָל ס׳איז ניט איך, איך בין אונשולדיג און אַלץ וואָס מען זאָגט אויף מיר, איך וויל אוועק געהן. דאָס איז אונגערעכט. עס איז ניט דאָ קיין שום געמיינשאַפט־ליכעס צווישען דעם מענש און מיר. איהר מעגט זיך נאָכפרעגען. זיי זענען געקומען און מיר געכאַפּט ווי אַ גנב. פאַר וואָס זענען זיי אזוי געקומען צו מיר? ווייס איך דען ווער דער מענש איז? איך בין

אַ וואַנדערער וואָס גיט פאַרשטעלונגען, איך בין דער מענש וואָס לאַכט. אַסך מענשען האָבען אונז געזעהען מיר זענען אויף די טאַרוניצער פעלדער, פופצעהן יאָהר פאַרדיען איך אויף מיין אייגענעם לעבען עהרליך, איך בין פינף־און־צוואַנציג יאָהר אַלט און וואוין אין דער טאַדקעסטער קרעטשמע, מיין נאָמען איז גווינפעלין. נעמט מיך אוועק פון דאַנען, הער ריכטער, מען דאַרף ניט אויסנוצען די קליינינגקייט פון די אונגליקליכע, איך בין אַן אַרימער פּאַיאַץ.“

„איהר זייט“, האָט דער איספּראַווניק געזאָגט „לאָרד פערמיין קלאַנטשאַרלי, באַראָן קלאַנטשאַרלי פון הונקערוויל, מאַרקיז פון קאַרליאָן און סוסוליע פּיער אין ענגלאַנד.“

און אויסשטעהענדיג האָט ער זיך פאַרנייגט און געזאָגט:

„מיין לאָרד, וויל אייער לאָרדשיפּ זיך זעצען.“

---

## 7טער קאַפּיטעל.

גווינפּעלין האָט גאָר ניט פאַרשטאַנען.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט צו זעהען צו וועמען מען רעדט.

אַ קלאַנג וואָס איז צו נאָהענט קען דער אויער ניט אויפכאַפּען. געפיהלען וואָס זיינען צו נאָהענט קען, דער געדאַנק ניט אויפכאַפּען. עס איז דאָ אַ גרענעץ אין אונזער געדאַנק, ווי עס איז דאָ אַ גרענעץ אין אונזער געהער.

דער וואַפּענטרעגער און אַ פּאָליציימאַן זענען צוגעקומען צו גווינפּעלינ׳ען און זיי האָבען איהם אַנגענומען ביי די אָרעמס, ער האָט געפיהלט ווי זיי זעצען איהם אַוועק אין דעם פאָטער־שטול, וואו דער איספּראַווניק איז פריהער געזעסען.

ער האָט זיי געלאָזט טהאָן וואָס זיי האָבען געוואָלט. ער האָט זיך ניט געקענט אָפּגעבען קיין רעכענונג וואָס דאָ האָט פּאַסירט.

ווען גווינפּעלין איז שוין געזעסען, איז דער פּאָליציימאַן און

דער וואפענטרעגער אפגעטראטען א פאר טריט, זיי האבען זיך אוועקגעשטעלט גלייך און באוועגלאז הינטער'ן שטול.

דאן האט דער איספראווניק אוועקגעלעגט די בלומען, אנגעטהאן די ברילען, וואס דער שרייבער האט איהם דערלאנגט, ארויסגע־שלעפט פון אונטער די מאסע דאקומענטען וואס זיינען געלעגען אויפ'ן טיש, א שטיק פארמעט, וואס איז געווען פארפלעקט. עס האט אויסגעזעהען ווי די שטיק פארמעט איז שוין זעהר לאנג געלעגען נאהענט צו דער לאמטערנע און גענומען לייענען:

„אין דעם נאמען פון דעם פאטער, פון דעם זוהן און פון דעם הייליגען גייסט.

„דעם טאג פון אונזער הער, דעם ניין און צוואנציגסטען יאנואר טויזענד זעקס הונדערט און ניינציג.

„אין פארברעכעריש איבערגעלאזען געווארען ביים ברעג פון פארטלאנדער ים אויסגוס, א קינד צעהן יאהר אלט. מיט דעם צוועק ער זאל דארט אויסגעהן פון הונגער, פון קעלט און פון איינזאמ־קייט.

„דאס קינד איז פארקויפט געווארען, ווען ער איז צוויי יאהר אלט געווען, אויפ'ן באפעהל פון זיין אלערגענעדיגסט הערשער דזשיימס דער צווייטער.

דאס קינד איז לארד פערמיין קלאנטשארלי, געזעצליכער און איין איינציגער זוהן פון לארד ליניי קלאנטשארלי, באראן קלאנ־טשארלי פון הונקערוויל און מארקיז פון קאלאן אין איטאליען. גע־שטארבען, און פון זיין פרוי אננא ברעדזשא, געשטארבען.

דאס קינד איז דער יורש פון זיינע גיטער און פון זיין טיטלען. דערפאר איז ער פארקויפט, געמוטשעט צוקאליעטשעט געווארען. פאר דער זעלבער אורזאכע איז זיין פארשווינדען פאראורזאכט גע־ווארען ביי דעם זעהר געאכטעטען קעניג.

„דאס קינד איז ערצויגען און געלעהרענט געווארען צו זיין א פאיאץ וואס גיט פארשטעלונגען אין עפענטליכע פלעצער.

„ער איז פארקויפט געווארען, ווען ער איז צוויי יאהר אלט גע־ווען, נאך זיין פאטערס טויט. דער קעניג האט ערהאלטען צעהן פונט שטערלינג ווי א געצאהלט פאר דאס קינד.

„לאָרד פערמיין קלאַנטשארלי איז געבראַכט געוואָרען צו די אונטערגעשריבענע, ווען ער איז צוויי יאָהר אַלט געווען. ער איז צוקרימט געוואָרען פון אַ פּלעם פון פלאַנדערס מיט'ן נאָמען האַרד־קוואַנאָן, ער איז געווען דער איינציגער וואָס האָט געוואוסט דעם סוד און די מעטאָדען פון דאָקטאָר קאָנקעסט.

„עס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז פון דאָס קינד זאָל מען מאַ־כען אַ לאַכענדע מאַסקע.

„מיט דעם צוועק האָט איהם האַרדקוואַנאָן אָפּערירט, און פון זיין פּנים געמאַכט אַן אייביגען געלעכטער.

„דאָס קינד איז פארשלעפּערט געוואָרען און מיט מיטלען וואָס נאָר האַרצקוואַנאָן ווייס, האָט מען איהם באַוואוסטלאָז געמאַכט. דאָס קינד ווייס ניט פון דער אָפּעראַציע.

„ער ווייס ניט אַז ער איז לאָרד קלאַנטשארלי.

„ער ענטפערט אויף דעם נאָמען גווינפּלען.

האַרדקוואַנאָן איז דער איינציגער מענש אויף דער וועלט, וואָס ווייס ווי צו מאַכען די אָפּעראַציע פון דער לאַכענדער מאַסקע, און דאָס קינד איז די איינציגע לעבעדיגע באַשעפעניש אויף וועמען די אָפּע־ראַציע איז געמאַכט געוואָרען.

„די אָפּעראַציע איז אַ שווערע און אַן אויסערגעוועהנליכע, דאָס קינד ווען עס וועט שוין אַן אַלטער מענש זיין, און זיינע האָר וועלען שוין זיין גראָה אנשטאט שווארץ, וועט אהים האַרדקוואַנאָן דערקע־נען.

„אין דער שטונדע ווען דאָס ווערט געשריעבען, איז האַרדקוואַ־נאָן פאַרהאַלטען אין געפענגעניש פון דעם פּרינץ פון אָראַנזש וואָס איז באַקאַנט ווי קעניג ווילהעלם דער דריטער. האַרטקוואַנאָן איז געכאַפּט און פאַראורטיילט געווען דערפאַר וואָס ער איז איינער פון די וואָס ווערען אָנגערופען קאָמפּאַרטשיקאָס.

„דאָס קינד איז פאַרקויפט געוואָרען אין שווייצאַריען, ביי זיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער אין הויז אויפ'ן באַפעהל פון קעניג. ער איז געבראַכט געוואָרען פון דעם לעצטען דינער פון דעם לאָרד, אַ קורצע צייט נאָך דעם איז דער דינער אויך געשטאָרבען. און ביי דער איצ־טיגער צייט ווייס פון דער פּאַסירונג קיינער ניט, אויסער דער דער־

מאנטער הארדקוואנאן, וואס זיצט אין געפיינגניש און מיר, וואס האלטען ביים שטארבען.

„מיר, די אונטערגעשריבענע, האבען געהאלטען און ערצויגען דעם קליינעם לארד, וואס איז פון אונז געקויפט געווארען פון דעם קעניג, פאר אכט יאהר אום מיר זאלען פון איהם שפעטער קענען פראפיטירען.

„איצט, לויפענדיג פון ענגלאנד, אום ניט אריינצופאלען ווי דער אומגליקליכער הארדקוואנאן, האבען מיר פארלאזען אויף דעם פארט־לאנדער ברעג, דאס קינד גווינפעלין, דעם דערמאנטען לארד קלאנ־טשארלי.

„איצט, מיר האבען געשווארען, צו האלטען דאס בסוד, פאר דעם קעניג אבער ניט פאר גאט.

„די נאכט, אויפ'ן ים, געטראפען פון א שטארקען שטורעם, ביי דעם ווילען פון גאט, אין דער גרעסטער פארצווייפלונג שטעהען מיר אויף די קני און בעטען, אז ער זאל אונז ראטעווען פון דער גע־פאהר, און ער וועט ווארשיינליך ראטעווען אונזערע נשמות, ניט האב־בענדיג מעהר קיין זאך צו ערווארטען פון מענשען, און מורא האב־בענדיג פאר גאט, באשלאסען צו שטארבען און בארוהיגט, אויב ער אין הימעל וועט אונז פארגעבען אונזערע זינד, פול מיט חרטה און זיך שלאגענדיג על חטא, מאכען מיר די ערקלעהרונג און פערטרויען דאס צום ים, האפענדיג אז אימיצער וועט דאס געפינען און וועט דאס אויסנוצען צום גוטען. און זאל אונז גאט פארגעבען פאר די זינד, שרייבען מיר זיך אונטער."

דער איספראווניק האט זיך אפגעשטעלט און דאן געזאגט:

„דא זענען די אונטערשריפטען אין פארשידענע האנטשריפ־טען."

און ער האט אנגעפאנגען צו לעזען.

„דאקטאר געראַרטוס געסטערמונד — אנסוקיאן — א. קראס— און אויף איין זייט: בארבארא פומיי — גייזאדארא — גיאנגיראט — זשאקוועס קאטורעס. ווערט אנגערופען, נארבאניים — לופ פערי קאפקארופ."

דער איספראווניק האט ווייטער געזאגט:

„אַ צושריפט מיט דערזעלבער האַנטשריפט ווי דער טעקסט און די ערשטע אונטערשריפט."

ער האָט ווידער גענומען לייענען.

„פון אַ מאַנשאַפט פון דריי מענשען אויף אַ שיף, זענען בלויז צוויי געבליבען: דער קאַפּיטאַן איז אַראָפּגעוואַשען געוואָרען פון דעם שטורעם, און זיי האָבען זיך אונטערגעשריבען: גאַלדיזום — אַווע מאַריע".

דער איספּראַווניק האָט פאַרגעזעצט, מישענדיג דעם לייענען מיט זיינע אייגענע באַמערקונגען. —

„אונטען שטעהט צוגעשריבען: אויפ'ן ים, אויף דער שיף מאַ־ [illegible]"

דער איספּראַווניק האָט פאַרגעזעצט:

„דער פּאַרמעט איז פון דער רעגיערונג און האָט אויף זיך דעם צייכען פון דעם קעניג דזשיימס דעם צווייטען, און אויף דער זייט פון דער דערקלעהרונג איז אויפגעשריבען אין דער זעלבער האַנט־שריפט דער צושריפט:"

די דערקלעהרונג איז געשריבען געוואָרען אויף דער לינקער זייט פון דער קייזערליכער בעשטעלונג און עס איז אונז געגעבען געוואָרען, ביים באַצאַהלען ווען מיר האָבען געקויפט דאָס קינד. איבער־קעהרענדיג די בלאַט, קען מען זעהען די בעשטעלונג."

דער איספּראַווניק האָט איבערגעקערט דעם פּאַרמעט און האָט איהם אויפגעהויבען אין זיין רעכטער האַנט נעהענטער צו דער ליכט. מען האָט געקענט זעהען אַ ווייסע בלאַט, אויב דאָס וואָרט „ווייס" קען באַנוצט ווערען אויף אַזאַ פאַרשמירטע בלאַט. אין מיטען פון דער בלאַט זיינען געווען דריי ווערטער, צוויי אין לאַטיין: Jussu regis און אַן אונטערשריפט דזשעפרים.

"Jussu regis" דזשעפרים", האָט ער איבערגעלייענט.

גווינפלעין איז געווען ווי אַ מענש, אויף וועמעס קאָפּ עס איז אַראָפּ געפאַלען אַ טיטעל פון דעם פּאַלאַץ פון טרוימען.

ער האָט גענומען רעדען, ווי אַ מענש רעדט אין אַ באַוואוסט־לאָזען צושטאַנד.

„געראַדוס, יע, דער דאָקטאָר, אַן אומעטיגער אַלטער. איך האָב

פאר איהם מורא געהאט. גאזידארא דאס איז דער הויפטלינג, דארט זענען פרויען געווען און נאך אנדערע, און דער פראווענצאלער, קאפ־גארופ איז זיין נאמען געווען, ער פלעגט אלע מאל טרינקען פון א גראבע פלאש, און אויף איהר איז געווען אנגעשריבען א נאמען אין רויטען.“

„אט איז זי!“ האט דער איספראוויניק געזאגט.

און ער האט ארויפגעשטעלט אויפ'ן טיש א זאך וואס דער שרייבער האט איהם דערלאנגט.

„דאס איז די פלאש“ האט דער איספראוויניק געזאגט; „און די דערקלעהרונג וואס איז דא איצט געלעזען געווארען איז געווען פאר־מאכט אין דער פלאש, וואס איז געפונען געווארען אין ים“.

און ער האט מיט א מאיעסטעטישען טאן פארגעזעצט.

„אזוי ווי הארא בארג גיט אונז די ווייץ, פון וועלכע מיר מאכען די בעסטע מעהל, וואס ווערט גענוצט פאר ברויט פאר'ן קעניגליכען טיש, אזוי דיענט דער ים ענגלאנד אויף אלע אופנים, און ווען א לארד ווערט פארלארען, געפינט זי איהם און ברייננגט איהם צוריק.“

דאן האט ער פארגעזעצט:

„אויף דער פלאש איז ווירקליך אויפגעשריבען א נאמען אין רויט“. און אויפהויבענדיג זיין שטימע האט ער זיך אומגעקעהרט צו דעם באוועגלאזען אפפער:

„דער נאמען וואס דא איז אויפגעשריבען, פארברעכער, איז דייער. דאס זענען די באהאלטענע וועגען דורך וועלכע דער אמת שווימט ארויף, מענשליכע האנדלונגען קענען ניט פערבעהאלטען ווערען.“

דער איספראוויניק האט אויפגעהויבען די פלאש, וואס איז גע־פונען געווארען אין ים. איין זייט איז וואהרשיינליך ארומגערייניגט געווארען, ער האט די זייט צוגעטראגען נעהענטער צו דער ליכט און אויף א קליינעם בענדעל וואס איז צוגעבונדען געווען צום פלאש, און וועלכע איז אמאל רויט געווען איז געווען אנגעשריבען דער נאמען; „הארדקוואנאן.“

דאן האט דער איספראוויניק אנגעפאנגען ריידען מיט א טאן וואס זאגט גאר ניט, און וועלכען מען קען באצייכענען ווי דער טאן פון גערעכטיגקייט, ווענדענדיג זיך צום אומגליקליכען האט ער גע־זאגט:

„האַרדקוואַנאָן! ווען די פלאַש וואָס טראָגט דיין נאָמען איז דיר צום ערשטען מאָל געוויזען געוואָרען, האָסטו דאָס דערקענט און צוגעגעבען אַז עס איז דיינע. ווען דער פּאַרמעט וואָס איז איַנעוויי־ניג געלעגען, איז פאַר דיר געלייענט געוואָרען, האָסטו, וואַרשיינליך מיט דער האָפענונג, אַז דאָס קינד וועט קיין מאָל ניט געפונען ווע־רען און דו וועסט זיך קענען ראַטעווען, גאַר ניט געוואָלט זאָגען, די פּאָלגען פון דעם ענטזאָגען זיך צו ענטפערען זענען געווען די מאַ־טערנישען וואָס דו האָסט אויסגעשטאַנען. מען האָט דיר אַ צווייטען מאָל געלייענט דעם אינהאַלט פון דעם פּאַרמעט, וואָס איז אַ דער־קלערונג און אַ וידוי פון דיינע מיטהעלפערס, אַלץ אומזיסט. היינט איז דער פערטער טאָג, דער טאָג וואָס איז געזעצליך באַשטימט גע־וואָרען צו ברייגגען אַלע באַווייזע, האָבען מיר דאָ געבראַכט דעם וואָס איז פאַרלאָזען געוואָרען אויף דעם פּאָרטלאַנדער ברעג דעם 29טען יאַנואַר זעכצעהן הונדערט און ניינציג. די האָפענונג פאַר רע־טונג איז פאַרשוואונדען געוואָרען און דו האָסט דיין שווייגען אונ־טערבראָכען, דו האָסט געגומען רעדען און דערקענט דיין אָפּפער."

דער ליידענדער האָט זיין קאָפּ אויפגעהויבען, געעפענט זיינע אויגען, מיט אַ טאָן וואָס איז געווען אויסערליך רוהיג, האָט ער אָנ־געפאַנגען ריידען:

„איך בין איינגעשוואָרען געוואָרען אין דער געהיימנים, און איך האָב מיין שבועה געהאַלטען אַזוי גוט ווי איך האָב נאָר געקענט. שווייגענדע מענשען זענען געטרייע מענשען, און עהרליכקייט עקזיס־טירט אויך אין גיהנום. היינט איז שוין נוצלאָז צו שווייגען. דערפאַר רעד איך. נו, יע, מיר האָבען דאָס געטהאָן דער קעניג און איך: דער קעניג האָט באַפוילען און איך האָב געטהאָן."

קוקענדיג אויף גווינפּלינען האָט ער צוגעגעבען:

„איצט לאַך, לאַך דיין גאַנצען לעבען."

און ער האָט אַליין אָנגעפאַנגען צו לאַכען.

אָט דער צווייטער געלעכטער, וואָס איז נאָך ווילדער געווען ווי דער ערשטער, איז געווען עהנליך צו אַ קרעכץ.

ער האָט אויפגעהערט צו לאַכען און האָט זיך ווידער אַנידער־געלייגט און פערמאַכט די אויגען.

דער איספּראַוונִיק, וואַרטענדיג ביז ער האָט אויפגעהערט, האָט יעדער גענומען ריידען:

„אַלץ וואָס דאָ איז געזאָגט געוואָרען איז פאַרשריבען געוואָרען."

און דאַן האָט ער פאַרגעזעצט:

„האַרדקוואַנאַן איז איינקלאַנג מיט'ן געזעץ, נאָר דעם ווי מיין ברייגנט אַלע באווייזע און מען לייגט זיי פאַר דיר פאַר און דו ביזט זיך מודה, ווערסטו פון די קייטען באפרייט און לויט דעם ווילען פון איהר מאַיעסטעט ווערסטו געהאַנגען פאַר גנבה."

דער איספּראַוונִיק האָט אוועקגעלייגט דאָס פּאַרמעט אויפ'ן טיש —צוריק גענומען דעם בוקעט בלומען און געזאָגט:

„א סוף צו דער מאַטערניש, האַרדקוואַנאַן, דאַנק איהר מאַי־עסטעט."

ער האָט געמאַכט א צייכען און דער מענש, וואָס איז געגאַנגען אָנגעטהאָן אין לעדער האָט זיך גענומען אַרבייטען.

דער מאַן איז געווען דעם תליון'ס אַרויסהעלפער. ער האָט זיך דערנעהענטערט צו דעם אומגליקליכען, אַראָפּגענומען די שטיינער פון זיין בויך, אויפגעהויבען דעם אייזערנעם טעלער, איצט האָט מען געקענט זעהען זיין פאַרוואונדעטען קערפּער, דאַן אָפּגעבונדען זיינע הענט און פיס פון די פיער שטאַנגען.

דער ליידענדער, א באַפרייטער פון די שטיינער און אָן אָפּ־געבונדענער איז געבליבען ליגען אויסגעצויגען ווי פריהער.

האַרדקוואַנאַן שטעה אויף!"

ער האָט זיך ניט גערוהרט.

דער מענש, אָנגעטהאָן אין לעדער, האָט אָנגענומען זיין האַנט אויפהויבענדיג איהר און אַראָפּגעלאָזען, זי איז אַראָפּגעפאַלען מאַכט־לאָז. די אַנדערע האַנט איז אויך אַזוי געווען, זיינע פיס אויך.

דאַן איז צוגעגאַנגען דער דאָקטאָר, ער האָט פון זיין קעשענע אַרויסגענומען א שטאָלענעם שפּיגעל, דאָס אַריינגעלייגט אין מויל אויפגעהויבען זיינע ברעמען מיט דעם גראָבען פינגער, זיי האָבען זיך צוריק ניט פאַרמאַכט.

דער דאָקטאָר האָט זיך צוריק אויפגעהויבען און געזאָגט:

„ער איז טויט".

און צוגעגעבען:

„דער געלעכטער האָט איהם געטויטעט.“

„קיין אונטערשייד“ האָט דער איספּראַווניק געזאָגט. „נאָך דער ווידוי איז לעבען אָדער טויט א בלויזע פאָרמאַליטעט.“

דאָן אַנווייזענדיג אויף דעם טויטען קערפּער, האָט ער געזאָגט צו דעם וואַפּענטרעגער:

„ביינאַכט זאָל מען דעם קערפּער באַגראָבען.“

דער וואפענטרעגער האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ.

דער איספּראַווניק האָט זיך אומגעקעהרט צו גווינפּעלין, האָט זיך טיף פאַרנייגט און קוקענדיג איהם גלייך אין די אויגען, האָט ער געזאָגט:

„פאר אייך, וואס איהר זייט דאָ, האָבען מיר, פּיליפּ דעניעל פּארסאָן איספּראַווניק פון דעם סורער בעצירק, אַבאַרוו דאָמינאַק מיין אַרויסהעלפער, האָבענדיג דורכגעפיהרט די געזעצען אין זייער באַשטימטער אָרדנונג, אויף א ספּעציעלען באַפעהל פון איהר קייזערליכער מאַיעסטעט, ערקלערען מיר אייך פאר דעם לאָרד פערמיין קלאַנטשאַרלי באַראָן קלענטשאַרלי פון הונקערוויל, מאַרקיז פון קאָרלאָן און סיציליע פּיער פון ענגלאנד, און זאָל גאָט זיין מיט אייער לאָרדשיפּ.“

און ער האָט זיך נאָך אמאָל טיעף פאַרנייגט.

דער דאָקטאָר פון געזעץ, דער דאָקטאָר מעדיצין, דער וואַפּענטרעגער, דער שרייבער און די פּאָליציי, אַלע זיינען אַנוועזענד געווען אויסער דער תליון, האָבען זיך איינער נאָכ'ן אַנדערען טיעף פאַרנייגט פאר גווינפּעלינען וואָס איז נאָך אַלץ געזעסען אויפ'ן שטול.

„אה“, האָט גווינפּעלין אויסגערופען, „וועקט מיר אויף!“.

און ער האָט זיך אויפגעשטעלט טויט בלאַס.

„איך בין טאַקע געקומען אייך בלויז אויפוועקען“ האָט געזאָגט א קול, וואס איז די גאַנצע צייט ניט געהערט געוואָרען.

אַ מאַן איז אַרויס פון א ווינקעל, אזוי ווי קיינער איז אין דעם קעלער ניט אריינגעקומען, נאָך זיי איז געווען זיכער, אז דער מאַן זיצט דאָרט אין דער פינסטער נאָך פון פריהער, און אז ער האָט א רעכט געהאַט דאָרט צו זיצען, אז זיין אויפגאַבע איז געווען צו זיצען דאָ, דער מאַן איז געווען א הויכער פולער, האָט געטראָגען א פּאַרוק

ווי די, וואָס מען טראָגט אין קעניגליכען הויף, ער איז געוועזן עלטער ווי אינגער, ער איז געוועזן זעהר פינקטליך.

ער האָט עלעגאַנט באַגריסט גווינפּלען, מיט דער עלעגאַנץ פון אַ מענש פון קעניגליכען הויף און ניט אַזוי אומגעלומפּערט ווי דער ריכטער.

„יע“, האָט ער געזאָגט, „איך בין אייך געקומען אויפוועקען, פינף און צוואַנציג יאָהר זייט איהר געשלאָפען, איהר האָט געלעבט אין אַ טרוים. איצטער מוזט איהר אויפוואַכען: איהר מיינט, אַז איהר זייט גווינפּלען — איהר זייט קלאַנטשאַרלי. איהר האָט געמיינט איהר זייט פון די נידעריגסטע — איהר זייט פון די עכסטע, איהר האָט געמיינט איהר זייט אַ וואַנדערענדער שפּיעלער און איהר זייט אַ סענאַטאָר, איהר האָט געמיינט אַז איהר זייט אָרעם — איהר זייט רייך, איהר האָט געמיינט אַז איהר זייט קליין — איהר זייט גרויס, ערוואַכט מיין לאָרד!“

גווינפּלען האָט אַרויסגעמורמעלט פול מיט שרעק:

„וואָס מיינט דאָס אַלץ?“

„עס מיינט, מיין לאָרד“, האָט דער גרויסער מאַן געענטפערט, „אַז איך בין פון דער אַדמיראַליטעט וואו די פלאַש איז געבראַכט געוואָרען, נאָך דעם ווי זי איז געפונען געוואָרען ביי דעם ברעג ים, אַז איך האָב דאָס אויפגעעפענט פאַר צוויי געשוואָרענע עדות פון דער יעסטאַם אַבטיילונג אין דער אַדמיראַליטעט, וואָס זענען אויך מיטגלידער פון פּאַרלאַמענט, די הערען ווילהעלעם בלאַטוואָונד פון דער שטאָט בונט און טאָמאַס זשערווים פון סאָוטעמפּטאָן. אַז די צוויי עדות האָבען באַשטעטיגט מיינע דערקלעהרונגען וועגען דער געפונענער פלאַש, ווען איך האָב געמאַכט מיין רעפּאָרט פאַר דער קעניגען. אויף דעם באַפעהל פון דער קעניגען, ווערט איהר, נאָך דעם ווי מען מאַכט דורך די אַלע פאָרמאַליטעטען, לאָרד, מיט אַן איינקונפט פון פערציג טויזענד פונט שטערלינג יעהרליך; עס מיינט אויך, אַז איהר פאַרנעמט די שטעלע פון געזעץ-מאַכער און ריכטער, אייער רעכט איז דאָס רעכט פון אַ פּרינץ, און אַז איהר וועט אין גיכען הייראַטען אַ הערצאָגין, די טאָכטער פון אַ קעניג.

גווינפּלען האָט גע'חלש'ט.

# 8טער קאַפּיטעל.

דאָס אַלץ איז אַרויסגעקומען דערפון וואָס אַ סאָלדאַט האָט געפונען אַ פלאַש ביים ברעג פון ים.

מיר וועלען דאָ דערקלעהרען ווי דאָס האָט פּאַסירט.

איין טאָג האָט איינער פון די פיער סאָלדאַטען וואָס שטעהען ביים שלאָס פון גלאַשאַר, געפונען אַ פלאַש, באַגראַבען אין זאַמד, ביים ברעג פון ים. דער סאָלדאַט האָט די פלאַש געבראַכט צו זיין אָפיצער, און דער אָפיצער האָט דאָס איבערגעשיקט צו דעם אַדמיראַל פון ענגלאַנד, מיר זאָגען צו דעם אַדמיראַל — מיר מיינען אָבער צו דער אַדמיראַליטעט. די שטעלע פאַר געפונענע זאַכען פון דעם ים האָט פאַרנומען באַרקילפעדראַ, ער האָט אויפגעעפענט די פלאַש און איהר געבראַכט צו דער קעניגין. מען האָט גלייך געלאָזען וויסען דערפון צוויי יוריסטען און מען האָט זיך מיט זיי באַראַטען. עס איז געווען אַ פראַגע פון צוריקזעצען אַ פּיער. גראַף לאַנגערוויל האָט געזאָגט אַז: מיט דעם פּולסטען דורך־אַרץ פאַר דער ענגלישער קאָנסטיטוציע, דאָס צוריק זעצען אַ פּיער, איז אָבער וויכטיגער ווי דאָס צוריקזעצען אַ קעניג." מען האָט גלייך גענומען זוכען גווינפּעלינען. און עס איז ניט אָנגעקומען שווער איהם צו געפינען. זיין נאָמען האָבען אַלע געוואוסט. האַרדקוואַנאַנען האָט מען אויך גלייך געפונען, ער האָט נאָך געלעבט: אין טורמע ווערט אַ מענש צופוילט, אָבער ער שטאַרבט ניט. מענשען וואָס ליגען אין פעסטונג קענען אויסלעבען אַ גאַנצען לעבען. האַרדקוואַנאָ איז נאָך געלעגען אין דער געפיינגנים. זיי האָבען איהם בלויז געדאַרפט אַריבערפיהרען קיין לאָנדאָן, אין דער זעלבער צייט האָט מען נאָכגעפרעגט אין דער שווייץ, און עס האָט זיך אַרויסגעלאָזען אַז אַלץ וואָס שטעהט אין פּאַרמעט איז אמת: מען האָט דאָרטען געפונען דעם טויטען־שיין ביי דעם באַאַמטען פון יענער שטעטעל, פון דעם פאַרשטאָרבענעם פאַטער און מוטער. די אַלע זאַכען זענען דורכגעפיהרט געוואָרען שטריינג, בסוד, און ווי מען האָט דאָס דאָן אָנגערופען „קעניגליכער פּינקטליכקייט."

די לאטייניישע ווערטער Jussu regis און די אונטערשריפט זעשפרים זענען באשטעטיגט געווארען פאר יעדען איינעם וואס האט געמאכט א פאטאלאגישע סטודיום פון אזעלכע פעלע, וואס ווערט געוועהנליך אנגערופען: „גוטער פערגעניגען". זענען די ווערטער אין לאטיין געווען גאנץ קלאר. פאר וואס האט דזשיימס דער צווייטער איבערגעלאזענע אזעלכע געשריבענע באווייזע און ניט מורא געהאט קאמפראמיטירט צו ווערען? דער ענטפער איז ציניזם, גלייכגילטיגקייט און חוצפה, אה! איהר מיינט אז נאר פרויען האבען חוצפה? דער קעניגליכער הויף אויך. די גאנצע געשיכטע באשטעהט אין ערפינדען ליגענס און זיי צובלאזען. דער קעניג האנדעלט ווי א פארברעכער. מען וויל זיך באהאלטען פון געריכט, ווי מען וויל זיך באהאלטען פון דער פאליציי, מען וואלט זיך שטארק פארוואנדערט ווען מען וואלט געכאפט געווארען, א סך מענשען זענען איבערגעכאפט געווארען. קוקט זיך איין אויף מיין האנט, זעהט דעם צייכען: א טעמפעל פון ליעבע און א פלאמענדע הארץ דורכגעשטאכען מיט א מעסער: איך בין לאסעגייר. קוקט Jussu regis איך בין דזשיימס דער צווייטער, עס זענען דא טיראנען וואס באהאלטען זיך ווי טיבערוסי און טיראנען וואס באריהמען זיך ווי פיליפ דער צווייטער, דזשיימס דער צווייטער איז געווען ווי פיליפ דער צווייטער, ער האט געפיהרט ווי עס איז גוט באוואוסט א פרעהליכען און אפענעם לעבען, ער איז געווען א גוטמוטיגער טיגער, ער איז געווען א מאנסטער פון גאטס גענאדען, עס איז גרוים און קעניגליך זיך אונטערצושרייבען אויף א פארברעכען.

יעדער פארברעכען וואס ווערט באגאנגען איז א חוב וואס מען איז שולדיג גאט דעם חוב, דארף מען שוין באצאהלען.

קעניגען אננא איז אויף אזוי ווייט ניט קיין פרוי אויף וויפיעל זי קען האלטען א סוד, זי האט געבעטען דעם לארד קאנצלער א רעפארט, און האט דאס כאראקטעריזירט ווי „א רעפארט אין דעם קעניגליכען אויער". אזעלכע רעפארטען גיט מען אפט אפ אין מאנארכים. דאס הייסט אז קיינער אויסער דער קעניגליכער אויער דארף איהם ניט הערען, און וויעז איז אפילו געווען „א געקאנצלער פון דעם אויער."

ווילהעלעם, באַראָן קאַפּער, קאַנצלער פון ענגלאַנד, וועמען די קעניגען האָט געטרויט, ווייל ער איז געווען אַזוי קורצזיכטיג ווי זי אליין, און אפילו נאָך מעהר. ער האָט אויפגעשריעבען א פּראָטאָקאָל וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט די ווערטער: „צוויי פויגלען וואָס האָבען געקענט אלע שפּראַכען, און אַן אַדלער וואָס האָט מיט זיינע פליגלען געקענט פאַרדעקען א טאָהל, וואו עס זיינען געווען צוואַנ־ציג טויזענד מענשען, האָבען שטענדיג געוואַרט אויף א באַפעהל פון שלמה המלך, אויף דעם זעלבען אופן אונטער אַן אַנדער פאָרמע...״ א. אַז. וו. דער לאָרד קאַנצלער האָט געמאָלדען פון דעם פאַקט וועגען דעם יורש פון א פּיער וואָס איז גע׳גנב׳עט געוואָרען און איצט איז ער צוריק געפונען געוואָרען. ער האָט ניט באַשולדיגט דעם קעניג דזשיימס דעם צווייטען, וואָס איז געווען דער פאַטער פון דער קע־ניגין. ער האָט אפילו געבראַכט באַווייזע אַז מען מעג דאָס טהאָן: צווישען אַנדערע איז געווען דער ווערטעל פון קעניג דזשיימס דעם ערשטען. „לעבען און אברים פון די אונטערטאַנען באַלאַנגען צו דעם קעניג.״ די זעלבע זאַך האָט שוין טשעמבערלין אויך באַוויזען. מען האָט אַרויסגענומען די אויגען פון פירסטען צוליעב דער טובה פון דער קעניגרייך. אַנדערע אַריסטאָקראַטען האָט מען געשטיקט צווישען צוויי מאַטראַצען, און שטיקען איז ערגער ווי צו קרימען. דער קעניג פון טוניס האָט אַרויסגענומען די אויגען פון זיין אייגענעם פאַטער, און זיינע אַמבאַסאַדאַרען זיינען אויפגענומען געוואָרען פון די קעני־גע אַזוי ווי קיין זאַך וואָלט ניט פּאַסירט: דער קעניג באַפעהלט אָפּ־צונעמען אַן אבר ווי ער באַפעלט צוצונעמען א מדינה. „ס׳איז גע־זעצליך א. אַז. וו. אבער די געזעצליכקייט שאַדטע ניט די צווייטע: „אויב דער דערטרונקענער קומט אַרויף אויף דער אויבערפלעך פון וואַ־סער, און ער לעבט נאָך. איז דאָס א באַווייז אַז גאָט פאַריכט די טהאָט פון דעם קעניג. אויב דער יורש ווערט געפונען זאָל ער צוריק קריגען זיין טיטול״. אַזוי האָט מען געטאָן מיט לאָרד אַללאַ דעם קעניג פון נאָרטאַמבריא, אַזוי מוז דאָס געטאָן ווערען צו גווינפּעלינען, ער איז אויך א קעניג, דאָס הייסט א לאָרד. די פּראַסטקייט פון דער אַרבייט וואָס מען קען ניט ערנידעריגען א לאָרד, זעהט אבראַלאַנים, וואָס איז א קעניג געווען ווי אויך א גערטנער, זעהט, יאָזעף, וואָס איז א הייליגער געווען און איז דערזעלבער צייט א סטאָליאַר, אַפּאָלאָ איז

געוועז א גאָט און אויך א פּאסטור. קורץ מעז דארף איהם צוריק אָפּ־געבען זיין טיטול און נאָמען. „אויף דער איינציגער באדינגונג: מען זאָל איהם צוזאמען ברייננגען מיט דעם הארדקוואנאן און ער זאָל איהם דערקענען“. און דערמיט האָט דער קאנצלער, דער קאָנסטיטוציאָנעלער היטער פון דעם קעניגליכען געוויסען, בארוהיגט דעם געוויסען פון דער קעניגין. דער לאָרד קאנצלער האָט אויך צוגעשטעלט אז אויב דער הארדקוואנאן וועט זיך ענטזאגען צו ענטפערען זאָל מען איהם מאַ־טערען פאר דריי טעג און דעם פערטען זיי צוזאמענברייינגען, ווי דער געזעץ פאָדערט, וואָס האָט די אונבאקוועמליכקייט פון דעם וואָס דער פארמשפּט׳ער קען נאך שטארבען דעם דריטען, אָבער געזעץ איז גע־זעץ און מען מוז איהם אויספאָלגען ווען אפילו ער האָט אונבאקוועמ־ליכקייטען.

קיינער האָט אָבער ניט געצווייפעלט אז הארדקוואנאן וועט דער־קענען גווינפּעלינען.

אננא, וואָס האָט שוין גענוג געוואוסט ווי גווינפּעלין זעהט אויס, האָט ניט וועלענדיג שאדען איהר שוועסטער, אויף וועמעס נאָמען עס איז איבערגעשריבען געווארען קלאנטשארלים גאנצער פארמעגען, איז געפאלען אויף דעם גליקליכען געדאנק, זיי חתונה מאכען: די הער־צאָגין זשאָרזיאנא זאָל חתונה האָבען מיט דעם נייעם לאָרד.

צו מאַכען גווינפּעלינען פאר א לאָרד איז געווען ניט שווער ער איז געווען דער געזעצליכער און איינציגער זון פון לאָרד ליניי קלאנט־שארלי. די איינציגע זאך וואָס מען דאַרף טאָן איז צו קריגען די צו־שטימונג פון דער הויז פון לאָרדען, די אויבערשטע פּאלאַטע פון פּאר־לאַמענט, אויף דעם זענען דאָ גענוג פּרעצידענטען. מען דארף ניט געהן ווייט, אין דעם יאהר 1782 האָט עליזאבעט פערי געפאָדערט דעם טיטול בּאראן און סידניי האָט איהם געקראָגען אין 1798, איז געוועז אזא פאל מיט׳ן באראן פון בימאנט, דעם טיטול האָט דאן גע־פאָדערט טאמאס סטייפּעלטאן; אין 1803 האָט דער גייסטליכער טימ־וועל ברידזשעס געפאָדערט דעם טיטול פון באראן טשאנדאס; אין 1813 איז דאָס פירענטום געפאָדערט געווארען פון ליטונאנט־גענעראל קנאלים און דאָס האָט באלאנגט צו באנבורי און נאך, און נאך. אָבער אין אונזער פאל איז ניטאָ אזוי פיעל פארדרייעניש, קיינער פאָדערט ניט דעם מיטיל, ער איז דער געזעצליכער יורש און זיין רעכט איז

קלאָר פאר אלעמען, עס איז גאָר קיין פראגע ניט צו די הויז אף לאָרדס וועט אזא זאך ערלויבען, די קעניגין, געהאָלפען פון דעם קאנצלער וועט איהם אנערקענען און די הויז וועט צושטימען.

בארקילפעדרא האָט אלע ארבייטען געטאָן.

א דאנק איהם איז אלץ געטאָן געווארען בסוד, עס איז אזוי אפגעהיט געווארען אז ניט זשארזיאנא און ניט לאָרד דעוויד האבען פון עטוואס געוואוסט. זשארזיאנא איז געווען אזוי שטאָלץ אז מען האָט צו איהר ניט געקענט צוקומען, און דערפאר איז געווען לייכט איהר ניט צו דערצעהלען וועגען דעם. און לאָרד דעוויד, איהם האָט מען אוועקגעשיקט אויפ׳ן ים ניט ווייט פון פלאַנדרעס. ער האָט באַלד געדארפט פארלירען זיין רעכט אויפ׳ן טיטול און האָט פון קיין זאך ניט געוואוסט. מיר וועלען דאָ ערקלערען אן אינצידענט. עס האָט פאַסירט אז ניט ווייט פון דער פלאָטע סטאנציע וואָס איז קאָמאַנ־דירט געווארען פון לאָרד דעוויד האָט אן אָפיצער מיט׳ן נאָמען קייל־בורטאָן, אטאַקירט די פראנצויזישע פלאָטע. דערפאר האָט איהם לאָרד פעמברוק געוואָלט געבען א העכערע שטעלע, ער האָט רעקאָמענדירט מען זאָל איהם געבען די שטעלע פון אדמיראל, האָט אננא אויסגע־מעקט דעם נאָמען קייל־בורטאָן. און אויף זיין אָרט צוגעשריבען לאָרד דעוויד דירי מואר, ער זאָל אזוי פיעל ניט ליידען פון דעם פארלוסט.

אננא איז געווען צופרידען; אז אפשטויסענדען מאַן פאר איהר שוועסטער און א גוטע שטעלע פאר לאָרד דעוויד׳ן.

איהר מאַיעסטעט האָט געטראַכט אז נאָכאַלעמען טוט זי א גוטע זאך, זי פאריכט דעם פעהלער פון איהר געהערטען פאָטער, זי גיט צוריק איינעם זיין טיטול, זי טוט דאָס דערפאר וואָס זי איז א גרויסע קעניגין, אז זי טוט גוטעס לויט דעם ווילען פון גאָט און ז. וו.

נאָך אלעמען, איז פאר דער קעניגין געווען גענוג צו וויסען אז איהר שוועסטער וועט האבען אזא מאַן, וואָס פאר א סאָרט מאַן ער איז, פארוואָס ער איז אפשטויסענד האָט בארקילפעדרא ניט געזאָגט דער קעניגין און איהר האָט ניט געפאסט איהם צו פרעגען.

קעניגליכער שטאָלץ. אבער וואָס איז דער אונטערשייד? די הויז אף לאָרדס וועט זיין דאנקבאר, דער לאָרד קאנצלער האָט גערעדט, ער איז איהר פאַרשטעהער. צוריק צו געבען איין פּיער זיין טיטול,

האָט געמיינט צוריקצוגעבן א גאנצען פיערענטום, די קעניגין איז אויף דעם אופן, א גוטע באשיצערין. דאָס האָט אננא געטראכט, אָבער איהר הויפט צוועק איז געווען, דער גרויסער ווייבליכער און קעניגליכער צוועק, זיך צופרידען צו שטעלען.

די קעניגין איז דאן געווען אין ווינדזאָר, דאָס הייסט, גאנץ ווייט פון די אינטריגען פון הויף. נאר די דורכאויס נויטיגע מענשען זענען ערלויבט געווען צו וויסען דעם סוד, און וואָס עס קומט פאָר.

און בארקילפעדרא איז געווען פול מיט פרייד, ער איז געווען אזוי צופרידען אז ווען מען האָט אויף איהם א קוק געטאָן, האָט מען דאָס גלייך באמערקט.

דער געפיהל וואָס קען ווערען דער מיואסטער אין דער וועלט איז דער געפיהל פון פרייד.

ער האָט געהאט דעם פארגעניגען צו זיין דער ערשטער וואָס האָט געהאלטען הארדקוואנאנס פלאַש אין האנט. ער איז געווען אביסעל פארוואונדערט — ערשטוינט איז די כאראקטעריסטיק פון א קליי־ניקען מענשעלע — דאָס האָט איהם, אָבער געקומט, עס האָט איהם געקומט דערפאר וואָס ער האָט אזוי לאַנג געוואַרט אויף דער געלע־גענהייט. ער האָט געוואַרט, עפּעס האָט דאך געמוזט פּאסירען.

אין דער אמת'ן איז ער געווען ערשטוינט, אויב אימיצער וואלט איהם דאן געקענט זעהען, וואלט ער געזעהען אז פונקט דאן האָט ער אנגעהויבען צווייפלען צו עס איז פאר איהם מעגליך עפּעס צו טאָן. ער א קליינליכער פיינד זאָל קענען שאדען אַט דער גרויסער הערצאָגין, ער איז שוין געקומען צו דעם שטאַפּעל וואו מען פארלירט אלע האפּע־נונגען, און דערפאר איז ער אזוי ערשטוינט געוואָרען. ער האָט זיך אליין ניט געוואָלט גלויבען אז די צייט, זיין צייט איז שוין געקומען, איצט זאָל ער דאָס אַפּלאָזען? זיין האָס וועט ווערען ווי א מעסער אין א מוזעאום, נוצלאָז און ער אליין נאָך נידעריגער ווי ער איז.

ניין, איצטער קען ער דאס ניט אויפגעבען, די איינציגע געלע־גענהייט איז זיין לעבען, ער האָט צוגערופען א פּאָר עדות און האָט פאר זיי איבערגלעייענט וואָס אויף דעם פּארמעט איז אנגעשריבען, און איז געגאנגען צו דער קעניגין.

זאָל דער לעזער זיך פאָרשטעלען זיין פרייד.

עס איז מאָדנע וואָס דער ים, דער ווינט, פלום און אַפּלום, דער

שטורעם, די רוהיגקייט קענען אזוי גליקליך מאַכען א פארברעכערישען מענשען. די באוועגונגען פון ים האָט אָנגעהאלטען די גאַנצע צייט. פּופּצעהן יאָהר האָט דער ים געוואָרפען און געשליידערט די פלאַש, די כוואַליעס האָבען איהר איבערגעוואָרפען איינע צו די אַנדערע. די שטיינער האָבען אויסגעמידען צו טרעפען דער גלאָז, די פלאַש איז ניט צושפּאָלטען געוואָרען, די וואַקס ניט צורונען. דער נאָמען הארדקוואַנאָן ניט אפּגעריבען געוואָרען, פייכטקייט האָט ניט אָפּגעמעקט די שריפט פון דעם פּאַרמעט. ווי דער אַפּגרונט האָט אָפּגעהיט די פלאַש! אויף דעם אופן האָט דאָס וואָס געראַרדוס האָט אַריינגעוואָרפען אין ים, אָנגעקומען צו באַרקילפעדראַ, דאָס וואָס האָט באַאָבזיכטעט צו טאָן גוטס איז אָנגעקומען צום טייפעל. די אונענדליכקייט האָט פאַראַטען דעם צוטרויען, און די מאָדנע איראָני, דאָס פאַרלאָזענע קינד, גווינפּלין ווערט לאָרד קלאַנטשארלי, נאָך אמאָל, אבער אַרויסצוריי־סען דעם אָפּפער פון דזשיימס דעם צווייטען איז ער אַריינגעפאַלען אין די הענט פון באַרקילפעדראַ, אויפצוהויבען גווינפּלינען האָט מען ערנידעריגט זשאַרזיאַנאַן, באַרקילפעדראַ האָט געזיעגט, דערפאַר האָט דער ים אַזוי פיעל יאָהרען געוואָרפען, געשליידערט, זיך געטראָגען איבער אַלע שטורמען מיט דער פלאַש וואו אַזוי פיעל מענשליכע שיק־זאַלען זענען געלעגען! די אייביגקייט האָט אַזעלכע מאָדנע קאַפּריזען.

באַרקילפעדראַ איז מיט אמאָל געוואָרען שטאָלץ, ער האָט געזאָגט צו זיך אליין אַז דאָס איז אַלץ געטאָן געוואָרען פאַר איהם. ער האָט געפיהלט ווי דער מיטען און דער סוף.

ער האָט א טעות געהאַט, דאָס איז ניט געווען דער צוועק פון וועלכען באַרקילפעדראַ׳ס האַס האָט פּראָפיטירט, דער ים איז געוואָרען א פאָטער און מוטער צו דעם יתום, האָט געשיקט דעם שטורעם אויף זיינע מערדער, און טויטען זיי וואָס האָבען איהם געוואָלט טויטען; האָט פון זיי גאָר ניט געוואָלט נעמען אויסער די וידוי, דער שטורעם האָט ווי אָפּזיכטליך געוואַרט ביז די וידוי איז אויפגעשריבען געוואָרען, דאַן האָט ער זיי צושטערט, די פלאַש איז אָפּגעהיט געוואָרען, און דער פאַרברעכען פון קעניג ווערט אָפּגעווישט. גווינפּלין ווערט צוריק פיער, דאָס האָט באַרקילפעדראַ ניט געזעהען, ער האָט צו זיך ניט געזאָגט אַז דאָס איז אַלץ געטאָן געוואָרען פאַר גווינפּע־לינען, ער האָט געזאָגט אַז דאָס איז אַלץ געטאָן געוואָרען פאַר באַר־

קילפעדרא, און אז אזוי האט דאס טאקע געדארפט זיין. אזוי האט דער טייפעל געטראכט.

אום ערשטווינט צו זיין וואס אזא שוואכע גלעזערנע פלאש קען ליגען אין ים פופצעהן יאהר און זי זאל ניט צובראכען ווערען, דארף מען זיין אביסעל באקאנט מיט דער אײַדעלקייט פון ים. דער ים היט אפ זאכען פאר צעהנדליגע און אפילו הונדערטער יאהרען. אין 1867 האט א פישערמאן פון פארט לואיס געפונען אויף די שטיינער פון דעם אינזעל לע־גראיט אן אלטע רוימישע שיף פון דעם פערטען יאהרהונדערט, באדעקט מיט מאך פון דעם ים. די שיף איז געשוואומען אויפ'ן וואסער פופצעהן הונדערט יאהר.

בארקילפעדרא האט זיך געפרעהט, איצט האט ער די ריכטיגע געלעגענהייט; איצט, האט ער געמיינט, קען ער טאן וואס ער וויל; איצט דארף ער ניט פארלירען זיין פארשטאנד און איינס ביי איינס אויפקלייבען די פאקטען און ער וועט האבען זיין ראכע.

גווינפעלין, ער האט געוואוסט דעם נאמען, די לאכעדיגע מאסקע, ער האט איהם אויך געזעהען, ווי די גאנצע וועלט. ער האט געלייענט די פלאקארדע וואס איז געהאנגען אויף דער טאדקאסטער קרעטשמע. ער דערמאנט זיך דאס מיט אלע איינצעלהייטען. ער קען דאס נאך אמאל איבערקוקען, די פלאקארדע איז געשטאנען פאר זיינע אינער־ליכע אויגען, האט זיך אוועקגעשטעלט ביים זייט פון דער שטיק פאר־מעט, ער האט געזעהען די דערטרונקענע מענשען, די פלאקארדע האט געהאט דעם אויפשריפט, „דא קאן מען זעהען גווינפעלינען, פארלאזען ווער ער איז צעהן יאהר אלט געווען אין דער נאכט פון דעם ניין און צוואנציגסטען יאנואר 1690, אויף דעם פארטלאנדער ברעג". ער האט איהם געזעהען, דא קומט דער סוף פון זשארזיאנא'ס שטאלץ. א פלוצ־לינגער קלאפ. דאס פארלארענע קינד איז געפונען געווארען. ער איז לארד קלאנטשארלי, דעוויד דירי מואר איז גארניט, דער טיטול, רייכ־טום, מאכט, אלץ פארלירט ער מיט אמאל, און גווינפעלין וועט דאס קריגען אלע שלעסער. פאלאצען, קארעטען, וועלדער, אלץ אריינגע־רעכענט זשארזיאנאן, און זשארזיאנא, וואס וועט זי איצטער טאן? גרוים און שטאלץ ווי זי איז, מיט א וואנדערענדען פאיאץ, שעהן און צערטליך מיט א מאנסטער. ווער האט געקענט האפען אויף אזוי פיעל? דער אמת איז אז בארקילפעדרא איז געוועזן צו ענטהוזיאסטיש.

זיין גאַנצער האַס איז אויסגעדריקט געוואָרען. ער האָט געהאַלטען אַלע זיינע פריהערדיגע חלומות און ערוואַרטונגען פאַר נאַריש, איצט האָט ער עטוואָס וואָס ער האָט זיך אפילו ניט געוואונשען.

טראָץ דעם אַלעמען וואָלט באַרקילפעדראַ געוואָלט אַז אימיצער אַנדערש זאָל דאָס דורכפיהרען פאַר איהם, און ער זאָל גאָרניט ווי־סען, ער קען זיך אָבער ניט העלפען, ער מוז דאָס טאָן אַלץ אַליין. עס זענען דאָ אַזעלכע אינסעקטען, וואָס פאַרגיפטענדיג יענעם שטאַר־בען זיי אַליין אויך, אַזאַ וואָרים איז באַרקילפעדראַ געווען.

פון דעם פאַל אָבער קען ער אַ סך געווינען. לאָרד דעוויד איז איהם גאָר ניט שולדיג און לאָרד פערמיין וועט איהם אַלץ זיין שול־דיג. ער איז זיין פראַטעזשי, זיין פאַרטיידיגער. אַ פאַרטיידיגער פון אַ ענגלישען פיער. ער וועט האָבען אַ לאָרד פאַר זיך אַליין, ער וועט זיין זיין וועגווייזער. און דער לאָרד וועט זיין דער קעניגס אַ שוואָ־גער, זייענדיג אַזוי מיאוס, וועט די קעניגין זיין אַזוי צופרידען מיט איהם, ווי דזשאַרזיאַנאַ אונצופרידען טוענדיג דאָס פאַר איהם און נאָך איצטער געבען איהם גוטע באַשיידענע קליידער. ווי עס פאַסט פאַר אַזאַ לאָרד, וועט באַרקילפעדראַ ווערען אַן אָנגעזעהענער מענש. ער האָט אַלע מאָל ליעב געהאַט די קירכע, איצט האָט ער געוואָלט ווערען אַ ביסקופ.

דערווייליע איז ער געווען גליקליך. וואָס פאַר אַ גרויסען ער־פאָלג, ווי פיין די אומשטענדען האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען, זיין ראַכע (אַזוי האָט ער דאָס אָנגערופען). איז אָפּגעהיט געוואָרען, פאַר איהם, ביי דעם ים. ער האָט ניט געוואַרט אומזיסט. זשאַרזיאַנאַ וועט ליידען, זי האָט איהם געטראָטען מיט די פיס, אָבער איצטער?...

ער איז געווען באַקאַנט מיט דער קונסט וואָס מען רופט: סוגי־עסטאָן, וואָס באַשטעהט אין דעם קענען איבערגעבען אָהן ווערטער יענעם געדאַנק, וועלכען איך וויל און קענען אַרויסנעמען ביי איהם וואָס ער טראַכט, דאָס ווערט געטאָן האַלטענדיג זיך פון דערווייטען און מאַכען דעם איינדרוק אַז ער מישט זיך ניט אין יענעמס געשעפ־טען, אויף דעם אופן האָט ער געמאַכט אַז זשאַרזיאַנאַ זאָל געהן צו דער פאַרשטעלונג פון דעם גרינעם קאַסטען און זעהען גווינפּעלינען. דאָס וועט ניט שאַדען, זי וועט זעהען דעם פּאַיאַץ אין זיין גאַנצער העסליכקייט. שפּעטער וועט זיי שוין זיין צוגעוואוינט צו איהם.

ער האט שטילערהייט אלץ פארבערייטעט, ער האט געוואלט אז אלץ זאל געטאן ווערן צופעליג, וואס ער האט געפלאנעוועט קען אויסגעדריקט ווערן מיט די ווערטער: צוגרייטען א דונער.

ווען ער האט די ערשטע פארבערייטונגען געמאכט, האט ער זיך גענומען צו די גוזעצליכע פארמאליטעטען. דער סוד האט דערפון גארניט געליטען, צו האלטען א געהיימניס איז א טייל פון די געזעצען.

גווינפעלין און הארדקוואנאן זענען צוזאמענגעפיהרט געווארען. בארקילפעדרא איז אנוועזענד געווען, דער לעזער האט שוין געזעהען וואס דארט איז פארגעקומען.

דעם זעלבען טאג איז אנגעקומען דער קעניגינס א קארעטע קיין לאנדאן צו ברענגען זשארזשיאנאן קיין ווינדזאר, וואו אננא האט זיך אין יענער צייט אויפגעהאלטען. זשארזיאנא, צוליב א פערזענליכע אנגעלעגענהייט, וואלט איהר ניט געפאלגט, אדער ווענינסטענס אפגעהאלטען די רייזע אויף א פאר טעג, אבער דער לעבען אין קעניגליכען הויף ערלויבט ניט אזעלכע אונגעהארכזאמקייטען, האט זי איהר געפאלגט און פארלאזען לאנדאן, און געקומען אין איהר פאלאץ אין ווינדזאר.

די הערצאגין זשארזיאנא איז אוועקגעפאהרען פון לאנדאן, אין דעם זעלבען מאמענט, ווען דער וואפענטרעגער איז אנגעקומען אין דער טאדקאסטער קרעטשמע צו רופען גווינפעלינען און פיהרען איהם אין סאוטוואקער טורמע.

ווען זי איז אנגעקומען אין ווינדזאר, האט איהר דער אונטערפיהרער פון דעם שווארצען שטאנג, דער וואס היט דעם אריינגאנג אין איהרע פריוואט צימערען, געלאזט וויסען אז די קעניגין איז איצט פארנומען מיט׳ן לארד קאנצלער און וועט איהר אויפנעמען מארגען, און אז זי מיז דערפאר בלייבען אין איהר פאלאץ און ווארטען אויף איהר, און אז מארגען גאנץ פריה וועט זי איהר שיקען איהרע באפעלע. זשארזיאנא איז געקומען אהיים אונצופרידען, שלעכט געשטימט און מיט א קאפ וועהטאג, האט אלע איהרע דינער אוועקגעשיקט אויסער איהר פאזש, און דאן איהם אויך אוועקגעשיקט און איז געגאנגען שלאפען ווען עס איז נאך געווען ליכטיג.

אַנקומענדיג האָט זי ערפאהרען, אז לארד דעוויד ווערט ערוואר־טעט אין ווינדזאר דעם זעלבען טאָג, ער האָט ערהאַלטען א באפעהל, זייענדיג אויפ'ן ים אז ער זאָל גלייך קומען.

---

# 9טער קאפיטעל.

ווען א מענש חלש'ט, אפילו דער שטארקסטער און ענערגישסטער פון א פּלוצלונדיגע נייעס וואָס מען זאָגט איהם אַז איז זיך ניטאָ וואָס צו וואונדערען. ער איז ווי א מענש וואָס האָט געקראָגען א זעץ מיט א האמער אונערוואַרטעט. פרענסים ד'אלבעסקא, דער זעלבער וואָס האָט ארויסגעריסען די אייזערנע קייטען פון דעם טערקישען האפען, איז א גאנצען טאָג געלעגען באוואוסטלאָז ווען מען האָט איהם אנגעזאָגט אז ער ווערט פּאַפּסט. און פון קארדינאל ביז ווערען א פּאַפּסט איז ניט אזא גרויסער שפּרונג, ווי פון א פּאַיאַץ צו ווערען א לאָרד.

קיין זאך איז ניט אזוי געפערליך ווי פארלירען די גלייכגעוויכט.

ווען גווינפּלען האָט זיך אויפגעכאפּט, און געעפענט זיינע אייגען איז ער געזעסען אין א פּאָטער־שטול אין מיטען פון א גרויסען צימער. ס'איז שוין געווען פינסטער, דער גאנצער צימער איז געווען באהאנגען מיט פורפורנע וועלוועט. ניט ווייט פון איהם איז געשטאַנען א מאַן מיט א נאקעטע קאָפּ און א גרויסען בויך אין א רייזע־מאנטעל, עס איז געווען דער זעלבער וואָס איז ארויסגעקומען פון דער פינסטער ווען ער איז געווען אין געפענגעניס. זיי ביידע זענען גע־ווען די איינציגע צוויי מענשען אין צימער, אויסציהענדיג זיין האנט האָט ער געקענט אנריהרען צוויי טישען אויף ביידע זייטען פון דעם שטול, אויף יעדען טיש איז געשטאַנען א קאנדעלאבערא מיט זעקס אנ־געצונדענע וואקסענע ליכט, אויף איין טיש איז געלעגען פּאַפּירען און

א קעסטעל, איפ'ן צווייטען, קאלטע שפייז; א קאלטע פויגעל, וויין און שנאפס אויף א זילבערנער טאץ.

דורך די שויבען פון א גרויסען פענסטער וואס האט זיך געצייגען פון דיל ביז'ן באלקען האט מען געקענט זעהען דעם קלארען אפריל הימעל און א לבנה וואס האט באשיינט א גרויסען האלב רונדען הויף און א געביידע וואס האט געהאט דריי אריינגאנגען, יעדער איי־נער מיט א טיר, אין מיטען א גרויסער טויער פאר קארעטען. צו ־ער רעכטער זייט א שמאלער דורכגאנג פאר פערד און פון דער לינקער פאר דורכגעהער. די הענטלעך פון די דריי טויערען זענען געווען פון גאלד. איבער דעם מיטעלסטען טויער איז געווען א גרויסע פיגור, סקולפטור ארבייט, די ווייסע זיילען זענען ווארשיינליך געווען פון מארמאר און זיי האבען געמאכט דעם איינדרוק פון שניי, גרויסע באלסיטראדען האבען זיך געצויגען אין דער הויך באצייכענענדיג טרעפ פון אויבען האט מען געקענט זעהען א גרויסען ארכטיעקטארישען בארג, צוליעב דער פינסטערניש האט מען ניט געקענט זעהען פינקט־ליך וואס דאס איז.

אין דעם צימער וואו גווינפעלין איז געזעסען, געגען פענסטער האט מען געזעהען א גרויסען קאמין וואס האט זיך געצויגען די גאנצע הויך פון דער וואנט און אויף דער צווייטער זייט איז געווען א פעא־דאלע בעט צי וועלכער מען קען צוקומען מיט א לייטער און וואו מען קען שלאפען אין דער ברייט. א רייע פאטער שטולען זענען געשטא־נען ביים וואנט, און א רייע פון פראסטע שטולען פאר זיי, דאס איז געווען די גאנצע מעבעל פון דעם צימער, א פייער פון האלץ האט דעם צימער באווארעמט, דער צימער איז געווען אזא גרויסער אז די צוויי קאנדילאברעס האבען איהם ניט באלויכטען. דא און דארטען זענען געהאנגען פארהאנגען וואס האבען זיך געוויגט. א באוויין אז דארטען זענען דא נאך צימערן. אלץ איז געווען אויסגעשטאטען אין דעם סטיל פון דזשיימס דעם ערשטען.

א ווילדער וואס ווערט מיט אמאל א ציוויליזירטער מענש איז כמעט אזוי אונרוהיג אין א פאלאץ ווי אין א טורמע. דער גרויסער צימער האט גווינפעלינען אונרוהיג געמאכט. די רייכטום האט איהם דערשראקען. ווער וואוינט אין אזא וואונדערבארע געביידע? צו וועמען באלאנגט דער גלאנץ? וועלכער לייב וואוינט דא? גווינפעלין

וואָס איז נאָך אינגאַנצען וואָך ניט געווען, האָט געפיהלט ווי די האַרץ פאַלט אין איהם איין.

„וואו בין איך?" האָט ער געפרעגט.

דער מאַן וואָס איז אין צימער געווען האָט איהם געענטפערט.

„איהר זענט אין אייער אייגענער הויז, מיין לאָרד."

---

## 10טער קאַפּיטעל.

צו קומען צו זיך נעמט צייט.

גווינפּעלין איז געווען צוטומעלט און מיט אמאָל האָט ער אַלץ ט געקענט פאַרנעמען, אידעען באַפאַלען מיט אמאָל ווי אַרמעען, מען קען זיך ניט פאַרלאָזען אויף זיי, מען פיהלט ווי מען וואָלט געהאַנגען אין דער לופטען, מען זוכט אַ אַנהאַלט.

גווינפּעלין האָט זיך געוואַקעלט פון איין וואונדער צו איין אַנ־דערען, דער בריעף פון דער הערצאָגין און דאַן זיין ערפאַהרונג אין סאַוטוואַקער טורמע.

ווען דאָס אונעריוואַרטעטע פאַנגט אָן צו קומען, פאַרבערייטעט זיך פאַר אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ.

דאָס אונגעוועהנליכע איז דאָס אונבאַוואוסטע. גווינפּעלין האָט ניט געוואוסט וואָס עס פּאַסירט מיט איהם, וואָס עס האָט שוין פּאַ־סירט איז געווען אונבאַגרייפבאַר, ער האָט נאָר געפיהלט אָז דאָס וואָס פּאַסירט מיט איהם, רואינירט עטוואָס אין איהם, ער איז ווי אַראָפּגע־פאַלען פון אַ שפּיץ באַרג, אין אַ טיפען טאָל, קלאָר האָט ער קיין זאַך ניט געוואוסט, אַבער דער באַוואוסטזיין קומט אַלע מאָל ביסלעכווייז. גווינפּעלין איז געווען ווי איינער וואָס חלומ'ט וואַכענדיג, און וויל דורכקוקען זעהען וואָס טוט זיך אינוועניג. ער האָט זיך באַאונרוהיגט און דאַן זיך גענומען באַרוהיגען.

ביסלאַכווייז האָבען זייגע געדאַנקען אָנגעפאַנגען בלאַרער צו ווע־

רען, פונקט ווי אין סאיטוואַקער טורמע האָבען זיך זיינע אויגען ביז־לאַכווייז צוגעוויינט צו דער ליכט, די וויכטיגסטע זאַך איז צו האָבען צייט דאָס אַלץ צו פאַרנעמען, כדי דער ברען פונקט אין אונזער גע־דאַנק וואָס ווערט אנגערופען פאַרשטאַנד זאָל קענען אַרבייטען. לופט האָט דאָ געפעהלט, ער האָט זאָ צו זאָגען אָטעמען ניט געקענט. א קרויז פון א פייער האָט מען אַרויפגעטאָן אויף זיין קאָפּ, און ער האָט ער־וואַרטעט דעם אייזערנעם האַלזבאַנד וואָס מען טוט אָן אין סאַוטוואַ־קער פעסטונג, ווי איז דאָס מעגליך געווען? עס איז ניט געווען גענוג צייט צווישען דעם וואָס ער האָט ערוואַרטעט און דאָס וואָס ער האָט געקראָגען, זיין שרעק איז פאַרביטען געוואָרען אויף עטוואָס וואָס ער קען ניט פאַרשטעהן, די צוויי קאָנטראַסטען זענען געווען צו נאָהענט איינע צו די אַנדערע.

גווינפּלין איז געווען רוהיג. דאָס איז דער אינסטינקט פון גרוי־סע געשעהענישען, מען האַלט זיך מעהר אין דער פאַרטיידיגונגס פּאָזיציע ווי אין דער אַנגרייפענדער. דער וואָס זאָגט גאָר ניט הערט זיך צו אַלץ צו, אויב ער וועט פאַרלירען איין וואָרט ווער וויים וואו ער וועט נאָך אַריינגעשלעפּט ווערען.

דער שרעק פון די קליינע איז אַז מען וועט זיי צוטרעטען. די מורא פון דער מאַסע איז אַז אימיץ וועט אויף זיי טראַמפּלען, און גווינפּלין איז געווען פון דער מאַסע פאַר א זעהר לאַנגער צייט.

אַן אויסערגעוועהנליכע שטאַרקייט איז דאָ אין די ווערטער: מיר וועלען וואַרטען און זעהען וואָס וועט נאָך פאָלגען. גווינפּלין איז אין אַזאַ צושטאַנד געווען, מען פיהלט זיך ניט זיכער אין אַן אונ־אַבסאָלוטען צושטאַנד, א צושטאַנד וואָס דאַרף זיך נאָך אַנטוויקלען. עטוואָס האָט פּאַסירט ערוואַרטעט אויף נאָך, און ער איז זעהר אויפ־מערקזאַם, ער זעהט אַז עטוואָס קומט. וואָס? ער ווייס ניט. ווער? ער באַאָבאַכטעט.

דער מאַן מיט'ן גרויסען בויך האָט געזאָגט:

„איהר זייט אין אייער אייגען הויז, מיין לאָרד.“

גווינפּלין האָט זיך אָנגעטאַפּט פאַרוואונדערט, מיר קוקען אַרום זיך צו זעהען אויב עטוואָס אַרום אונז עקזיסטירט, מיר טאַפּען זיך אָן צו זעהען אויב מיר עקזיסטירען, מען האָט זיכער צו איהם גערעדט: אָבער ער איז אַן אַנדערער געוואָרען, ער האָט שוין געטראָגען אַנדערע

קליידער, ער האָט ניט געוואוסט ווען מען האָט זיי איהם אָנגעטאָן פּונקט ווי ער האָט ניט געוואוסט ווי מען האָט איהם דאָ געבראַכט.

דער מאַן האָט פאָרטגעזעצט.

„וועט אייער לאָרדשיפּ זיין אַזוי גוט און געדיינקען די זאַכען? מיין נאָמען איז באַרקילפעדרא. איך בין פון דער אדמיראַליטעט. איך בין דער וואָס האָט געעפענט הארדקאנאנס פלאַש און דער וואָס האָט אייך ארויסגעצויגען פון אייער פינסטערניש. עס איז ווי די מעשות אין טויזענד און איין נאַכט, ווי א פישער ברייננגט ארויס א ריז פון א פלאַש."

גווינפּלין האָט געקוקט אויף דעם שמייכלענדען פּרצוף וואָס האָט גערעדט צו איהם.

באַרקילפעדרא האָט פאָרגעזעצט:

„אויסער דעם פּאַלאַץ, מיין לאָרד, האָט איהר נאָך הונקערוויל, וואָס איז נאָך א גרעסערער. איהר האָט אויך דעם קלאַנטשארלי שלאָס. וואָס איז א פעסטונג פון דער צייט פון עדוואַרד דעם עלטערען. איהר פאַרמאָגט ניינצעהן גיטער מיט די דערפער און די פּויערים, אַלץ צו־זאַמען האָט איהר אונטער דעם פאַן פון לאָרד און וואוילגעבארענעם פערציג טויזענד אונטערטאַנען. אין קלאַנטשארלי זייט איהר ריכטער. ריכטער פון אַלץ פון אייגענטום און פון מענשען, און איהר האָט דעם הויף פון א באַראָן. דער קעניג האָט ניט מעהר רעכט פאַר אייך אוי־סער דאָס רעכט צו מאַכען געלט. דער קעניג, וועמען די נאָרמאַנישע געזעצען רופען אַן הויפּט סינאָר, האָט גערעכטיגקייט, הויף און מינץ. מינץ איז געלט. מיט דער איינציגער אויסנאַמע זייט איהר קעניג איי־בער אייערע גיטער, ווי ער איז קעניג איבער דער קעניגרייך. איהר האָט דאָס רעכט ווי א באַראָן צו א תליה פון פיער שטאַנגען אין ענג־לאַנד, ווי א מאַרקיז א גאַלגאַן מיט זיבען שטאַנגען אין סיסיליע. דער געוועהנליכער לאָרד האָט בלויז א רעכט אויף צוויי שטאַנגען. דער באַראָן פון א שלאָס: פון דריי שטאַנגען, א הערצאָג: אַכט. איהר ווערט כאַראַקטעריזירט ווי פּרינץ פון די אַלט־פּריווילעגירטע אין נאָר טאַמבערלאַנד, איהר זענט פּאַרוואַנדעט צו דעם וויסקאַנט וואַלאַנטינאַ פון אירלאַנד און צו דער גראַף פון אומפּאַרוויל אין סקאָטלאַנד. איהר זענט דער עלטסטער פון אייער שטאַם, ווי קאַמבעל, אַרמאַנאַד און מעקולמאַר. איהר האָט אונטער זיך אַכט פּעאַדאַלע לאָרדען: רעקול־

ווער, בוקסטאן, העל־קארטער, האמבאל, מאריקאמבע, גומדרייט, טרע־נורדייט און אנדערע, דאס אלץ ברענגט אייך אריין אן איינקונפט פון פערציג טויזענד פונט סטערלינג. ד. ה. פערציג מאל די פערציג טויזענד פראנק מיט וועלכע א פראנצויז באנוגענט זיך."

אין דער צייט וועו בארקילפעדרא האט גערעדט האט גווינפעלין זיך דערמאנט, ער האט געדיינקט די אלע נעמען, ער האט זיך אליין געוואונדערט, די אלע נעמען זענען געווען אויף דער וואנט אויפגע־שריבען אויף א פלאקארדע אין א הויז וואו ער האט זיין קינדהייט פארבראכט. אמאל האט ער אויף דעם מעכאניש געקוקט, אבער ער־האט נאך ניט פארגעסען, ער האט זיך דערמאנט אז איין מאל אנקו־מענדיג אין א הויז אין ווייסמוט, ווען ער איז שוין א יתום געווען. איין פריהמארגען גלייך ווי ער איז אויפגעשטאנען די ערשטע זאך וואס ער האט דערזעהען איז געווען זיינע טיטולען, א מאדנע זאך וואס האט נאך צוגעגעבען צו זיין לאגע: וואס האט איהם קלערער געמאכט זא־כען, פופצעהן יאהר צייט איז ער ארומגעפאהרען אן ארימער פאיאץ וואס האט געדארפט פארדינען אויף זיין ברויט פון טאג צו טאג, אויפהויבען די געלט וואס מען האט איהם געווארפען. די גאנצע צייט האט אויף איהם א פארמעגען געווארט.

בארקילפעדרא האט אנגעוויזען אויף דער קעסטעל וואס איז גע־שטאנען אויפ'ן טיש און געזאגט.

„מיין לארד, אין דער קעסטעל ליגט צוויי טויזענד גינאס, וואס איהר מאיעסטעט די קעניגין האט אייך געשיקט אויף אייערע ערשטע נויטווענדיגקייטען."

גווינפעלין האט געמאכט א באוועגונג:

„דאס זאל זיין פאר מיין פאטער אורסוס", האט ער געזאגט.

„זייער גוט, מיין לארד האט בארקילפעדרא געזאגט. אורסוס און דער טאדקאסטער קרעטשמע, דער וואס האט אונז דא געבראכט, פאהרט גלייך אוועק, ער וועט עס איהם ברענגען, און עס קען זיין אז איך זאל אליין פאהרען אין לאנדאן, וועל איך דאס איהם ברענגען. איך נעם זיך דאס אונטער צו מאן."

„איך וועל אליין געהן" האט גווינפעלין געזאגט.

בארקילפעדרא האט אויפגעהערט שמייכלען.

„אונמעגליך."

עס איז דאָ אַזאַ מין אָפּוועקסלונג אין דער שטימע וואָס שטרייכט אונטער, אַז טאַן האָט באַרקילפעדראָ געהאַט. ער האָט זיך אָפּגע־שטעלט, ווי ער וואָלט אין רייד'ן אויך געשטעלט אַן אָפּשטעל צייכן. דאַן האָט ער ווייטער גערעדט, מיט דעם טאָן פון אַ דינער וואָס פיהלט זיך ווי בעל־הבית.

„מיין לאָרד, איהר זייט דריי־און־צוואַנציג מייל פון לאַנדאָן. אין קאַרלאַן לאַדזש, אין אייער הויף וואוינונג. ביי דעם קעניגליכען שלאָס אין ווינדזאָר, איהר זענט דאָ און קיינער ווייס ניט דערפון. איהר זענט דאָ געבראַכט געוואָרען אין אַ פאַרמאַכטע קאַרעטע, וואָס האָט געוואַרט פאַר אייך ביי דעם סאַוטוואַקער געפענגעניס, די מענ־שען וואָס האָבען אייך אַריינגעבראַכט אין דעם פּאַלאַץ ווייסען ניט יוער איהר זענט, אָבער זיי קענען מיר און דאָס איז גענוג. עס איז בלויז מעגליך געווען אייך אַריינצופיהרען אין דער אָפּטיילונג פון דעם פּאַלאַץ מיט אַ געהיימען שליסעל וואָס איך האָב. אין דער הויז שלאָ־פען איצטער מענשען, און עס איז שוין איצטער צו שפּעט זיי אויפ־צואַוועקען, דערפאַר האָבען מיר צייט פאַר אַן ערקלערונג וואָס וועט זיין קורץ, איך וויל אייך די ערקלערונג געבען. די קעניגין האָט מיר באַפוילען."

רעדענדיג, האָט באַרקילפעדראָ, איבערגעוואָרפען די פּאַפּירען וואָס זענען געלעגען אויפ'ן טיש ביי דער קעסטעל.

„מיין לאָרד, אָט האָט איהר אייערע פּריוויליגיעס פון אַ פּיער. און דאָס זענען די פּאַפּירען פון אייער סיסיליאַנישען מאַרקיזענטום. און דאָס זענען די פּאַרמעטעס און דיפּלאָמען פאַר אייערע אַכט באַראָ־נען, מיט דעם שטעמפּעל פון עלף קעניגע: פון באַלטריט, קעניג פון קענט ביז דזשיימס דעם זעקסטען פון סקאָטלאַנד. דאָס זענען די בריעף פון פּרעצידענטען, דאָס זענען די ביכער פון אייער איינקונפט, די טיטולען, די לאַנד און גיטער. און דאָס וואָס הייננט איבער אייער קאָפּ זענען אייערע קאָרנעטען, דער איז דעם באַראָנס צירקעל מיט פּערעל און דער צווייטער איז דער קאָרנעט פון אַ מאַרקיז מיט בלומען. דאָ אויף דעם זייט איז אייער קליידער צימער איז אייערפּיערס מאַנ־טעל פון פּורפּור וועליוועט, היינט מיט עטליכע שטונדען פריהער האָט דער לאָרד קאַנצלער, אינפאָרמירט ווערענדיג וועגען דעם צוזאַמענ־קונפט, און די רעזולטאַטען פון דעם צוזאַמענקונפט מיט דעם קאַמ־

פארטשיקא הארדקוואנאן, גענומען די באפעלע פון דער קעניגין, איהר מאיעסטעט האט אונטערגעשריבען, וואס איז אזוי גוט ווי געזעץ. אלע פארמאליטעטען זענען שוין אפגעטאן. מארגען ניט שפעטער ווי מארגען וועט איהר אנגענומען אין דער הויז פון לארדס, זיי פארהאנדלען וועגען א פראיעקט וואס די קרוין האט אריינגעבראכט, וועגען געבען א הונדערט טויזענד פונט שטערלינג, וואס באטרעפט אויף פראנצויזיש געלט צוויי מיליאן און פינף הונדערט טויזענד ליווערס, ווי א יעהרליכע הכנסה פאר דעם הערצאג פון קאמבערלענד, דער מאן פון דער קעניגין, איהר וועט קענען אנטייל נעמען אין דער דיסקוסיע."

בארקילפעדרא האט זיך אפגעשטעלט, אבגעאטעמט און ווייטער גערעדט:

„אבער קיין זאך איז נאך ניט געענדיגט, מען קען ניט מאכען קיין פיער אין ענגלאנד געגען איינעמס ווילען, מען קען אלץ צונישט מאכען אויב איהר שטימט ניט איין, ביז איצט ווייס נאך קיינער ניט דערפון, די הויז פון לארדס וועלען ערשט דערפון ערפאהרען, אייערע געשעפטען זענען געהאלטען געווארען אין געהיים, די מענשען וואס ווייסען דערפון וועט מען מאמענטאל לאזען וויסען און זיי וועלען יוגען דעם פארגסען, אויך די שטאט פאדערט דאס פון זיי, דאס וואס איז אין דער פינסטער קען פארבלייבען אין דער פינסטער. עס איז גרינג צו פארנעמען אייער פלאץ, עס איז נאך גרינגער ווייל איהר האט א ברודער, א נאטירליכער זון פון אייער פאטער, און זיין מוטער. איז, נאך אייער פאטער'ס אנטלויפען געווארען די געליעבטע פון קארל דעם צווייטען, און דערפאר האט אייער ברודער א גוטען שם אין הויף. גו דער ברודער, בעסטיע ווי ער איז, וועט קריגען דעם טיטול און די רעכט וואס באלאנגט צו אייך. ווילט איהר דאס? איך שטעל זיך פאר אז ניט. אבער אלץ ווענדעט זיך אן אייך, דער באפעל פון דער קעניגין מוז געפאלגט ווערען. פון דער וואוינונג קענט איהר ניט ארויסגעהן ביז מארגען, און מארגען קענט איהר נאר ארויספארען אין איינעם פון דער קעניגס קארעטעס. מיין לארד, ווילט איהר זיין א פיער פון ענגלאנד? אדער ניט. די קעניגין האט פלענער פאר אייך, זי באאבזיכטעט א האלב קעניגליכע פארבינדונג. לארד פערמאן קלאנטשארלי דאס איז דער ענטשידענער מאמענט, דער שיקזאל עפענט ניט איין טיר אום ניט צו פארמאכען א צווייטע, נאך דעם ווי איהר

געהט א פּאָר טריט אין פּאָראויס איז שוין א טריט צוריק אונמעגליך
־ער וואָס בייט זיך איבער לאָזט א מענשען הינטער זיך. מיין לאָרד.
גווינפּלין איז געשטאָרבען, פאַרשטעהט איהר?“

גווינפּלין האָט גענומען ציטערען הענט און פיס, און דאן איז
ער צוריק צו זיך געקומען.

„יע“, האָט ער געענטפערט.

באַרקילפעדרא האָט א שמייכעל געטאָן, זיך פאַרנייגט גענומען
די קעסטעל אונטער זיין מאַנטעל און איז ארויס פון צימער.

---

## 11טער קאַפּיטעל.

פון וואַנען נעמען זיך די פאַרשידענע ווידערשפּרעכענדע שטי־
מונגען אין מענשען?

גווינפּלין איז געווען איין איין און דער זעלבער צייט ערהויבען
צו א געוואַלדיגער הויך און אראָפּגעפאַלען אין א טיפען אפּגרונט.

עס האָט איהם געשווינדעלט אין קאָפּ, צוויי מאָל געשווינדעלט.
געשווינדעלט ווען ער האָט זיך ערהויבען און ווען ער איז געפאַ־
לען.

א פאַטאַלער געמיש.

ער האָט געפיהלט ווי ער ערהויבט זיך און ניט געפיהלט ווי ער
פאַלט.

ער האָט געהאַט פאַר זיך א כשוף'דיגע ערעפענונג. אפשר א
מאַסקע? א וואָלקען וואָס צושווימט און ווייזט די טיפע בלויקייט
פון הימעל.

אזוי טיף, אז מען זעהט גאָר ניט.

ער איז געווען דער באַרג פון וואַנען מען קען זעהען די קעניג־
רייך פון דער ערד.

א באַרג וואָס איז נאָך געפערליכער ווייל ער עקזעסטירט ניט.

די וואס שטעהען אויפ'ן שפיץ זענען אין א חלום.

דארטען איז שוין דער אבגרונט, אז דער גיהנום וויל אויסכאפען פון גן־עדן, און דער טייפעל פיהרט אהין גאט.

צו באצוויבערען די אייביגקייט — וואס פאר א מאדנע האפענונג!

ווי זאל א מענש קעמפען, דארט וואו דער שטן וויל קריסטוסען פארפיהרען?

פאלאצען, שלעסער, מאכט, אלע מענשליכע מעגליכקייטען, אזוי ווייט ווי די אויג קען זעהען, א לאנד פון פארגעניגענס ציהט זיך אוועק צום האריזאנט, א מין לייכטענדע געאגראפיע, וועמעס מיטעלפונקט איז א געפערליכער מיראזש.

און זאל זיך דער לעזער פארשטעלען די צרות פון אזא זעהונג. דער צושטאנד איז ניט געקומען ביסלעכווייז, נאר אהן פארבערייטונגען, אהן ווארנונג, מען האט דעם איבערבייט ניט באמערקט.

א מענש וואס איז אנטשלאפען געווארען אין א מיסט קאסטען און איז אויפגעשטאנען אויפ'ן שטראסבורגער טורעם, דאס איז געווען גווינפלען.

קאפ־שווינדעל איז א מין פרוכטבארע קלארקייט, ספעציעל דער קאפ־שווינדעל וואס טראגט אייך אוועק צו טאג און צו נאכט. עס ווערט צוזאמענגעשמעלצט פון צוויי באוועגונגען איינע געגען די אנדערע.

מען זעהט צופיעל און ניט גענוג.

מען זעהט אלץ און גאר ניט.

מען איז דאס, וואס דער שרייבער פון דעם בוך האט ערגעץ וואו אנגערופען: „דער בלענדעדער בלינדער מאן.“

גווינפלען, בלייבענדיג אליין האט גענומען ארום געהן הין און צוריק, ער איז געגאנגען מיט גרויסע שפרייזען. עס האט אין איהם געקאכט, ווי פאר אן אויסברוך.

ווי אויפגערעגט ער איז געווען, ווי ער האט ניט געקענט איינזיצען אויף איין ארט, האט ער געטראכט. אזא קאכענדער צושטאנד מוז האבען אן אפקיהל פלאץ. ער האט אפעלירט צו זיינע ערינערונגען, עס איז מאדנע, איינער הערט זיך צו אזוי אויפמערקזאם צו עטוואס און גלויבט ניט אז ער האט דאס געהערט! די דערקלערונג פון די דערטרונקענע וואס איז געלייענט געווארען אין דעם קעלער

אין סאוטוואק, האט ער געהאט פאר די אויגען, קלאר און פארשטענדליך; ער האט זיך דערמאנט יעדען ווארט. ער האט זיך דערמאנט אהן זיין גאנצער קינדהייט נאך אמאל.

פלוצלונג האט ער זיך אפגעשטעלט, זיינע הענט זענען געוועזן פארלייגט אויף הינטען און האט געקוקט אויפ'ן באלקען, אויפ'ן הימעל, וואס איז דער אונטערשיד צו וואס? צו עטוואס דארט אויבען.

„נקמה“ האט ער געזאגט.

ער איז געוועזן ווי א מענש וואס נעמט ארויס זיין קאפ פון וואסער, ער האט געמיינט אז ער האט מיט אמאל, אין א פלוצלונדיגען בליץ פון ליכט, אלץ געזעהען, די פארגאנגענהייט — די צוקונפט — די געגענווארט, אלץ.

„אה!“ האט ער אויסגעשריען — מען קען שרייען אין די טיפעניש פון אונזער געדאנק. — „אה, דאס איז דאס געוועזן! איך בין געוועזן א לארד. אלץ איז ענטדעקט. אה! מען האט מיר בע'גנב'עט, אבגענארט, פארלארען, פארלאזען און געוואלט ערמארדען! דער טויטער קערפער פון מיין שיקזאל איז פופצעהן יאהר געשוואומען אויפ'ן ים, און מיט אמאל האט דאס אנגערירט לאנד, און עס איז אויפגעשטאנען גלייך און לעבעדיג! איך בין ווידער געבארען געווארען! איך בין געבארען געווארען! איך האב אינסטינקטיוו געפיהלט אז איך בין מעהר ווי א מיזעראבלע באשעפעניש. ווען איך האב אויף מענשען געקוקט, האב איך געפיהלט אז זיי זענען די סטאדע און איך בין ניט דער הונט, נאר דער פאסטוך, א פאסטוך פון פאלק, פיהרער פון מענשען, וועג־ווייזער און הערשער. דאס זענען מיינע עלטערען געוועזן; און וואס זיי זענען געוועזן בין איך אויך! איך בין אן אדעליגער און אט איז מיין שווערד — איך בין א לארד און אט איז מיין העלמעט. איך בין א פייער און האב א קארנעט. זיי האבען דאס אלץ פון מיר אוועקגענומען! איך בין געוועזן דער איינוואוינער פון ליכט, און זיי האבען מיר באזעצט אין דער פינסטערניש. די וואס האבען פארטריבען דעם פאטער האבען פארקויפט דאס קינד. ווען מיין פאטער איז געשטארבען האבען זיי ארויסגעצויגען דעם שטיין וואס ער האט געהאט צוקאפענס און האבען איהם ארומגעבונדען ארום מיין האלז, און זיי האבען מיר אריינגעווארפען אין ריטשטאק. אה! די פארברעכער וואס האבען געמאטערט מיין קינדהייט, יע, זיי באוועגען זיך

און שטייגען אויף אין די טיפסטע טיפענישען פון מיין זכרון; יע, איך זעה זיי נאך אמאל, איך בין געווען די שטיק פלייש וואס א סטאדע ראבען האבען געפיקעט. איך האב געבלוטעט און געוויינט. אה, דארטען האבען זיי פון מיר שטיקער געריסען און אוועקגעווארפען. איך זאל געטראטען ווערען פון יעדען איינעם וואס געהט פארביי, אונטער דעם קנאפעל פון יעדען איינעם אין די נידעריגסטע אבגרונטען פון דער מענשליכער ראכע. נידעריגער ווי דער קנעכט, נידעריגער ווי דער לאקיי, נידעריגער ווי דער דינער, אויף דעם גרענעץ פון כאאס אויפ'ן סאמע אפגרונט! און פון דארטען בין איך ארויס, פון דארטען שטייג איך ווידער ארויף. פון דארטען ווער איך צוריק לעבעדיג, אט בין איך, נקמה!"

ער האט זיך אוועקגעזעצט, אויפגעשטאנען, אריינגענומען זיין קאפ צווישעןביידע הענט, האט אזוי ארומגעשפאנט, און זיין מאנאלאג, ווי פון א שטורעם איז אין איהם פארגעזעצט געווארען. —

„וואו בין איך? אויפ'ן העכסטען שפיץ, די גרויסע, וואונדערבארע וועלט, אונענדליכקייט איז מיין הויז, איך בין איינער פון די געטער פון דעם טעמפעל פון דער לופט. איך קום ארויף אויף יענער הויך, אויף וועלכער איך האב פון אונטען ארויפגעקוקט. און פון וואנען עס האט אזוי געשטראהלט אז איך האב מיינע אויגען ניט געקענט האלטען אפען, דאס אונדערגרייכבארע לארדענטום — איך בין דארט, איך בין פון זיי, אה! דער ראד האט זיך איבערגעדרעהט. איך בין געווען פון אונטען איצט בין איך פון אויבען, פון אויבען אויף שטענדיג. אט בין איך, א לארד, איך וועל טראגען א פורפור מאנטעל. איך וועל האבען א פלארעט אויף מיין קאפ, איך יועל זיין אנוועזענד ביי דער קראנאציע פון א קעניג, זיי וועלען דורך מיר שווערען, איך וועל זיין א ריכטער איבער גלחים און אפיצערען, איך וועל זיין! פון דער טיפעניש וועל איך צוריק ארויף קומען, איך האב פאלאצען אין שטאט און דארף, גערטנער, קארעטען, וועלדער מיליאנען. איך וועל מאכען געזעצען, איך וועל האבען מיין פארגעניגען, איך, דער וואגאבונד גווינפעלין, וואס האט ניט געטארט רייסען קיין בלומען פון די פעלדער, קען איצט ארויסרייסען שטערען פון הימעל!"

זיין נשמה איז געווען איבערפיהלט מיט ביטערקייט, און אין גווינפעלין וואס איז א העלד געווען — און מיר וועלען דא באמער-

קען איז נאך אפשר אלץ א העלד, — מיט מאראלישע גרויסקייט האט דעם פלאץ פארנומען די מאטעריעלע גרויסקייט. א טרויעריגער איבערבייט, ווערטען פון א קלענערען מאסשטאב — וואס ווערען אנגערופען א גרעסער — האבען פארנומען דעם פלאץ פון ווערטען פון א גרעסערען מאסשטאב — וואס ווערען אנגערופען קלענער — און וואס איז געווען די אורזאכע פון דער איבערבייטונג? דאס געפינען פון א שטיקעל פארמעט אין א פלאש וואס איז געווען אויפ'ן ים. דאס איז ניט מעהר ווי א בלינדער צופאל.

גווינפעלין האט געטרונקען מיט שטאלץ א פולע מאס, און דערפאר איז זיין נשמה פינסטער געווארען. דאס איז די טראגעדיע פון וויין.

דאס שכר'ן האט איהם איצטער געפאנגען. ער האט זיך שוין מעהר ניט געדארפט באשליסען, ער האט געטרונקען, געטרונקען פאר דער גאנצער צייט וואס ער איז דארשטיק געווען, איז איינער פאראנטווארטליך ווען ער פארלירט דעם פארשטאנד? ער האט דאך דאס זיין גאנצען לעבען געוואלט, ער האט אייביג געקוקט אין דער זייט פון די גרויסע. קוקען איז ווען.

זיין א לארד, צייטענווייז איז דאס געווען ווי איבערנאטירליך.

ניט מעהר ווי א פאר שטונדען זענען אוועק און ווי ווייט ער איז שוין פון דעם וואס ער איז נעכטען געווען.

גווינפעלין איז אריינגעפאלען אין דעם נעץ פון די בעסערע, וועלכע זענען די שונים פון די גוטע.

וועה צו דעם, וועגען וועמען עס איז געזאגט געווארען: „ווי גליקליך ער איז."

מען קען לייכטער אויסשטעהן ארימקייט ווי רייכקייט, מען קען זיך לייכטער ארויסדרעהען פון זינד ווי פון ערפאלג.

עס איז ניט לייכט צו זיין רייך. צופאל איז ניט קיין אנדער זאך ווי עטוואס וואס איז פארמאסקירט. קיין זאך נארט ניט אזוי אפ ווי דער אויסזעהן. איז דאס גאט? איז דאס דער שיקזאל?

א ליכט קען אמאל זיין ניט קיין ליכט, ווייל ליכט איז אמת און א גלאנץ קען אפנארען, איהר מיינט אז עס בליצט, ניין עס איז א קאמף וואס הערט אויף.

איז פינסטער, א האנט שטעלט אוועק א ליכט; חלב ווערט

שטערען, עס עפענט אויף די פינסטערניש, א פליג פליהט אריין און ווערט פארברענט.

מיט וואס איז די פליג שולדיג.

דער פייער באצויבערט די פליג און זי זאל דארט ניט געהן?
איז דאס מעגליך פאר דער בלאט זי זאל ניט פאלגען דעם ווינט?

מאטעריעלע פראגען, וואס זענען אויך מאראלישע.

נאך דעם ווי גווינפעלין האט ערהאלטען דעם בריעף פון דער הערצאגין, האט ער זיך אויסגעגליכען. ער איז אינערליך געווען צו־געבונדען, אבער שטורעמס, ווען דער ווינט האט פון איין זייט ניט געקענט ריהרען, פאנג אן אויפ'ן צווייטען. דער מזל איז ווי די נאטור. דער ערשטער זעץ ריהרט אויף פון פלאץ און דער צווייטער ציהט דאס שוין מיט'ן ווארצעל ארויס.

ווי פאלען דעמבענע בוימער?

אזוי אויך ער, ווען ער איז נאך געווען א קינד פון צעהן יאהר, און ער איז געשטאנען אליין אויפ'ן פארטלאנדער ברעג פארטיג צום קאמף, האט ער אנגעקוקט זיינע געגנער מיט וועמען ער דארף קעמ־פען, דער ווינט וואס האט די שיף אוועקגעטראגען אויף וועלכער ער האט גערעכענט אז ער וועט ארויסגעהן, דער אבגרונט אין וועלכען מען האט די ברעט אראפגעווארפען, די טיפע פוסטקייט, די ערד וואס האט איהם ענטזאגט א הויז צו געבען, די איינזאמקייט אהן רחמנות, די פינסטערניש אהן עטוואס צו זעהען, דער ים, דער הימעל, אלע זיינע געגנער באזונדער און צוזאמען. ער האט מיט אלץ גע־פיהרט א קאמף, נאך מעהר ווען ער איז שוין א אויסגעמוטשעטער געווען און האט שוין באלד קיין כחות ניט געהאט זיך צו שלעפען. האט ער נאך א קינד געפונען און האט נאך אויף זיך נאך א מאסע גענומען. פון דעם ערשטען טאג אז יוען ער איז נאך אין וויג געלעגען האט ער שוין געמוזט קעמפען מיט'ן מזל זיינעם און די גאנצע צייט ניט אויפגעהערט, מיט אמאל האבען איהם די מענשען כבוד אפגע־געבען און זיך ארום איהם ארומגעשטעלט, האט ער אויסגעגלייכט זיין פלייצע און גענומען געהן שטאלץ. ער וואס האט געוואוסט וואס דאס איז קעלט, הונגער, דורשט. ער וואס האט אזוי מיאוס אויסגעזעהען. האט געהאט אזא שעהנע נשמה, ער וואס האט אלץ געקענט אויס־שטעהן איז געפאלען געגען — פוסטען שטאלץ.

ווען ער האָט שוין אַלץ באַקעמפּט, שטורעמען, ווינטען, מלחמות, קאַטאַסטראָפען און איז נאָך אַלץ געבליבען לעבען, האָט דער שיקזאַל גענומען שמייכלען צו איהם, און מיט אַמאָל איז ער שכור געוואָרען און האָט זיך אויף די פיס ניט געקענט האַלטען.

דער שמייכעל פון שיקזאַל. קען מען זיך פאָרשטעלען אַן ערגערע זאַך? עס איז דער לעצטער מיטעל פון טייפעל.

גווינפּעלין האָט דורכגעלעבט אַ גאַנצע משא פון נייער ערשייּ־נונגען, און עס האָט אהים גענומען שווינדלען אין קאָפּ.

צוויי גווינפּעלינס זענען געווען: איינער, אַ קינד אין שמאַטעס פאַרלאָזען איינער אַליין וואַקסט אויף, מאַכט די גאַנצע וועלט לאַכען. דער שטאַרבט אָפּ, און ער ווערט צוריק געבוירען ווי אַ לאָרד, פון דעם פּאַיאַץ ווערט אַ לאָרד געבוירען, צייטענווייז האָט ער דאָס אַליין ניט געגלויבט ס'איז געווען צו עהנליך צו אַ חלום. ס'איז געווען אַ פאַר־בינדונג גוט און שלעכט, ער האָט געטראַכט פון זיין פאָטער, אַן אונ־באַקאַנטער פאָטער איז אַ וועהטאָגדיגע זאַך, ער האָט זיך געפּרובירט פאָרשטעלען וואָס פאַ אַ מענש ער איז געווען. ער האָט זיך דער־מאָנט אַן זיין ברודער וועגען וועמען מען האָט איהם איצט דערציילט, אַ פאַמיליע, אַ גאַנצע, אַ פאַמיליע פאַר איהם גווינפּעלינען? ער האָט זיך פאַרלאָרען אין די פאַנטאַסטישע פאָרשטעלונגען, ער האָט זיך פאַרגעשטעלט עטוואָס גרויסאַרטיגעס, אונבאַקאַנטע הייליגקייטען זע־נען ווי אַ וואָלקען פאַרביי איהם געגאַנגען, ער האָט געהערט דאָס שאַלען פון טרומפּייטען.

„און דאָן" האָט ער געזאָגט: „וועל איך זיין עליגאַנט."

און ער האָט זיך פאַרגעשטעלט זיין אָנקומען אין הויז פון די לאָרדס, ער וועט דאָרט אריינקומען מיט נייע פּלענער, וואָס האָט ער זיי ניט צו זאָגען? ווי פיעל ער קען זיי דערצעהלען, זיי זענען דאָך אַלע אונערפאַרען, ער האָט דאָך אַלץ געזעהן, אַנגערירט, דורכגעלעבט, גע־ליטען, ער וועט קענען צו זיי אויסשרייען: „איך בין געווען נאָ־הענט צו דעם פון וועלכע איהר האָט גאָר קיין אהנונג ניט." ער וועט די ווירקליכקייט וואַרפען אין פּנים פון די פּאַטריציערער, און זיי ווע־לען שוידערן, ווייל ער וועט זיי דעם אמת דערציילען, און זיי וועלען איהם אַפּלאָדירען. ער וועט זיך דערהויבען צווישען די מאַכט האָבענדע און ער וועט זיין שטאַרקער ווי זיי, ער וועט פאַר זיי זיין דער פאַ־

קעל־טרעגער, ווייל ער וועט זיי ווייזען דעם אמת. און דער שווערד־טרעגער, ווייל ער וועט זיי ווייזען גערעכטיגקייט, וואס פאר א טריאומף.

בויענדיג די אלע פלענער אין זיין אייגענעם געדאנק, האט ער מאמענטענווייז פון היץ גערעדט. ער פלעגט ארא͏פזינקען אין א שטול און בלייבען אזוי ליגען אין א מין מיעדקייט, און מיט אמאל זיך אויפכאפען. ער איז געגאנגען הין און צוריק, האט אלץ עקזאמינירט, האט זיך ארומגעקוקט, אנגעטאפט די װעלװעט פון די װענט, גערוקט די שטולען, איבערגעקערט די פאפירען, געלייענט די נעמען, די טיטלען, געקוקט אויף די וואקס און אויף׳ן שטעמפעל, צוגעגאנגען צום פענסטער, צוגעהערט זיך צו דעם פלעשטשען פון די פאנטאנען, באטראכט די סטאטוען, געציילט מיט דעם גערולד פון א סאמנאמבוליסט די מארבעלנע צײלען און האט געזאגט:

„דאס איז די ווירקליכקייט.“

ער האט זיך אליין אנגעטאפט אין די קליידער וואס ער טראגט און געפרעגט: „דאס בין איך?“

און ער האט זיך געענטפערט. „יע“.

אין דער רוהיגקייט האט ביי איהם א שטורעם געבושעוועט.

האט ער אין דעם שטורעם געפיהלט זיין שוואכקייט און מידקייט? האט ער געטרונקען? געגעסען? האט ער געשלאפען? אויב יע, האט ער דערפון ניט געוואוסט, אין אזעלכע געפערליכע צושטענדע באפרידיגען זיך די אינסטינקטען אויף דעם מעגליך בעסטען אופן, און דער געדאנק האט גאר ניט צו זאגען. נאך מעהר זיינע געדאנקען זענען קיין געדאנקען ניט געווען, עפעס אזא מין קאשמאר.

די צייט איז געגאנגען.

עס האט שוין גענומען טאגען.

שטראהלען פון טאג ליכט האבען זיך שוין אריינגע׳גנב׳עט דורכ׳ן פענסטער, און אין דער זעלבער צייט אריין איז גווינפעלינס געדאנק.

„און דיא!“ האט די ליכט צו איהם געזאגט.

# 12טער קאַפּיטעל.

נאָך דעם ווי אורסוס האָט געזעהען ווי גווינפּעלין איז אריין אין דער סאָוטוואַרקער טורמע, איז ער געבליבען שטעהן א דערשלאָגענער, אין דעם ווינקעל, וואו ער איז געשטאַנען, א לאַנגע צייט האָט ער געהערט דעם קלאַנג פון דער טיר, און איהם האָט זיך געדאַכט אז דאָס איז דער פּרייד געשריי פון דער טורמע, ווען עס פאַרשלינגט אן אומגליקליכען. ער איז געשטאַנען און געוואַרט, צוליעב וואָס? ער האָט געשפּיאָנירט, וואָס? די אונדורכדרינגבארע טירען, ווען זיי יוערען איין מאָל פאַרמאַכט עפענען זיי זיך שוין מעהר ניט אויף; זיי ווערען האַרט אזוי בלייבענדיג פאַרמאַכט, עס ווערט אונמעגליך זיי צו ריהרען, ספּעציעל אין א פאַל וואו מען דאַרף אימיצען באַפרייען; אריינגעהן, זייער גוט; אבער ארויס געהן דאָס איז שוין אן אנדער פראַגע. אורסוס האָט דאָס געוואוסט. אָבער אוועק געהן איז ניט אזוי לייכט. ווען מען ווייס אַפילו אז עס איז נאַריש צו וואַרטען, מען וואַרט זיך אליין אויף צולהכים. מען וואַרט, מען קוקט. אפשר וועט מען עפּעס קענען טאָן, מען ווייס אז מען וועט גאר ניט קענען טאָן, נאר עפּעס האלט אונז צו און לאָזט אונז ניט אוועקגעהן. א נוצלאָזער ליגען איז וואַרטען א קאָמישע לאַגע וואס יעדער איינער פון אונז האָט איהר דורכגעמאַכט, א פאַרשווענדונג פון צייט. אָבער יעדער איינער פון אונז פאַרשווענדעט מעכאַניש ווען מען האָט ביי אונז א נאָהענטען צוגענומען, קיינער איז קיין אויסנאַם ניט אין אזעלכע פעלע. מען שפּאַרט זיך איין עקשנות׳דיג. מען פאַנגט אָן אַקטיוו, און מען ענדיגט — וואַרטענדיג. עס איז אזא האַטנעקיגקייט פון וואנען מען קומט ארויס א מיעדער. אורסוס, טראָץ דעם וואס ער איז אנדערש פון אלע אנדערע מענשען איז אבער אין דעם פאַל געווען ווי אלע אנדערע צוגעשמיט צו דעם פּלאַץ טראַכטענדיג, געמישט מיט דעם השגחה געפיהל דורך וועלכען מיר פאַרגעסען זיך אין אלץ, איבער יועמען מיר האָבען ניט קיין מאַכט. ער האָט געקוקט אויף די שוואַרצע וועגט, אויף דער נידעריגער אויף דער הויכער, און דאָן ווידער

אויף דער טיר. ער איז געווען ווי געפאנגען אין יענעם פלאץ, אין יע־
נער געסעל, וואס איז באשטאנען פון א טורמע און א בית־עולם.
די פארלאזענע געסעל האט געהאט ווינציג פארבייגעהער, דערפאר
האט קיינער אורסוסען ניט באמערקט.

ענדליך איז ער ארויס געקראכען פון יענעם ווינקעל, וואו ער איז
געשטאנען פארבעהאלטען, און מיט לאנגזאמע טריט איז ער אוועק־
געגאנגען. עס האט שוין גענומען פינסטער ווערען, אזוי לאנג האט
ער געווארט, פון צייט צו צייט האט ער אויסגעדרעהט זיין קאפ און
געקוקט אויף דעם נידעריגען טויער וואו גווינפעלין איז אריין. זיינע
אויגען זענען געווען טעמפ און גלעזערדיג. ער איז צוגעקומען צום
ברעג פון דער געסעל, זיך נאך אמאל אומגעקוקט, און אריין אין אן
אנדער געסעל, און דאן, ווידער אין אן אנדערער, זיך דערמאנענדיג
דעם וועג ווי ער איז אהער געקומען מיט עטליכע שטונדען צוריק.
ער האט זיך נאך אלץ אומגעקוקט פון צייט צו צייט, ווי ער וואלט
נאך אלץ געקענט זעהען די טיר פון דער טורמע. ביסלעכווייז איז ער
אנגעקומען צו די טארניצו פעלדער, ער איז געגאנגען פארטראכט,
איינגעבויגען, מיט אמאל האט ער זיך אבגעשטעלט, אויסגעגליכען און
געזאגט, „אזוי איז בעסער."

אין דער זעלבער צייט האט ער זיך געגעבען צוויי מאל א זעץ
מיט'ן קולאק אין קאפ. און דאן נאך צוויי מאל אין די זייטען, וואס
האט געזאלט מיינען אז א מענש דארף אורטיילען זאכען און ערשייי־
נונגען ווי זיי זאלען געאורטיילט ווערען.

און ער האט גענומען בורטשען צו זיך אליין אונטערבראכען פון
הויכע אויסגעשרייען —

„אזוי דארף זיין! דער פארברעכער! דער אינטריגאנט, דער אינ־
געל, דער טויגעניכטס, דער ווידערשפעניגער שקלאף! ס'איז זיינע
באמערקונגען וועגען דער רעגירונג וואס האבען איהם אהין געבראכט.
ער איז א בונטאווטשיק, איך האב ערצויגען א בונטאווטשיק, און
איצט בין איך פטור פון איהם, איך האב נאך גוט אפגעשניטען, ער
האט אונז אלעמען קאמפראמעטירט, אריינגעווארפען אין טורמע, אה,
בעסער אזוי, אס ך בעסער, וואונדערבארע געזעצען, דער אינטריגאנט,
איך האב איהםנאך ערצויגען, מאטער זיך צוליעב א מענשען! צוליעב
וואס האט ער געטראכט און געפלאפעלט? ער האט זיך אריינגער־

מישט אין רעגירונגס אנגעלעגענהייטען. נו, זאָגט איהר אַליין, קליי־
בענדיג פּענים פלעגט ער אין כעס זיין אויפ'ן שטייער, פלעגט טראַכ־
טען וועגען די ארימע, וועגען דאָס פאָלק, וועגען וואָס האָט ער ניט
געטראַכט? ער האָט זיך ערלויבט צו וואַרפען א חשד אויף די פּענים.
ער האָט געמאַכט פאַרברעכערישע און געגנערישע באמערקונגען וועג־
גען די קופּערנע מטבעות פון אונזער קעניגרייך! ער האָט באַליידיגט
די פּענים פון איהר מאַיעסטעט. א מטבע איז דיזעלבע זאַך ווי די
קעניגין! דער אונווירדיגער פון דער אונווירדיגער. האָבען מיר א קע־
ניגין? יע אדער ניין? דאַן רעספּעקטיר איהר. אַלץ ווענדעט זיך
אַן דער רעגירונג. דאָס דאַרפען אַלע וויסען. איך האָב שוין ערפאַה־
רונגען אין לעבען. זיי קענען זאָגען צו מיר: „אבער, דו ביזט דאָך
געגען פּאָליטיק". פּאָליטיק, מיין פריינד אַרט מיר ניט. פּאָליטיק
געהט מיר ניט אַן מעהר ווי די האָר פון דעם אייזעל. איין מאָל האָב
איך געקראַגען א זעץ פון א באַראָנ'ס שטעקען. האָב איך צו זיך אַליין
געזאָגט: „דאָס איז שוין גענוג איך פאַרשטעה שוין פּאָליטיק." דאָס
פאָלק האָט בלויז פּענים. זיי גיבען דאָס אוועק און די קעניגין נעמט
דאָס פון זיי און דאָס פאָלק באַדאַנקט. קיין פּשט'ערע זאַך איז ניטאָ.
דאָס איבעריגע איז די געשעפטען פון דעם לאָרד, די לאָרדען. אָה.
גווינפּלין איז אונטער שלאָס און ריגעל, אָה, ער איז אין קאַרצער,
אָט אזוי דאַרף זיין, דאָס איז גערעכט, אויסגעצייכענט, וואונדערבאַר
און געזעצליך. עס איז זיין אייגענע שולד, מען טאָר ניט פּלאַפּלען.
ביזטו א לאָרד? דו נאַר איינער, דער וואַפּענטרעגער האָט איהם גע־
נומען, די פּאָליציי האָט איהם אוועקגעפיהרט און דער ריכטער האָלט
איהם דאָרט, איצט עקזאַמענירט מען איהם, פּונקט איצט, אָ, ווי די
דורכגעטריבענע יונגען געפינען אויס אייערע פאַרברעכענס. פאַר איהם
איז דאָס שלעכט, פאַר מיר גוט. אמת'דיג איך בין שאַרק צופרידען.
איך ערקלער אָפען אז איך בין מזל'דיג, וואָס פאַר א נאַרישקייט איך
בין באַגאַנגען אריינעמענדיג דעם איינגעל און די מיידעל צו זיך אין
הויז, מיר האָבען געלעבט אזוי רוהיג איידער זיי זענען געקומען. צו
וואָס זענען חזרים געקומען צו מיר? האָב איך זיי ניט געצערטעלט
ווען זיי זענען נאָך קליינע ווערים געווען? אזעלכע קינדער; ער
שוידערליך מיאוס און זי פאַלשטענדיג בלינד. געה, טו פאַר זיי אַלץ.
זיי וואַקסען אויף און שפּילען אין ליעבע, און מיר דאַרפען אַלץ אויפ־

שטעהן. א ליעבע צווישען א זשאבע און א פליג, און אלץ ענדיגט זיך גוט. און די זשאבע רעדט וועגען פאליטיק, גוט אזוי, און איך בין פטר פון איהם. ווען דער וואפענטרעגער איז געקומען האב איך זיך דער־שראקען, נאריש געווען, מען שרעקט זיך אלע מאל פאר'ן מזל. איך האב ניט געזעהען דאס וואס איך האב געדארפט זעהען, אז אזא זאך איז אונמעגליך, האב איך געמיינט. איך האב זיך ניט געוואלט גלוי־בען, איך האב געמיינט אז עס חלומט זיך מיר, אבער ניין, קיין ווירק־ליכערע זאך קען ניט זיין. גווינפעלין זיצט אין טורמע. וואס פאר א גוטען גאט מיר האבען, א דאנק. צוליעב דעם מאנסטער, און די אויפמערקזאמקייט וואס ער האט געצויגען, האט מען באמערקט מיין וואלף. אוועק גווינפעלין! און איך יוער פטור פוןביידע, צוויי פויגעל מיט איין שאס. דיא וועט שטארבען דערפון, זי וועט דאס ניט אי־בערטראגען, זי וועט ניט קענען זיין אהן גווינפעלינען! איהם זעהט זי, דעם אידיאט! זי וועט שוין ניט האבען קיין אורזאכע צוליעב וואס צו לעבען. זי וועט זאגען צו זיך אליין: „וואס טו איך אין דער וועלט?" און זי וועט אויך אוועקגעהן. א גליקליכע רייזע, געהט ביי־דע צום טייפעל, איך האב די באשעפענישען אלעמאל פיינט געהאט. דיא, דיא, אה, ווי צופרידען איך בין."

---

# 13מער קאפיטעל.

ער איז צוגעקומען צו דער קרעטשמע.

האלב נאך זיבען — ווי די ענגלענדער זאגען — האט געקלונ־גען, עס איז שוין כמעט ווי פינסטער געווען.

הער ניקעלס איז געשטאנען ביי דער טיר, זיין אונרוהיגער אויס־זעהן האט נאך אנגעהאלטען, ער איז נאך אלץ אונרוהיג געווען, פון אין דער פריה אן.

ווי ער האָט דערזעהען אורסוסען פון דער ווייטען, האָט ער אויס־געשריען:

„נו?"

„וואָס נו?"

„וועט גווינפּעלין צוריק קומען? עס איז שוין צייט. באַלד פאַנגען אָן די מענשען צו קומען. וועט היינט אָבענט זיין אַ פאָרשטעלונג?"

„יע."

„אַ פאָרשטעלונג פון דעם מענש וואָס לאַכט?"

„איך בין דער מענש וואָס לאַכט."

און ער האָט געקוקט אויפ'ן קרעטשמער מיט טעמפּע אויגען.

דאַן איז ער אַרויף געגאַנגען אויפ'ן ערשטען עטאַזש, אויפגעע־פענט דעם פענסטער, אונטער וועלכען עס איז געהאַנגען די שילד, זיך אַרויסגעבויגען, אויסגעצויגען די הענט, האָט אַראָפּגענומען די שילד פון גווינפּעלינען, דער מענש וואָס לאַכט, און ביי דער זייט איז געהאַנגען די צווייטע שילד, פון צורונענעם כאַאָס, האָט ער איהר אויך אַראָפּגענומען, גענומעןביידע שילדען אונטער זיין אָרעם, און אַראָפּ־געגאַנגען די טרעפּ.

הער ניקעלס האָט איהם נאָכגעפאָלגט מיט די אויגען.

„פאַרוואָס נעמט איהר די שילדען אַראָפּ"?

אורסוס האָט אויסגעפּלאַצט אין אַ געלעכטער.

„וואָס לאַכט איהר?"

„איך ווער צוריק אַ פּריוואַטער מענש."

הער ניקעלס האָט פאַרשטאַנען. ער האָט באַפוילען זיין ליטונאַנט, דעם איינגעל, אַז אויב אימיצער וועט קומען, זאָל ער זאָגען אַז היינט וועט קיין פאָרשטעלונג ניט זיין. פון טיר האָט ער אַראָפּגענומען די פּושקעס, וואו מען פלעגט די געלט אַריינוואַרפען, און האָט זיי אוועק־געלייגט אין אַ ווינקעל אין שיינק.

אַ ווייל'ע שפּעטער איז אורסוס אַריינגעגאַנגען אין דער גרינער קאַסטען.

ער האָט אוועקגעלייגט ביידע שילדען אין אַ ווינקעל, און ער איז געגאַנגען צו, דאָס וואָס מען האָט אָנגערופען, „דעם פרויען פּאַווי־ליאָן."

דיא איז געשלאָפען.

זי איז געלעגן אויף איהר בעט אין איהרע קליידער, ווי אין דעם נאכמיטאג שלאף.

ווינאס און פיבי זענען געזעסען ניט ווייט פון איהר איינע אויף א שטול די אנדערע אויפ'ן דיל.

טראץ דעם וואס עס איז שוין אזוי שפעט געווען, האבען זיי נאך זייער געטין ניט אנגעטאן, א סימן פון מוטלאזיגקייט, זיי זענען נאך אויך געגאנגען אנגעטאן אין זייערע געוועהנליכע קליידער.

אורסוס האט געקוקט אויף דיאן.

„זי געוואוינט זיך צו צו שלאפען.“

און צו פיבי'ן און ווינאסען האט ער געזאגט:

„און איהר, איהר לעגט אוועק אייערע אינסטרומענטען, אוים מוזיק, איהר קענט אייערע טרומפייטען באהאלטען, איהר האט גוט געטאן וואס איהר האט זיך ניט איבערגעטאן, טראגט אייערע אונטער־קליידער, איהר זייט שרעקליך מיאוס, אבער גוט האט איהר געטאן, קיין פארשטעלונג וועט שוין היינט ניט זיין און מארגען אויך ניט, און אפילו איבערמארגען אויך ניט. אוים גווינפעלין, עס איז שוין קיין גווינפעלין ניטא, ווי עס איז קיין האר אויף מיין האנט ניטא.“

און ער האט ווידער גענומען קוקען אויף דיאן.

„וואס פאר א קלאפ עס וועט פאר איהר זיין, עס וועט זיין ווי א ליכט אין דעם ווינט.“

און ער האט אנגעבלאזען זיינע באקען.

„פוי, ניט מעהר.“

און ער האט קורץ אבגעהאקט געלאכט.

„גווינפעלין ניטא מעהר קיין זאך איז ניטא, עס וועט זיין ווי, ווען איך פארליר האמאן, נאך ערגער, זי וועט זיין מעהר איינזאם ווי יעדער איינער, די בלינדע שוועבען אין א גרעסערען אומעט ווי מיר.“

ער איז צוגעגאנגען צום פענסטער.

„ווי לאנג די טעג ווערען, מען קען נאך זעהען ווען דער זייגער איז שוין זיבען, אבער מיר וועלען אנצינדען פייער.“

ער האט אנגעצונדען די לאמטערן וואס איז געהאנגען פון דעם באלקאן.

ער האט זיך איבערגעבויגען איבער דיאן.

„זי וועט זיך נאך פארקיהלען, פרויען איהר האט צופיעל געער־

פענט איהר קלייד. עס איז דאָ א פראַנצויזיש גלייכווערטעל: אין אַפּריל זאָלסטו קיין פאַדים ניט אָפּלאָזען.״

ער האָט געזעהען אַ שפּילקע ליגענדיג אויף דער ערד, ער האָט איהר אויפגעהויבען אריינגעשטעקט אין אַרבעל, און אָנגעהויבען ארומשפּאַצירען הין און צוריק מאַכענדיג משונעדיגע זשעסטיקולאַציעס.

„איך בין ביי מיין פולען פארשטאַנד, איך בין קלאָר, אויסדריקליך — קלאָר. איך האַלט אז אזוי דאַרף זיין, אז דאָס איז גוט אזוי. ווען זי וועט אויפשטעהן וועל איך איהר אַלץ דערצעהלען, מיר וועלען ניט דאַרפען וואַרטען אויף א קאַטאַסטראָפע. גווינפּלין איז מעהר ניטאָ, שלאָף געזונט דיאַ, ווי אַלץ איז אזוי גוט געפּאַרמירט. גווינפּלין אין טורמע, און דיאַ טויט, זיי וועלען טאַנצען איינע געגען די אנדערע, זיי זענען שוין ביידע באַזאָרגט, לאָמיר צוזאַמען־פּאַקען אונזערע זאַכען, לאָמיר פארשליסען אונזער קאַסטען — טויטען קאַסטען — זיי זענען ביידע געווען א דורכפאַל, פון אָנפאַנג א דורכפאַל, דיאַ אָהן אויגען און גווינפּלין אָהן א פּנים, דאָרטען אויבען וועט דער אַלמעכטיגער גאָט, געבען דיאַן ליכט, און שעהנהייט גווינפּלינען. דער טויט איז א גוטע אויסשטאַטונג, אַלץ איז גוט, אזוי דאַרף זיין. פיבי, ווינאָס, הענגט אויף אייערע קלאַפּער געצייג אויף א טשוואָק. אייער טאַלאַנט פאַר טומעל מאַכען, וועט פארשימעלט ווערען, מיינע שעהנהייטען מיר וועלען מעהר ניט שפּילען, איהר דאַרפט שוין מעהר ניט טרומפּייטען. דער צורונענער כאַאָס איז צורונען געוואָרען, עס איז שוין נאָך דעם מענש וואָס לאַכט. ער וועט שוין מעהר ניט לאַכען. און דיאַ שלאָפט נאָך אַלץ, איהר געהט עס אויך גוט. ווען איך וואָלט אין איהר פּלאַץ געווען וואָלט איך שוין מעהר ניט אויפגעשטאַנען. באַ, זי וועט באַלד ווידער איינשלאָפען, אזא זינג פויגעלע ווי זי, קען דאָס ניט איבערלעבען, דאָס קומט ארויס פון אריינמישען זיך אין פּאָליטיק, וואָס פאַר א גוואַלדיגע לעקציע! און ווי גערעכט זיי זענען! גווינפּלין מיט'ן וואַפּענטרעגער און דיאַ מיט'ן קברות־מאַן. דאָס איז א גוטער פארגלייך. באַלעהרענדע סימעטרי, איך האָף באמת אז דער קרעטשמער זאָל פארבאַראַקאַדירען די טיר, מיר וועלען היינט אבענט שטאַרבען צווישען זיך, צווישען דער אייגענער פאַמיליע, ניט איך, און האָמאַ אויך ניט; אבער דיאַ. איך וועל ווידער דרעהען די ראָד, איך בין איינער פון די אומאויפהערענדע וואַגאַבונדען. איך וועל

ביידע דינסטען אוועקשיקען, איך וועל אפילו קיין איינע ניט האלטען. עס גלוסט זיך מיר זיין אן אלטער לעבע יונג. א דינסט א מיידעל, איז א בחור'ס הויז איז ווי א לאבען ברויט אויפ'ן פאליצע ביי א הונגעריגען. איך וויל ניט געררייצט ווערען, עס פאסט זיך שוין ניט פאר מיינע יאהרען. איך וועל געהן מיין וועג אליין, מיט האמאן, ווי פארוואונדערט האמא וועט זיין; „וואו איז גווינפעלין?" „וואו איז דיא?" אלטער קאמעראד, מיר זענען ביידע ווידער אליין, א כאלעריע זאל דאס נעמען, אבער איך בין צופרידען. זייערע ראמאנסען זענען מיר שוין צוווידער געווען. אה, דער שקלאף גווינפעלין, ער קומט אפילו ניט צוריק, ער איז פון אונז אנטלאפען, ס'איז גוט אזוי, און איצט דארף דאס דיא טאן, עס וועט לאנג ניט נעמען, אבער איך קען ניט ווארטען, איך האב ליעב אפצו'פטר'ן זאכען, איך וואלט דעם טייוועל אויפ'ן שפיץ נאז קיין שנעל ניט געטאן אום איהר צו ראטעווען פון טויט. שטארב, די הערסט? אה, זי שטעהט שוין אויף."

דיא האט אויפגעעפענט איהרע אויגען, א סד בלינדע פארמאכען זייערע אויגען ווען זיי שלאפען. איהר ליעבער אונשולדיגער פנים, האט געשיינט.

„זי שמייכעלט." האט אורסוס געמורמעלט. „און איך לאך, דאס איז א גוטע פאר."

דיא האט גערופען:

„פיבי, ווינאס, עס דארף שוין זיין שפעט, מען דארף שוין באלד שפילען, מיר דאכט זיך איך בין געשלאפען צו לאנג, קומט טוט מיר אן."

ניט פיבי, און ניט ווינאס האבען זיך געריהרט.

דערווייל, האט דער אויסערגעוועהנליכער קוק פון די בלינדע, און דיא האט איהם אויך געהאט, זיך באגעגענט מיט אורסוסעס אויגען. ער האט א ציטער געטאן.

„נו," האט ער אויסגעשריען, „וואו זייט איהר, הערט איהר ניט ווי אייער באלעבאסטע רופט אייך? זייט איהר טויב? שנעל מען דארף שוין באלד אנפאנגען שפילען."

די צוויי מיידלעך האבען אויסגעגלאצט זייערע אויגען אויף אורסוסען.

אורסוס האט געשריען.

„זעהט איהר ניט ווי מענשען קומען שוין? פּיבי טו אַז דיאַז, ווינאָס קלאַפּ שוין דיין פּויק!"

פּיבי האָט געפּאַלגט, און ווינאָס האָט אויך געטאָן וואָס מען האָט איהר געהייסען. זייער באַלעבאָס אורסוס, איז פאַר זיי אַלע מאָל געווען אַ רעטעניש, קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען ווערען איז אַ אור־זאַכע צו פאָלגען. זיי האָבען געמיינט אַז ער איז משוגע געוואָרען און האָבען איהם געפּאָלגט. פּיבי האָט גענומען דעם קאָסטיום און ווינאָס דעם פּויק.

פּיבי האָט אנגעפאַנגען אָנצוטאָן דיאַז, אורסוס האָט אַראָפּגעלאָ־זען די פאָרהאַנגען, פון דעם פרויען אָבטיילונג און פאַרגעזעצט.

„קוק זיך איין גווינפּעלין דער הויף איז שוין מעהר ווי אַ האַלב אָנגעפיהלט, מען שטופּט זיך מיט די עלענבויגענס ביים אריינגאַנג. וואָס פאַר אַ מאַסע מענשען היינט קומען, וואָס זאָגסטו אויף פּיבי און ווינאָס, זיי ווילען דאָס גאַר ניט באַמערקען, ווי נאַריש די ציגיינער־שע פרויען זענען! ווי טעמפּ עס זענען די מענשען פון מצרים, הויב ניט אויף די פאָרהאַנגען. דיאַ טוט זיך אָן."

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיט אַמאָל האָט זיך אַ קול גע־הערט.

„ווי שעהן זי איז."

עס איז געווען גווינפּעלינס שטימע, און פּידי און ווינאָס האָבען זיך אומגעדרעהט פאַרוואונדערטע, עס איז געווען גווינפּעלינס שטי־מע, אָבער פון אורסוס'עס מויל.

אורסוס האָט זיי געוואָרענט, זיי זאָלען גאַר ניט זאָגען, דורך אַ שפּאַלט אין דער טיר.

ער האָט פאַרגעזעצט מיט גווינפּעלינ'ס שטימע:

„מלאך".

דאַן האָט ער געענטפערט מיט אורסוס'עס שטימע:

„דיאַ אַ מלאך, ביזטו משוגע גווינפּעלין? עס איז ניטאָ אַזאַ זאַך ווי זייג־חיות מיט פליגלען, אויסער אַ פלעדערמויז."

און ער האָט צוגעגעבען.

„געה בעסער, גווינפּעלין און טשעפּע אָפּ האָמאָ'ן, דאָס וועט זיין אַ קליגערע אַרבייט."

און ער איז אַראָפּגעגאַנגען דורך די הינטערשטע טרעפּ, לייכט

און פלינק ווי גווינפעלין פלעגט דאס טהאן. נאכגעמאכט דעם קלאנג, אז דיא זאל דאס הערען.

אין הויף האט ער באמערקט דעם אינגעל, וואס איז צוליב דער געשיכטע געבליבען אהן ארבייט, און ער איז ארומגעגאנגען א נייגער־ריגער.

„האלט אנגעשטעלט די הענט" האט אורסוס צו איהם געזאגט, און ער האט איהם אנגעשאטען א פולע האנט מיט פענים.

דער אינגעל איז געווען גערירט.

ער האט איהם אריינגעשושקעט אין אויער:

„הער זיך איין, זעץ זיך דא אוועק, און שריי ליארעם, קלאפ, פייף, טופע מיט די פיס, שילט און לאך, נעהם עפעם און צוברעך עס."

הער ניקעלס, זיך פיהלענדיג ערנידעריגט און צושטרייט דאר־פענדיג צוריק שיקען אזוי פיעל מענשען וואס זענען געקומען צו דער פארשטעלונג פון דעם מענש וואס לאכט, האט געברומט און איינ־גאנצען פארמאכט די קרעטשמע. ער האט שוין קיין משקה אויך ניט געוואלט פארקויפען, אום ניט צו דארפען ענטפערען אויף אלע פראַ־גען, און ניט האבענדיג וואס צו טהאן, האט ער אראפגעקוקט אין הויף מיט דער ליכט אין דער האנט פון דעם באלקאן.

אורסוס האט ארויסגעשטעלטביידע הענט צו דער מויל און ארויסגעשריען צו איהם, זיך היטענדיג אז דיא זאל ניט הערען.

„מיין הער, טהוט ווי אייער אינגעל, שרייט, שילט, בילט, מאכט א טומעל".

ער איז צוריק געגאנגען צו דעם גרינעם קאסטען, אויפ'ן וועג האט ער געזאגט צו דעם וואלף:

„רעד נאר וויפיעל דו קענסט היינט."

און אריינגעהענדיג אינווייניג האט ער געזאגט הויך, אויף א קול:

„עס איז היינט דא א גרויס פובליקום, איך רעכען, מיר וועלען היינט האבען א טומעלדיגע פארשטעלונג."

ווינאס האט דערווייל געקלאפט אויף איהר פויק.

אורסוס האט ווי־טער גערעדט.

„דיא איז שוין אנגעטהאן, איך רעכען, מיר קענען שוין אנ־

פאנגען, מיר פארדריסט וואס זיי האבען אריינגעלאזען אזוי פיעל מענשען, ווי זיי זענען אנגעפאקט, קוק זיך נאר איין גווינפעלין, וואס פאר א ווילדע מענגע מיר האבען היינט, איך וועט, אז היינט וועלען מיר אריינעהמען מעהר געלט ווי ווען עס איז פריהער. פיבי נעהם שוין דעם טרומפייט, גוט אזוי, ווינאס קלאפ אויף זיין פויק, האב קיין רחמנות ניט, פיבי שטעל זיך שוין אוועק ווי מען דארף. פרייד לינס, מיר דאכט זיך, אז איהר האט זיך אביסעל צופיעל אנגעטהאן היינט, טהוט אויס אייערע מאנטלען, און אנשטאט אייערע צייץ טהוט זיך אן א וואואל, זאלען די מאראליסטען דונערן, אביסעל אונ־אנשטענדיגקייט פאסט זיך היינט, מיר וועלען היינט זיין לעבעדי־גער, מיר וועלען שפיעלען פאר זיי, וואס פאר א מאסע מענשען, מיין ארימער גווינפעלין.“

ער האט זיך אליין אונטערבראכען.

„גווינפעלין, העלף מיר, לאמיר עפענען די ביהנע.“

דערוויילע האט ער ארויסגענומען זיין טיכעל און האט גוט אויסגעשנייצט זיין נאז. ווי א ווענטרולאגיסט דארף דאס טהאן.

אריינלייגענדיג זיין טיכעל אין קעשענע האט ער אראפגעלאזען די ברעט פאר דער ביהנע, עס האט געמאכט דעם געוועהנליכען גע־רויש.

„גווינפעלין עס איז נוצלאז ארויפצוציהען דעם פארהאנג, מיר וועלען דאס טאן, ווען די פארשטעלונג וועט זיך אנפאנגען. נו, מיינע דאמען, מוזיק פאס, פאס, פאס, דאס פובליקום איז גוט אויפגעלייגט, ס'איז די אמת'ע חברה, מיין גאט וואס פאר א טומעל זיי מאכען.“

די צוויי ציגיינערינס האבען געפאלגט, זיי האבען זיך אוועקגע־שטעלט אין זייערע געוועהנליכע פלעצער, ביי ביידע זייטען פון דער ביהנע, און זיי האבען געטומעלט אויף ביידע אינסטרומענטען.

דאן איז אורסוס געווארען אויסערגעוועהנליך, ער איז שוין מעהר קיין מענש ניט געווען, ער איז געווען א מאסע מענשען, זייענדיג געצוואונגען פארצושטעלען א מאסע ווען עס איז קיינער ניט געווען, האט ער צו הילף גענומען, אויסער דעם קרעטשמער און דעם איינגעל, זיין ווענטרואליגיסטישען טאלאנט מיט דעם גאנצען ארקעסטער פון מענשליכע און חיה'שע שטימען וואס ער האט אין זיך געהאט, האט ער איצט גענומען ארבייטען, וואלט אימיצער פארמאכט די אויגען

וואלט ער געמיינט אז ער געפינט זיך אין מארק ערב יום־טוב, אדער ערגעץ וואו אויף א גרויסען ראיאט. דער שטאמלענדיגער שטורעם־ווינט, וואס איז פון אורסוסען ארויס, האט געמאכט אזוי פיעל טומ־לען ווי א גאנצע שטאט מענשען. ער האט געשריען, געליארעמט, געטומעלט, געזונגען, געבורטשעט, געלאכט, געברומט, געהוסט, גע־שפיגען, געניאסען, גערעדט, געפרעגט פראגען, זיך אליין געענטפערט, און אלץ מיט אמאל, זילבען האלב ארויסגערעדט האבען זיך צוזאמענ־געמישט מיט אנדערע, אין הויף איז קיינער ניט געווען, און מען האט געקענט הערען, שטימען פון מענער, פרויען און קינדער. עס איז געווען א טומעל ווי אין די גוטע צייטען אין דעם זעלבען הויף, מען האט געקענט הערען, די קוויטשעדיגע קול'כלעך פון קליינע קינדער און דעם גראבען קול פון ערוואקסענע מענער, און אלטע שוואכע שטימען, די שטימען האט מען געהערט פון אומעטום, פון אויבען, פון הינטען, פון די זייטען, פון פאדערגרונט, פון אונטער גרונט. אין אלגעמיין איז דאס געווען א טומעל באזונדער, א געוויין.

אורסוס האט געפאששט מיט די הענט, געטופעט מיט די פיס, געמאכט זיין שטימע ווי זי קומט פון דער ווייטענס און פון נאהענטען, פון מיטען און ווי פון אונטער דער ערד. עס איז געווען, שטורעמדיג און באקאנט, ער איז איבערגעגאנגען פון א מורמעל צו א געשריי, פון א געשריי צו א טומעל, פון א טומעל צו א שטורם. ער איינער איז געווען ווי א מאסע, מען קען אפנארען דעם אויער, ווי מען קען אפנא־רען די אויג. וואס פראמוס האט געטאן פאר די אויגען, האט אורסוס גע־טאן פאר די אויערען. עס איז ניטא קיין גרעסערע זאך ווי דער אונ־טערשריפט פון דער מאסע, פון צייט צו צייט האט ער פאנאנדערגע־נומען די פארהאנגען און א קוק געטאן אויף דיאן, דיא האט זיך אויפ־מערקזאם צוגעהערט.

אויפ'ן זייט האט דער אינגעל געטומעלט.

פיבי און ווינאס האבען געארבייט מיט אלע כחות אויף דעם טרומפייט און אויף דעם פויק, הער ניקעלס דער איינציגער צושויער האט זיך געגעבען די זעלבע ערקלערונג ווי זיי, אורסוס איז משוגע, וואס עס איז אייגענטליך געווען ניט קיין סך איבערטריבען, טרויעריג איז ער געווען, דער עהרליכער קרעטשמער האט מיט רחמנות געזאגט: „וואס פאר א פארוויסטונג". אורסוס איז געווען ערענסט, אזוי ערענסט

ווי א מענש וואָס האָט אין זינען אז עס איז דאָ געזעצען אויף דער וועלט.

דער אינגעל זייענדיג צופרידען וואָס מען לאָזט איהם טומלען, האָט געמאַכט כמעט אזוי פיעל טומעל ווי אורסוס. ער האָט דערפון הנאה געהאט, נאָך מעהר ער האָט געקראָגען א סך פּענים.

האָמאָ איז געווען פארטראכט.

אורסוס האָט אין דעם טומעל גערעדט.

„עס איז ווי אַלע מאָל, גווינפּעלין, די מאַסע איז געגען אונז, אונזערע קאָנקורענטען האָבען דאָ א סך פערטרעטער, זיי ווילען שטערען אונזער ערפאָלג. עס וועט דאָ היינט זיכער זיין א געשלעג. אָה, ווען טאָם — דזשים — דזשעק, וואָלט דאָ היינט געווען, ער וואָלט אונז א סך ארויסגעהאָלפען, אָבער ער קומט שוין ניט מעהר. קוק זיך נאָר איין אויף די קעפּ, איינע אויף די אנדערע, די וואָס שטעהען האָבען ניט גענוג לופט, טראָץ דעם וואָס שטעהענדיג דאַרפען זיי האָבען לופט. און די אָרימע מענשען וואָס זיצען, קענען גאָר דעם אָטעם ניט כאַפּען. נו, מיר וועלען שוין אָנפאַנגען שפּילען, אזוי ווי עס איז נאָר אנאָנסירט דער „צורונענער כאַאָס", וועלען מיר ניט שפּילען אורסוס רוסוס, דאָס וועלען מיר פּראָפּיטירען. וואָס פאַר א טומעל. אָה, דער בלינדער שטורעם פון דער מאַסע! זיי וועלען אונז נאָך עפּעס אַפּטאָן היינט. אָבער עס קען אזוי ניט אָנהאַלטען, מיר וועלען ניט קענען שפּילען. זיי וועלען ניט הערען קיין וואָרט וואָס מען זאָגט ארויס, איך וועל ארויסגעהן רעדען צו זיי. גווינפּעלין הויב אויף דעם פּאָרהאַנג. בירגער, —

דאָ האָט אורסוס זיך צושריען אין א היציגער און דורכדרינגענדער שטימע.

„ארונטער מיט'ן אלטען!"

און אין זיין אייגענער שטימע:

„מיר דאַכט זיך אז דאָס פּובליקום באַליידיגט מיר, סיסערא האָט רעכט געהאט, דאָס פּאָלק זענען צושטערער, אָבער דאָס מאַכט ניט. מיר וועלען שוין די מאַסע איינשטילען, עס וועט פאַר אייך אומעגליך זיין מיר אויסצוהערען. איך וועל אָבער אַלענפאַלס רעדען, מענש טו דיין פליכט, זעה גווינפּעלין, ווי דער טומעל מאַכער שרייט דאָרטען."

„אורסוס האָט זיך אָפּגעשטעלט און האָט א ברום געטאָן, האָמאָ

האט אויך געברומט, און דער אינגעל, א דריטען ברום געטאן.“
אורסוס האט פארגעזעצט:
„די פרויען זענען ערגער ווי די מענער. די צייט איז ניט קיין פּאסיגע, עס מאכט אבער ניט אויס, מיר וועלען פּרובירען אונזערע כחות, איך וועל רעדען צו זיי. מען איז אלעמאל איינגעשטעלט מיט׳ן לעבען. מיינע דאמען און הערען, איך בין דער בער, איך נעם אראפּ מיין היטעל אום צו רעדען מיט אייך, איך בעט אייך זייט אביסעל רוהיגער.“
און פאר׳ן פּובליקום האט ער געזאגט:
„אלטער קרעכצער!“
ער האט פארגעזעצט.
„איך האב גרויס דרך־ארץ פאר די צושויער. אלטער קרעכצער איז אזא גוטער צונאמען ווי וואס־פאר־עס־איז אנדערע, שרייט, גרויסע באפעלקערונג. איך צווייפעל ניט פאר קיין מאמענט אז איהר זייט שמאטע קלייבער. אבער דאס פארמינדערט ניט מיין דרך־ארץ פאר אייך, א דרך־ארץ, וואס קומט פון קענען אייך. א, ווי גוט איך קען אייך, איך האב ליעב די יונגען צווישען אייך, וואס קומען דא צו מיר ווי זיי זענען, אין זייער גאנצער נאטירליכקייט. צווישען אייך געפינט זיך קאליקעס, איך האב זיי אויך ליעב קאליקעס און הויקערס איז א געשאנק פון דער נאטור. א קעמעל איז הויקערדיג, דער רוקען פון אביזאן איז געשוואלען, די פיס פון א בארסוק זענען קירצער אויף דער לינקער זייט ווי אויף דער רעכטער, אויף דעם פאקט ווייזט אן אריס־טאטעל אין זיין אפּהאנדלונג וועגען חיות. די פון אייך וואס האבען צוויי העמדער, טראגען איינע אויף זיך און די צווייטע איז פאר־זעצט. איך וויים דאס, אלבעריג האט פארזעצט זיינע וואנצען און דער הייליגער דעניס, דעם ליכט־קרייז פון ארום זיין קאפּ. גוטע ביי־שפּילע, צו האבען חבות איז צו האבען עטוואס, איך פארעהר אין אייך דאס בעטלערישע.“
אורסוס האט זיין רעדע אונטערבראכען מיט א גראבע באס שטימע וואס האט אויסגעשריען:
„דרייפאכיגער אייזעל!“
ער האט דארויף געענטפערט אין זיין העפליכסטען טאן.
„צוגעשטימט, איך בין א געלעהרענטער. איך ענטשולדיג זיך

דערפאַר ווי ווייט איך קען נאָר, איך האָב פיינט וויסענשאַפט וויסענ־שאַפטליך, אונוויסענהייט איז א ווירקליכקייט אויף וואָס איינער קען לעבען; וויסענשאַפט איז א ווירקליכקייט אויף וואָס איינער קען פאַסטען, אין אַלגעמיין ווערט מען אבער, געצוואונגען אויסצוקלייבען זיך; צו זיין א געלעהרענטער און זיין מאָגער, אדער אויסגעפאַשעט און זיין אן אייזעל. צי פאַשען זיך, אָה, בירגער, געלעהרענטקייט איז ניט ווערט קיין איין גוטען ביסען. איך האָב בעסער ליעב צו עסען א סטייק, ווי וויסען פון וועלכען טייל קערפער ער קומט, איך האָב איין מעלה, איך האָב טרוקענע אויגען, איך בין אַלעמאָל ווי איהר זעהט מיר איצטער, מיינע אויגען זענען קיין מאָל ניט נאַס, איך האָב נאָך קיין מאָל ניט געוויינט. און איך מוז צוגעבען אז איך בין נאָך קיין מאָל ניט געווען צופריעדען, קיין מאָל ניט צופריעדען, ניט מיט זיך אליין. איך קען זיך ניט פארטראָגען. אָבער איך גיב זיך אונטער, און איך וויל אייך מיינע געגנער פאַרשטעלען גווינפּעלינען, אויב אור־סום איז ניט קיין געלעהרענטער איז אבער גווינפּעלין א קינסטלער.“

ער האָט ווידער ארויסגעברומט:

„אַלטער אייזעל.“

און דאַן נאָכאמאָל פארגעזעצט.

„ווידער אמאָל, אַלטער אייזעל, דאָס הייסט איהר זייט אונצו־פרידען. איך געה שוין אוועק, און גווינפּעלין, אָה, געהערטע דאַמען און הערען, און דאַן נאָך אן ארטיסט, אַט דער אויסערגעוועהנליכער און באַוואַקסענער תּערזאַן וואָס אקאָמפּאַנירט אונז, סינאָר האָמאָ, אמאָל געווען א ווילדער הונט, היינט א ציוויליזירטער וואָלף, און א געטרייער דינער פון דער קעניגין. האָמאָ איז אן אקטיאָר מיט אויסער־געוועהנליכע פעהיגקייטען, זייט אויפמערקזאַם און הערט זיך צו, איהר וועט אין גיכען זעהען האָמאָן שפּילענדיג אזוי גוט ווי גווינפּעלין. און קונסט מוז מען פארעהרען, דאָס פּאַסט פאַר א גרויס פאָלק, זייט איהר מענשען פון דער ווילדערניש, צוויי ארטיסטען זענען זיכער ווערט די אויפמערקזאַמקייט פון יעדען איינעם פון אייך. גוט, זיי האָבען איצט געוואָרפען דעם וואָרצעל פון א קעפּעל קרויט אויף מיר, אָבער עס האָט מיר ניט געטראָפען, דערפאַר וועל איך ניט אויפהערען רעדען, אין געגענטייל, נאָר פייגלינגע אנטלויפען פון געפאַר. מיינע געהערטע צושויער, צווישען אייך זענען דאָ שכור׳ע מענער, און אויך

שכור'ע פרויען, דאס ארט מיר ניט. די מענער זענען געזונט און קרעפטיג, די פרויען שוידערליך, איהר האט אלע אורזאכען זיך אויס־צוליינען אויף די בענק דא, אבער עס איז אביסעל צו געפאקט, צווי־שען איין אונאנשטענדיגקייט און א צווייטע, דארף מען זיך אויסרו־הען. איהר ווילט טומלען, טומעלט, אבער יעדער טומעל מוז זיך דאך רוען עס איז איינשטילען. איהר זייט פרעהליך אבער אביסעל צו שריי־ענדיג, וואס וואלט איהר געזאגט, ווען איהר וואלט געדעט פון ליעבע צו א דאמע אין עפעס א ווינקעל, וואלט איך אויף אייך געבולען? איהר וואלט זיך געפיהלט גאר ניט גוט. נו, מיר פיהלען זיך אויך ניט גוט. איך באפעל אייך צו שווייגען. קונסט דארף אזוי רעספעקטירט ווערען, ווי הוליאנקעס — איך רעד צו אייך אפען."

ער האט זיך אפגעשטעלט.

„זאל דיר די היץ נעמען, מיט דיינע אויגען און ברעמען ווי די בארד ביי א ציג!"

און ער האט געענטפערט.

„געעהרטע הערען, לאמיר די ציגען צורוה לאזען. מען איז אונגע־רעכט צו די חיות ווען מען געפינט אין זיי מענשליכע עהנליכקייטען, אויסער דעם, פון היץ שטארבט מען ניט אלעמאל. א פאלשער מע־טאפאר. איך בעט אייך זייט רוהיג. ערלויבט מיר אייך צו זאגען, אז אייך פעלט עפעס שעהנעס וואס כאראקטעריזירט אמת'ע ענגלענדער, איך זעה אז די פון אייך וואס האבען שיך דורך וועלכע די פינגער קוקען ארויס, באנוצען זיך דערמיט, און לעגען ארויף זייערע פיס אויף די אקסלען פון די וואס זיצען פאר זיי, און דאס גיט די דאמען א געלעגענהייט צו מאכען א באמערקונג וועגען זייערע פיס. ווייזט אייערע פיס אביסעל ווינציגער און אייערע הענט אביסעל מעהר. איך זעה פון דאנען קעשענע גנבים, ארייַנשטעקענדיג זייערע הענט אין די קעשענעס פון זייערע אונווירדיגע שכנים, זייט אביסעל איינ־געהאלטען, מיינע טייערע בייטעל שניידער, ברעכט אן אייער שכן די ביינער אויב איהר ווילט אבער לאזט איהם ניט מיט קיין ליידיגע קעשענעס. מענשען וועלען אויף אייך זיין ווינציגער אין כעס אויב איהר וועט ביי זיי בעטען אן אויג, ווי ווען איהר וועט ביי זיי גנבענען א פעני, צוקאליעטשעט זייערע נעז, זיי ארט ווינציגער פאר זייער שעהנהייט ווי פאר זייער געלט. איך אבער שיק אייך מיין טיפסטע

סימפּאַטיע, און איך בין ניט פּעדאַנט גענוג צו פאַרדאַמען גנבים. שלעכטס עקזעסטירט. מיר אלע ליידען דערפון און מיר אלע טוען דאָס. איך אליין האָב א סך פעלערען באַגאַנגען."

אורסוס האָט אַרויסגעלאָזען א לאַנגען ברום און פאַרענדיגט מיט די ווערטער.

„מיינע לאָרדען און עהרענלייט, איך זעה אז מיין רעדע האָט אייך ניט צופריעדען געשטעלט. איך וועל אייך באַפרייען, איצט וועט זיך די פאָרשטעלונג אנהויבען."

ער האָט פאַרבּיטען דעם אָראַטאָרישען טאָן פאַר אַן אַלטעגלי־כען.

„פּאַרציהט דעם פּאַרהאַנג איך וויל אַפּאַטעמען, איך בין צו זיי געווען זיס ווי האָניג, איך האָב גוט גערעדט, איך האָב זיי אָנגערופען לאָרדס, און הערען. א סאַמעטענע אבער נוצלאָזע שפּראַך, וואָס זאָגסטו וועגען דער באַנדע שכורים גווינפּעלין? ווי גוט מען קען פאַרשטעהן די ליידען פון ענגלאַנד פאַר די לעצטע פּערציג יאָהר, ווי־ פיעל זי האָט געדאַרפט אויסשטעהן פון די ווערים. די אַלטע ענג־ לענדער האָבען ליעב געהאַט דעם קאַמף, די זענען מוטלאָזע מעלאַנ־ כאָלישע מענשען און זיי האַלטען דאָס פאַר א כבוד, פאַראַכטען דאָס געזעץ און זיך אויסלאַכען פון דער קעניגליכער אויטאָריטעט. איך האָט געטאָן וואָס שעהנע רייד קענען נאָר טאָן, איך האָב זיי אָנגע־ רופען מיט שעהנע נעמען, געזאָגט זיי גוטע זאַכען, געשמייכעלט זיי, זענען זיי ווייכער געוואָרען? איך צווייפעל. וואָס קען מען ערוואַר־ טען פון א פאָלק וואָס עסט אזוי פיעל, און שטאָפּען זיך אָן מיט טאַ־ באַק. אין דער לאַנד האַלטען שרייבער די לולקע אין מויל ווען זיי שאַפען זייערע ווערק. זאָל שוין אבער זיין גענוג צו רעדען, מיר וועלען אַנפאַנגען שפּילען."

מען האָט געהערט ווי די רינגען פון די פאָרהאַנגען גליטשען זיך אויף דעם שטעקען, די ציגיינערינס האָבען אויפגעהערט קלאַפּען און טרובען.

אורסוס האָט דורכגעפיהרט דעם פּראָלאָג פאַר גווינפּעלינען אין זעהר א נידעריגען טאָן.

„היי, גווינפּעלין, ווי מיסטעריעז דאָס איז."

די פאָרשטעלונג, איז געווען ווי געוועהנליך אבער אָהן די ליכט

עפעקטען. דער וואלף האט געשפיעלט ווי אלעמאל, און אין דער נויטיגער צייט האט דיא געמאכט איהר אויפטריט, און מיט איהר געטליבע און ציטערדיגע שטימע האט זי געראטעוועט גווינפּלינען. זי האט אויסגעשטרעקט איהר האנט זוכענדיג גווינפּלינס קאפּ.

אורסוס האט ארויפגעווארפען אויף זיין קאפּ א פּארוק וואס ער האט פון פריהער אנגעגרייט, ער האט איהם צושויבערט, און אזוי האט ער אונטערגערוקט זיין קאפּ אונטער דיא'ס האנט.

און דאן האט ער זיין גאנצען טאלאנט ווי איין ווענטראלאגיסט אויסגענוצט, נאכמאכענדיג גווינפּלינס שטימע, ער האט געזונגען, יועגען ליעבע; דעם ענטפער וואס דער מאנסטער זינגט צו דעם גייסט.

ער האט איהם אזוי גוט נאכגעמאכט אז די ציגיינערינס האבען זיך ארומגעקוקט צו זעהען אויב עס איז טאקע ניט גווינפּלין וואס רעדט.

דער איינגעל האט אפּלאדירט, געשריען, געטופּעט מיט די פּיס און ער איינער אליין האט געמאכט אזא טומעל ווי די גאנצע טרופּע אלימפּישע געטער. דער איינגעל, מוזען מיר דא באמערקען האט געהאט אן אויסערגעוועהנליכען טאלאנט פאר א צושויער.

פיבי און ווינאס האבען ווי אטאמאטען וואס אורסוס האט געצווינגען ביי א שטריקעל, אנגעמאכט דעם געוועהנליכען טומעל קלאפּענדיג אויפ'ן פויק און טרומפּייטענדיג, ווי זיי האבען אלעמאל געטאן אין דער צייט ווען דאס פּובליקום האט פּארלאזען דעם הויף.

אורסוס האט גערעדט צו האמאן:

„דו פּארשטעהסט, האמא, עס איז געווען א פראגע פון געווינען צייט, און מיר דאכט זיך אז מיר האבען געהאט אן ערפאלג. איך האב דאס ניט דורכגעפיהרט אזוי שלעכט, איך, וואס איך האב א רעכט געהאט צו זיין אויפגעבראכט. גווינפּלין קען נאך צוריק קומען ביז מארגען. עס וואלט געווען נוצלאז צו הר'גענען א מענשען אט אזוי זיך. איך ערקלער דיר דאס אלץ.“

ער האט אראפּגענומען דעם פּארוק און אבגעווישט דעם שטערען.

„איך בין א געניאלער ווענטרולאגיסט. וואס פאר א טאלאנט איך האב. איך וואלט זיך קענען פּארגלייכען מיט בארבענטען, דעם ווענטרולאגיכט פון פרענסעס דעם ערשטען קעניג פון פראנקרייך. דיא איז זיכער אז גווינפּלין איז דא.“

„אורסוס האָט דיאַ געפרעגט: „וואו איז גווינפּעלין?“
אורסוס האָט זיך אַ צאַפּעל געטאָן.
דיאַ איז געשטאַנען אויף יענער זייט ביהנע גלייך, די לאַמטערנע האָט באַלויכטען איהר פּנים, זי איז געווען בלאַס, מיט דער בלאַס־קייט פון אַ גייסט.
זי האָט ווייטער גערעדט, מיט דעם רוהיגען שמייכעל פון פאַר־צווייפלונג.
„איך ווייס ער האָט אונז פאַרלאָזען. איך האָב שוין פון לאַנג געזאָגט אַז ער האָט פליגלען.“
און אויפהויבענדיג איהרע אויגען צו דער אונענדליכקייט האָט זי געפרעגט:
„ווען וועל איך דאָס שוין טאָן?“

---

## 14טער קאַפּיטעל.

אורסוס איז געבליבען אָהן לשון;
זי האָט פון אלץ געוואוסט.
איז דאָס געווען דערפאַר וואָס ער איז אַ שלעכטער ווענטרולאָ־גיסט? זיכער ניט. ער האָט געקענט אָפּנאַרען פיבין און ווינסאַ'ן און זיי האָבען געהאַט אויגען. און דיאָן ניט, און זי איז אַ בלינדע. עס איז געווען דערפאַר וואָס ביי ווינסאַנען און פיבין האָבען נאָר די אויגען געקענט זעהען און ביי איהר האָט די האַרץ געזעהען.
ער האָט ניט געקענט ענטפערען, ער האָט קיין וואָרט ניט גע־קענט זאָגען.
אין קאָמפּליצירטע עמאָציעס איז ערנידערונג דער ערשטער קלאַ־רער געפיהל. אורסוס האָט געטראַכט:
„אומזיסט מיין ארבייט.“
און ווידער טרוימער וואָס פאַלט דורך האָט ער זיך געשאָלטען.

„איך טויג צו גאר ניט, איך האב געמיינט איך קען עפעס אויפ־טאן, אבער איך האב א טעות געהאט. וואס וועט איצטער זיין?“

ער האט געקוקט אויף דיאן, זי איז געווארען אלץ בלאסער און בלאסער. זי האט זיך קיין ריהר ניט געטאן. איהרע בלינדע אויגען זענען געווען אנגעשטעלט אויף איין פלאץ.

עטוואס האט פאסירט אין דער ריכטיגער צייט.

אורסוס האט באמערקט ווי דער הער ניקעלס איז געשטאנען אין הויף מיט א ליכט אין דער האנט און געמאכט צייכענס צו איהם.

הער ניקעלס איז ניט געווען אנוועזענד ביי דעם סוף פון דער פארשטעלונג, דאס איז געווען דערפאר וואס ער האט געהערט א קלאפען אין טיר פון זיין קרעטשמע, איז ער אוועק עפענען. מען האט צוויי מאל געקלאפט און ער האט צוויי מאל געגאנגען עפענען. אור־סוס וואס איז געווען פארנומען מיט זיין מאנאלאג האט גאר ניט געהערט און פון גארניט געוואוסט.

אורסוס איז אראפגעגאנגען צום הער ניקעלס אויף זיין שטומען רוף.

ער איז צוגעגאנגען צו דעם קרעטשמער.

אורסוס האט ארויפגעלייגט זיין פינגער אויף די ליפען, א צייכען צו רעדען שטיל.

זיי האבעןביידע געקוקט איינע אויף די אנדערע.

ווי זיי וואלטען זאגען: מיר וועלען רעדען אבער מיר וועלען זיין רוהיג.

דער קרעטשמער האט שווייגענדיג געעפענט די טיר פון דער קרעטשמע, זיי זענען דארט ביידע ארייגעגאנגען, קיינער איז דארטען ניט געווען. אין פארענט צו דער גאס איז די טיר און די פענסטער געווען פארמאכט.

דער קרעטשמער האט פארמאכט די טיר צום הויף הינטער זיי.

ער האט אוועקגעשטעלט די ליכט אויפ'ן טיש.

א געשפרעך האט זיך אנגעפאנגען אויף די נידעריגסטע טענער.

„הער אירסוס.“

„הער ניקעלס.“

„ענדליך פארשטעה איך שוין.“

„נא.“

„איהר האָט געוואָלט מאַכען גלויבען דער אָרימער בלינדער מיי־דעל, אַז אַלץ איז דאָ ווי געוועהנליך.“
„עס איז ניטאָ קיין געזעץ וואָס פאַרבאָט צו זיין אַ ווענטרילאָ־גיסט.“
„איהר האָט טאַלאַנט.“
„ניין.“
ס'איז וואונדערבאַר ווי איהר קענט מאַכען וואָס איהר ווילט.
„איך זאָג אייך ניין!“
„איך וויל רעדען מיט אייך.“
„וועגען פּאָליטיק?“
„איך ווייס ניט.“
„אויב יע, וועל איך זיך גאָר ניט צוהערען.“
„הערט זיך איין, ווען איהר האָט געשפּיעלט אין דער שטיק און אויך דאָס פּובליקום, האָט מען געקלאַפּט אין דער טיר פון קרעטשמע.“
„מען האָט געקלאַפּט אין טיר פון קרעטשמע?“
„יע.“
„עס געפעלט מיר ניט.“
„מיר אויך ניט.“
„און נאָך דעם?“
„נאָכדעם האָב איך געעפענט די טיר.“
„ווער האָט געקלאַפּט?“
„אימיץ וואָס האָט צו מיר גערעדט.“
„וואָס האָט ער געזאָגט?“
„איך האָב זיך צוגעהערט.“
„וואָס האָסטו געענטפערט?“
„גאָרניט, איך בין צוריקגעגאַנגען און געקוקט ווי איהר שפּילט.“
„און...?“
„און מען האָט נאָך אַמאָל געקלאַפּט.“
„ווער איז דאָס געווען? דער זעלבער מענש?“
„ניין אַן אַנדערער.“
„נאָך אימיצער וואָס האָט גערעדט צו אייך?“
„אימיץ וואָס האָט גאָר ניט געזאָגט.“
„דאָס האָב איך בעסער ליעב.“

„איך ניט."
„ערקלערט וואס איהר ווילט, הער ניקעלס."
„טרעפט ווער עס האט דעם ערשטען מאל גערעדט צו מיר."
„איך האב ניט קיין צייט צו טרעפען."
„עס איז געווען דער באליבאס פון צירק."
„געגענאיבער?"
„געגענאיבער."
„פון וואנען די שוידערליכע מוזיק קומט?"
„יע, שוידערליכע."
„נו?"
„נו?"
„הער אורסוס, ער מאכט אייך אן אנבאט."
„אן אנבאט?"
„אן אנבאט."
„פארוואס?"
„אזוי."
„איהר זענט גליקליכער פון מיר הער ניקעלס, איהר האט מיין רעטעניש פון פריהער יע פארשטאנען און איך אייערע קען ניט פאר־שטעהן.

„דער באליבאס פון צירק בעט מיר איך זאל אייך זאגען אז ער האט געזעהען די פראצעסיע היינט אין דער פריה, און אז ער, דער באליבאס פון צירק, וועלענדיג אייך ווייזען אז ער איז אייערער א פריינט, וויל ביי אייך אפקויפען פאר פופציג פונט שטערלינג אייער אלטען וואגען, די גרינע קאסטען,ביידע פערד, די טרומפייטען און די פרויען וואס בלאזען אין זיי. די שטיק און די בלינדע מיידעל וואס שפילט אין איהר, אייער וואלף, און אלס צוגאב אייך אליין."

אורסוס האט געשמייכעלט.

„באליבאס פון קרעטשמע, איהר וועט זאגען דעם באליבאס פון צירק, אז גווינפעלין קומט צוריק."

דער קרעטשמער האט זיך אויפגעהויבען צוגעגאנגען צו א שטול און אויפגעהויבען עטוואס דונקעלעס. ער האט זיך אומגעקערט צו אורסוסען און איהם געוויזען, א מאנטעל, א הוט און נאך אנדערע זאכען.

און ער האָט געזאָגט:

„דער מענש וואָס האָט דעם צווייטען מאָל געקלאַפּט, איז געווען א מענש פון דער פּאָליציי און ער האָט מיר דאָס געגעבען ניט זאָגענדיג קיין וואָרט."

אורסוס האָט דערקענט גווינפּעלינס זאַכען.

---

## 15טער קאַפּיטעל.

אורסוס האָט געהאַלטען אין האַנט גווינפּעלינס הוט, געטאַפּט די סחורה פון זיין מאַנטעל, עס איז אַזוי זיכער געווען אַז דאָס איז זיינע אַז ער האָט פאַר איין מאָמענט ניט געצווייפעלט אין דעם. א לאַנגע צייט האָט ער די זאַכען זיינע אין האַנט געהאַלטען, און דאַן האָט ער מיט א שנעלער באַוועגונג אַנגעוויזען דעם קרעטשמער אויף דער טיר. דער קרעטשמער האָט געעפענט די טיר און אורסוס איז מיט זיין גאַנצען אימפּעט ארויסגעלאָפען.

דער קרעטשמער האָט איהם נאָכגעקוקט און געזעהען ווי ער לויפט, אַזוי שנעל ווי זיינע אַלטע כחות ערלויבען איהם נאָר, ער איז געלאָפען אין דעם זעלבען וועג, ווי דער וואַפּענטרעגער האָט אין דער פריה געפיהרט גווינפּעלינען.

א פערטעל שטונדע שפּעטער איז אורסוס געקומען אין דער געסעל, וואו דער וואַפּענטרעגער האָט אריינגעפיהרט גווינפּעלינען, און וואו ער איז פריהער געשטאַנען אַזוי פיעל שטונדע און געהיט.

אין דער שמאָלער געסעל איז קיינער ניטאָ אפילו אין גרויסען טאָג, עס האָט אויסגעוויזען אַזוי ווי זיי וואָלטען מורא געהאַט אַז די צוויי ווענט זאָלען זיך ניט צוזאַמען קומען, אַז דער בית־עולם און די טורמע זאָל זיי ניט צוזאַמענקוועטשען. ביינאַכט איז דאָרט נאָך מורא'דיגער געווען, ווען מען איז צוגעקומען צום געסעל ווען עס איז שוין פינסטער געווען איז אַנגעפאַלען א שרעק אויפ'ן מענשען פון

וועלכען ער האָט זיך א לאַנגע צייט ניט געקענט באַפרייען.

ווי מיר האָבען פריהער געזאָגט, האָבען די איינוואוינער פון סאוטוואק אויסגעמידען יענע געסעל, אינסטינקטיוו מורא האָבענדיג. פריהעריגע צייטען איז די געסעל געווען פאַרמאַכט ביי נאַכט, מיט אן אייזערנע קייט, דאָס איז אָבער געווען נוצלאָז, די בעסטע קייט צו פאַרמאַכען יענע געסעל איז געווען דער שרעק וואָס האָט יעדען איינעם ארומגענומען אזוי שנעל ווי מען איז צוגעגאַנגען נאָהענט צו איהר.

אורסוס איז אָבער אריינגעגאַנגען אין איהר.

וואָס האָט ער באַצוועקט? גאָרניט.

ער איז געקומען אין דער געסעל עפּעס אויסצוגעפינען. איז ער געווען באַשלאָסען צו קלאַפּען אין דער טיר פון טורמע? געוויס ניט. אָט די שוידערליכע און נוצלאָזע מהאָט איז איהם גאָר אויפ'ן געדאַנק ניט ארויפגעקומען. מאַכען א פאַרזוך זיך אליין פאַרצושטעלען, כדי עפּעס אויסצוגעפינען? דאָס וואָלט געווען משוגעת.

טורמעס עפענען זיך נאָר פאַר די וואָס דאַרפען אריינגעהן און פאַר די וואָס דאַרפען ארויסגעהן. די טיר הייננגט אויף די זאַוויעסעס פון געזעץ. אורסוס האָט דאָס געוואוסט, וואָס דען האָט ער געוואָלט טאָן? צו זעהען, צו זעהען וואָס? גאָרניט. ער האָט אליין ניט גע־וואוסט. אפשר אָנצוקוקען נאָך אמאָל די טיר אין וועלכע גווינפּעלין איז פאַרשוואונדען געוואָרען. צייטענווייז רעדט צו אונז די טרויע־ריגסטע און שוואַרצסטע וואַנט, א שטראַהל שפּראַצט ארויס פון צווי־שען די שטיינער, צייטענווייז זעהען מיר א שימער פון ליכט, וואָס מאַכט פאַר אונז קלאָר אלץ וואָס מיר ווילען. אויספאָרשען עטוואָס, מוז מען גוט באַטראַכטען אלץ וואָס וויקעלט יענער זאַך ארום. מיר ווילען אלע, אינסטינקטיוו, אזוי קלאָר ווערען אין דער פּאַסירונג ווי־פיעל עס איז נאָר מעגליך, דערפאַר איז אורסוס געקומען אין דער געסעל, וואו קיינער קומט געוועהנליך ניט.

אין דעם מאָמענט וואָס ער איז אריינגעגאַנגען אין דער גאַס, האָט ער דערהערט דעם קלונג פון א גלאָק, און דאַן א צווייטען.

„וואָס איז דאָס?" האָט ער געטראַכט. „ס'איז שוין אין מיטען נאַכט?"

מעכאַניש האָט ער גענומען צעהלען.

„דריי, פיער, פינף."

„ווי אויסגעצויגענע די גלאָקענע קלאַנגען זענען", האָט ער גע־טראַכט, „ווי לאַנגזאַם. זעקס, זיבען."

„ווי טרויעריג די גלאָקען קלינגען. אכט, ניין. אַה, ס'איז קלאָר, אַזייגער איז אויך אומעדיג אין טורמע. צעהן, עלף. און דער בית־עולם איז נאָך דערביי. גאָט מיינער, אויסצוקלינגען די שטונדען פון אַ מענש וואָס איז שוין ניט מעהר פריי, איז אויך אויסקלינגען אַן אייביג־קייט! !— צוועלף."

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

„יע עס איז שוין אין מיטען נאַכט."

דער גלאָק האָט אַ דרייצעהנטען מאָל געקלונגען.

אורסוס איז אויפגעשפּרונגען.

„דרייצעהן."

דאַן האָט דער גלאָק אַ פערצעהנטען מאָל און אַ פופצעהנטען מאָל געקלונגען.

„וואָס באַדייטעט דאָס?"

די גלאָקען קלאַנגען האָבען אָנגעהאַלטען.

אורסוס האָט זיך איינגעהערט.

„ס'איז ניט קיין זייגער גלאָק, ס'איז אַ טויטען גלאָק. וואָס קומט דאָ איצטער פאָר?"

אַמאָליגע צייטען האָט יעדער טורמע, ווי יעדער קירכע געהאַט זיין טויטען גלאָק. דער גלאָק איז געווען אַזאַ וואָס האָט געקלונגען זעהר שטיל און עס האָט דעם איינדרוק געמאַכט, אַז דער גלאָק טוט אַלץ וואָס עס איז נאָר מעגליך מען זאָל איהם ניט הערען.

אורסוס איז צוגעקומען צו דעם ווינקעל וואו ער איז פריהער גע־שטאַנען, כמעט ווי דעם גאַנצען טאָג, און וואַרטען, זעהען וואָס דאַ וועט פאָרקומען.

דער גלאָק האָט אַזוי אָנגעהאַלטען זיין לאַנגזאַמען געקלאַנג.

דער טויטען גלאָק מאַכט אַ טרויעריגען איינדרוק אויפ'ן מענ־שען, אַזאַ לאַנגזאַמער ווי אַ לויה פּראָצעסיע. אַ טרויעריגער גלאָק, גאָר ניט זאָגענדיג, נאָר טרויעריג ווי די וידוי פון אַ שטאַרבענדען.

אורסוס האָט געצעהלט די קלאַנגען, זיך שרעקענדיג, ווען אפילו ער האָט ניט געהאַט פאָר וואָס. ער האָט געפיהלט ווי ער וואָלט גע־

שטאַנען אויף אַ משופּע'דיגען באַרג. ער האָט ניט געוואָלט מאַכען קיין השערה, השערות זענען געפערליכע אַבגרונטען, וואו מען טאָר זיך ניט לאָזען פאַרפיהרען. אָבער פאַרט וואָס האָט דער גלאָקען קלאַנג באַ־דייט?

ער האָט געקוקט אין דער פינסטערניש אויף דעם פּלאַץ וואו די טיר איז געווען.

מיט אַמאָל, אויף דעם פּלאַץ, וואָס האָט אויסגעזעהען ווי אַ לאָך אין דער פינסטערניש, האָט אַ רויטער גלאַנץ זיך באַוויזען. ״ר איז געוואָרען שאַרפער און שאַרפער ביז מען האָט געקענט זעהען אַז ״אָס איז אַ ליכט.

די רויטע ליכט האָט געפינקעלט, באַלד האָט דאָס צו וואַרפען שאָטענס אויף אַלע זייטען, און די שאָטענס האָבען געטאַנצט, זיך געוואָרפען. די טיר האָט זיך געעפענט ווייגען.

אַ טורמע טיר עפענט זיך ניט, זי האָט זיך צושפּרייט, ווי אַ גע־נעץ, פון לאַנגווייליגקייט געווים.

אַ מאַן איז פון יענער לאָך אַרויסגעקומען. ער האָט געטראָגען אַ פּאַקעל אין זיין האַנט.

דער גלאָק האָט נאָך אַלץ געקלונגען. אורסוס איז אַרומגענומען געוואָרען פון צוויי ערוואַכונגען. זיין אויער איז געווען געווענדעט צום גלאָק, זיין אויג צום פּאַקעל.

נאָך דעם ווי דער מאַן איז אַרויס, האָט זיך די טיר ברייטער געעפענט און נאָך צוויי מענער זענען אַרויס, דאָן אַ פערטער. דער פערטער איז געווען דער וואַפּענטרעגער. אורסוס האָט איהם דערקענט דורך דער ליכט פון דעם פּאַקעל. דער וואַפּענטרעגער האָט געהאַלטען זיין אייזערנעם שטאַנג.

נאָך דעם וואַפּענטרעגער זענען נאָך אַנדערע אַרויסגעקומען, צו צוויי זענען זיי אַרויס, און אַלע זענען שטיל געווען. די בייגאַכטיגע פּראָצעסיע, איז געווען אַן ערענסטע, כמעט אַ הייליגע, שטיל אַהן טומעל זענען זיי אַרויסגעקומען, שלאַנגען קריכען פון זייערע לעכער אַרויס אויף דעם זעלבען אופן.

דורך דעם פּאַקעל האָט מען געקענט זעהען די פיגורען און פון אייניגע די פּנים'ער, טרויעריגע פיגורען, ווילדע פּנים'ער.

אורסוס האָט דערקענט די פּאָליציי וואָס האָבען היינט פריה גע־

פיהרט גווינפּעלינען. זיי זענען ארויסגעקומען, אפשר וועט גווינפּע־
לין אויך ארויסקומען. זיי האָבען איהם אהין געפיהרט און זיי פיהרען
איהם ארוים. דאָס איז קלאָר.

אורסוסעס אויגען זענען געווען אַנגעשטריינגט, ווען זיי זעהען
גווינפּעלינען א באַפרייטען?

נאָך פּאָליציי זענען ארויסגעקומען פון דער לאָך, צו צוויי זענען
זיי געגאַנגען און לאַנגזאַם, ווי מראַפּען נאָך טראַפּען.

א צווייטער פּאַקעל האָט זיין ליכט געוואָרפען פון יענער זייט
טיר, דאָס איז געווען די ענדע פון דער פּראָצעסיע.

אורסוס וועט באַלד זעהן וואָס זיי האָבען געפיהרט, דעם גע־
פאַנגענעם, דעם מענשען.

אורסוס וועט באַלד דערזעהען גווינפּעלינען.
וואָס האָבען זיי ארויסגעבראַכט?
עס איז געווען א טרונע.
פיער מענשען האָבען געטראָגען א טרונע באַדעקט מיט א שוואר־
צער טוך.

הינטער זיי איז געגאַנגען א מענש מיט א רידעל אויף זיין אקסעל.

א דריטער אָנגעצונדענער פּאַקעל איז געהאַלטען געוואָרען פון
איינעם וואָס האָט געלייענט א בוך און דאָס איז וואַרשיינליך דער
גייסטליכער פון טורמע. ער איז געווען דער לעצטער אין דער פּראָ־
צעסיע.

די וואָס האָבען געטראָגען זענען נאָכגעגאַנגען די פריהעריגע
מענשען, דער וואָס איז געגאַנגען דער ערשטער איז שטעהן געבליבען.

אורסוס האָט געהערט ווי מען שליסט אָפּ א שלאָס.

אויף יענער זייט גאַס, ביי דער נידעריגער וואַנט האָט זיך נאָך
א טיר געעפענט, און איז באַלויכטען געוואָרען פון א פּאַקעל. זיי זענען
דאָרט אריין. דער טויער אויף וועלכען מען האָט געקענט זעהען די
קאָפּ פון א סקעלעט איז געווען דער בית־עולם.

דער וואַפּענטרעגער איז אריין אין דער ערעפענונג דאָן די מע־
נער, און דאָן דער מיט דעם צווייטען פּאַקעל. זיי זענען אלע פאַר־
שוואונדען געוואָרען אהין, ווי א שלאַנג וואָס קריכט אריין אין זיין
לאָך; די גאַנצע גרופּע פּאָליציי זענען אריין אויף יענער זייט פון דער
וואַנט, דאָן איז די טרונע אריין, דאָן דער מענש מיט'ן רידעל און דאָן

דער גייסטליכער מיט'ן פאקעל און מיט זיין בוך, און דער טויער האט זיך ווידער פארמאכט. מען האט קיין זאך מעהר ניט געזעהען ווי א שימער פון יענער זייט וואנט.

דאן האט מען געהערט א שטילען מורמעל און טעמפע קלעפ.

דאס איז אהן צווייפעל געווען דער גייסטליכער און דער קברות־מאן, וואס האבען געווארפען אויף דער טרונע, איינער געבעט און דער צווייטער ערד.

דער מורמלען האט אויפגעהערט, דער טעמפער קלאפען האט אויפגעהערט.

א באוועגונג איז געמאכט געווארען, די פאקלען האבען געשיינט און געווארפען זייער ליכט. דער וואפענטרעגער איז ערשינען, האל־טענדיג זיין אייזערנעם שטאנג גלייך פאר זיך. דורך דער אפענער טיר פון דעם בית־עולם זענען זיי אלע ערשינען, דער גייסטליכער מיט זיין בוך, דער קברות־מאן מיט זיין רידעל און דער גאנצער סקאד־ראן פאליציי נאך אהן דער טרונע. זיי האבען דורכגעמאכט דעם זעל־בען וועג נאך אמאל, נאך אמאל זענען זיי געגאנגען פון איין טויער אין דעם צווייטען, שווייגענדיג ווי פריהער, נאך אמאל האט זיך דער טויער פון דעם בית־עולם פארמאכט און דער טויער פון טורמע גענע־פענט. די טיר פון דעם אבגעזונדערטען קבר איז נאך אמאל באלויכ־טען געווארען, די פינסטערע קארידארען זענען באלויכטען געווארען פאר א ווײלע, דאן האט זיך די טיר ווידער פארמאכט, ווידער איז געווארען פינסטער און די פינסטערע שווארצע וואנט איז ווידער גע־שטאנען אזוי ווי פריהער און אנגעווארפען א מורא.

דער טויטען גלאק איז אבגעשטארבען, שטיל ארום און ארום.

דער פארשוואונדענער גייסט איז אלץ וואס איז איבערגעבליבען.

א דורכגאנג פון גייסטער וואס זענען צושוואומען אין דער לופט.

פאסירונגען זענען זיך צוזאמענגעקומען אויפ'ן לאגישסטען אופן. עס איז אויפגעבויט געווארען א גאנצע סטרוקציע וואס האבען אויפ־געזעהען ווי באווייזע, גווינפעלין איז ארעסטירט געווארען, דער שטי־לען וועג ווי ער איז ארעסטירט געווארען, די זאכען זיינע וואס מען האט געבראכט צוריק, און צו דעם טויטען גלאק פון טורמע איז נאך צוגעגעבען געווארען די טראגישע פאסירונג — א טרונע דורכגעפיהרט און דאס אריינגעלייגט אין דער ערד.

„ער איז טויט". האָט אורסוס אויסגעשריען.

ער איז אוועקגעפאַלען, אין א האַלב זיצענדיגער פּאָזע אויף א בריקעל.

„טויט. זיי האָבען איהם דער׳הרגעט! גווינפּעלין, מיין קינד, מיין זוהן!"

און ער האָט זיך ביטער צואוויינט.

---

## 16טער קאַפּיטעל.

אורסוס האָט זיך אַלע מאָל באַריהמט אז ער האָט קיין מאָל ניט געוויינט. האָט איצט אויסגעבראָכען אין א פּלוס פון טרעהרען. זיין טרעהרען־לייטונג איז געווען פול. קיינמאָל ניט גענוצט געוואָרען, עס האָט זיך דאָרטען אָנגעזאַמעלט טראָפּען נאָך טראָפּען, וויטאָג נאָך וויטאָג, פון א גאַנצען לעבען, און אזוי פיעל קען מען מיט אמאָל ניט אויסנוצען. אורסוס האָט א לאַנגע צייט געוויינט.

דער ערשטער טרער איז ווי א שפּיז. ער האָט געוויינט ווי אַן אַלטער מאַן, ער האָט געוויינט ווי א קינד, ער האָט געוויינט איבער ווינפּעלינען, ער האָט געוויינט איבער דיאַן, איבער זיך אַליין, אורסוסען, איבער האָמאָן. ער האָט געוויינט איבער אַלץ, וועגען וואָס ער האָט פריהער געלאַכט. ער האָט באַצאָהלט זיין שטראָף. דעם מענשענס טרערען מוזען אויסגענוצט ווערען.

אין דער אמת׳ן איז דער טויטער וואָס איז באַגראָבען געוואָרען יעווען האַרדקוואַנאָן. אָבער אורסוס האָט דאָס ניט געוואוסט.

א לאַנגע צייט איז אזוי אוועק.

עס האָט שוין אָנגעפאַנגען צו טאָגען.

דער בלאַסער פריהמאָרגען, האָט זיך גענומען אויסשפּרייטען, פון אָנפאַנג דונקעל און דאַן העלער און העלער, ביי דער טאָדקאַסטער קרעטשמע איז שוין געווען גרויסער טאָג. הער ניקעלס איז ניט גע־

גאנגזע שלאפען, צייטענווייז פאראורזאכען די זעלבע פאקטען, די זעל־
בע קראנקהייטען ביי א סך מענשען.

קאטאסטראפען ווארפען זייערע שטראהלען אויף אלע זייטען.
ווארפט אריין א שטיינדעל אין א טייך און צעהלט איבער די שפריי־
צען.

דער ניקעלס האט געפיהלט אז מען האט איהם פארדעכטיגט.
עס איז ניט אזוי אנגענעם צו האבען אזעלכע ערפאהרונגען אין א
אייגענע הויז. דער ניקעלס איז געווען זייער אונרוהיג, און פארויס
זעהענדיג קאמפליקאציעס האט ער איצט געטראכט. איהם האט פאר־
דראסען וואס ער האט „די מענשען" אריינגענומען צו זיך אין הויז.
יוען ער וואלט נאר געוואוסט! — זיי וועלען נאך אויף איהם אן אומ־
גליק ברייגגען. נו אבער, ווי קען מען זיי איצט ארויסווארפען? ער
האט מיט אורסוסען א קאנטראקט, ווי גוט איהם וואלט געווען ווען ער
וואלט געקענט פטור ווערען פון איהם. ווי קען ער זיי פארט אוועק־
טרייבען?

מיט אמאל האט ער דערהערט א טומעלדיגען קלאפען אין זיין
טיר, אזוי קלאפט אין ענגלאנד נאר א „מענש מיט רעכט". און די
שטארקייט פון די קלעפ ווענדעט זיך נאר נאך דעם ראנג פון דעם
מענשען.

דאס איז געווען ווי דער קלאפען פון א לארד, אבער עס איז נאר
געווען א ריכטער.

דער קרעטשמער האט, ציטערענדיג, האלב געעפענט די טיר.

עס איז ווירקליך געווען א ריכטער. עפענענדיג די טיר האט ער
דערזעהען א סך פאליציי, פון וועלכע צוויי זענען אבגעטיילט געווען.
איינער פון די צוויי איז געווען א געזעץ־היטער.

דער זעלבער איז אין דער פריה געשטאנען ביי זיין טיר ווען מען
האט גענומען גווינפעלינען, ער האט איהם דערקענט.

דעם צווייטען האט ער ניט געקענט.

דאס איז געווען א פעטער הער מיט א פנים פון וואקס, א פאר־
רוק און א רייזע מאנטעל.

דער ניקעלס האט זיך געשראקען פאר דעם ערשטען פון די צוויי
מענשען. דעם געזעץ־היטער, וואלט דער הער ניקעלס געווען באקאנט

מיט דעם לעבען אין הויף וואָלט ער זיך מעהר געשראָקען פאַר'ן צווייטען, דער איז געווען באַרקילפעדראַ.

איינער פון די מענשען פון דער גרופּע האָט דאָס אַזוי שטאַרק געקלאַפּט אין דער טיר.

דער קרעטשמער האָט געעפענט, גרויסע טראַפּענס שוויים זענען געווען אויף זיין שטערען.

דער געזעצהיטער, האָט מיט דעם טאָן פון אַ מענשען, וואָס האָט אַן אויפזיכט איבער פּאָליציי, און וואָס איז באַקאַנט אין דער באַהאַנדלונג פון וואַגאַבונדען, האָט געפרעגט:

„הער אורסוס?“

דער קרעטשמער, זיך נייגענדיג, האָט געענטפערט:

„דאָס איז דער פּלאַץ אייער מאַיעסטעט.“

„איך האָב דאָס געוואוסט.“

„אהן צווייפעל, אייער מאַיעסטעט.“

„זאָל ער דאַ צוקומען.“

„ער איז ניטאָ אייער מאַיעסטעט.“

„וואו איז ער?“

„איך ווייס ניט.“

„פאַרוואָס?“

„ער איז ניט געקומען אהיים.“

„אויב אַזוי איז ער אַוועק זעהר פריה?“

„ניין, ער איז אַוועק זעהר שפּעט.“

„די וואַגאַבונדעי“, האָט ער אַרויסגעברומט.

„אייער מאַיעסטעט“, האָט העפליך געזאָגט, „אָט איז ער.“

אורסוס איז ווירקליך אָנגעקומען, ער האָט איהם דערזעהען פון דער ווייטענס, ער איז צוגעקומען צו דער קרעטשמע. די גאַנצע נאַכט האָט ער פאַרבראַכט צווישען דער טורמע, וואו מען האָט גווינפּלעינען אַריינגעפיהרט, און דעם בית־עולם, וואו מען האָט גווינפּלעינען באַגראָבען, ער איז געווען בלאָס צוליעב צוויי אורזאַכען: צוליעב דעם טרויער און פון דעם פריהמאָרגען. דער פריהמאָרגען וואָס איז ליכט נאָך ניט קיין קלאָר געוואָרענע, לאָזט איבער אויף אַ מענשען דעם איינדרוק פון בלאַסקייט אפילו אויף אַ מענשען וואָס באַוועגט זיך.

אורסוס א בלייבער איז זיך פּאַמעלעך נעגאַנגען, ער האָט אויסגע־קוקט ווי א שטן.

פון איילעניש האָט ער פאַרלאָזן די קרעטשמע אָהן א הוט. די פּאָר גראָהע האָר אויף זיין נאַקעטן קאָפּ זענען צושויבערט געוואָרען פון ווינט. עס האָט אויסגעוויזן, ווי זיינע ברייט־געעפענטע אויגן וואָלטען גאָר ניט געזעהן. מען שלאָפט גאַנץ אָפט אויף וואַכענדיג, ווי עס טרעפט אז איינער איז וואַך שלאָפענדיג. אורסוס האָט אויס־געזעהן ווי א ווילדער.

„הער אורסוס, קומט נאָר צו א ווייל, זייער מאַיעסטעט וויל מיט אייך עפּעס רעדען." האָט דער קרעטשמער אויסגערופען.

אורסוס האָט א ציטער געטאָן ווי א מענש וואָס פאַלט ארויס פון א בעט.

„וואָס איז?" פרעגט ער.

און ער האָט דערזעהען די פּאָליציי, אין פאָדערגרונט איז גע־שטאַנען דער ריכטער.

נאָך אַמאָל האָט ער א ציטער געטאָן.

א ווייל פריהער דער וואַפּענטרעגער, איצטער דער געזעץ־היטער, עס האָט אויסגעוויזן ווי ער ווערט געוואָרפען פון איינעם צום צווייטען.

דער 'געזעץ־היטער האָט איהם געגעבען א צייכען ער זאָל זיך ־ערנעהענטערען.

אורסוס האָט געפאָלגט.

דער אינגעל, וואָס איז ניט לאַנג צוריק אויפגעשטאַנען און איז איצטער געווען פאַרנומען מיט'ן אויסקערען די קרעטשמע, ער האָט זיך אָבגעשטעלט, איבערגעלאָזען דעם בעזים, איינגעהאַלטען דעם אָטעם, און געקוקט. ער האָט אריינגעשטעקט די פינגער אין די האָר און זיך געקראַצט דעם קאָפּ, א באַווייז אז ער פאָלגט נאָך די פּאַסי־רונגען אויפמערקזאַם.

דער געזעץ־היטער, האָט זיך אוועקגעזעצט אויף א באַנק פאַר א טיש, באַרקילפעדרא האָט זיך גענומען א שטול, אורסוס און דער קרעטשמער זענען געבליבען שטעהן, די פּאָליציי זענען געשטאַנען אויף יענער זייט טיר.

דער געזעץ־היטער, האַלטענדיג זיינע אויגען אויף אורסוסען, האָט ווען געזאָגט:

„איהר האָט א וואָלף."

אורסוס האָט געענטפערט

„כמעט".

„איהר האָט א וואָלף", האָט דער געזעץ־היטער געזאָגט נאָך אַמאָל, שטאַרק באַטאָנענדיג דעם וואָרט וואָלף.

אורסוס האָט געענטפערט, „ער איז..." און ער האָט זיך אָפּגע־שטעלט.

„אונגעהאָרכזאַמקייט", האָט דער געזעץ־היטער געזאָגט

אורסוס האָט אָנגעפאַנגען צו רעדען.

„ער איז מיין דינער."

נאָר דער געזעץ־היטער האָט זיין האַנט אוועקגעלייגט אויפ'ן טיש, אַלע פינף פינגער אויסגעצויגען, און געקוקט אויף א זייט.

דאַן האָט ער אָנגעפאַנגען:

„וואַגאַבונד, מאָרגען איז דער צייט זאָלסטו און דיין וואָלף פאַר־לאָזען ענגלאַנד, אויב דו פאָלגסט ניט אוים דעם באַפעהל, וועט דיין וואָלף דערשאָסען ווערען."

אורסוס האָט געטראַכט „א פאַרזעצונג פון מאָרד," אָבער ער האָט גאָרניט געזאָגט, ער האָט געציטערט מיט יעדען אבר.

„דו פאַרשטעהסט?" האָט ער געפרעגט.

אורסוס האָט א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

ער האָט באַטאָנט:

„דערשאָסען ווערען."

עס איז שטיל געוואָרען און דאַן האָט ער ווייטער געזאָגט.

„אָדער דערטרונקען ווערען."

דער געזעץ־היטער האָט געקוקט אויף אורסוסען.

„און דיר וועט מען אריינזעצען אין געפענגעניש."

אורסוס האָט געמורמעלט.

„מיין ריכטער" —

„ביז מאָרגען איי דער פריה, אויב דו פאָלגסט ניט וועט דאָס אַזוי זיין, ווי איך האָב דיר פריהער געזאָגט."

„מיין ריכטער" —.

„וואס?“

„מיר מוזען פארלאזען ענגלאנד?“

„יע.“

„היינט?“

„היינט.“

„ווי זאל איך דאס טאן?“

הער ניקעלס איז געווען גליקליך, דער ריכטער פאר וועמען ער האט זיך געשראקען איז געווען זיין רעטער, די פאליציי האט איהם. ניט וויסענדיג, ארויסגעהאלפען, זיי באפרייען איהם פון „די מענ־שען“, וואס ער האט פריהער געזוכט, האבען זיי איהם געבראכט. דעם אורסוס פון וועמען ער האט זיך געוואלט באפרייען, פארטרייבען זיי, א געוואלדיגע מאכט. ער איז געווען ווי בא'כשופ'ט. ער האט זיך אריינגעמישט.

„אייער מאיעסטעט, דער מאן“ — —

ער האט אנגעוויזען אויף אורסוסען מיט'ן פינגער.

„דער מאן פרעגט ווי ער זאל היינט פארלאזען ענגלאנד. עס איז ניטא קיין לייכטערע זאך, יעדען טאג, און יעדען אבענט, פאהרען שיפען אפ פון דער זייט פון דעם טיימז און פון יענער זייט, שיפען וואס פאהרען אין אנדערע לענדער: זיי פאהרען צו דענעמארק, צו האלאנד, צו שפאניען, נאר ניט צו פראנקרייך צוליעב דעם קריעג, אבער צו אלע אנדערע טיילען פון דער וועלט געהען זיי יע. א פאר שיפען פאהרען נאך היינט ביינאכט אוועק ארום איינס אזייגער, צווישען אנדערע אויך דער וואגראט פון ראטערדאם.“

דער געזעץ־היטער האט א מאך געטאן מיט דעם אקסעל.

„זעהר גוט פאהר אוועק מיט איינע פון די שיפען, מיט דער וואגראט.“

„מיין ריכטער“, האט אורסוס אנגעפאנגען.

„וואס ווילסטו?“

„ריכטער, ווען איך וואלט געהאט, ווי אמאל, בלויז אביידעל אויף רעדער וואלט דאס געווען לייכט, דאס קען מען ארויפנעמען אויף א שיף, אבער — “

„אבער וואס?“

„אבער איצטער האב איך די גרינע קאסטען, וואס איז א גרויס־

סע מאַשין, מיט צוויי פערד, און ווי גרוים די שיף זאָל נאָר ניט זיין. וועט זי דאָס ניט קענען ארויפנעמען אויף זיך."

„וואָס אַרט דאָס מיר," האָט דער ריכטער געזאָגט. „דעם וואָלף וועלען מיר טויטען."

אורסוס האָט געציטערט, ער האָט געפיהלט ווי מען וואָלט איהם ארומגענומען מיט א האַנט פון אייז.

„די חיות", האָט ער געטראַכט, „וואָס זיי ווילען איז טויטען. דערצו האָבען זיי א לוסט."

דער קרעטשמער האָט געשמייכעלט און געזאָגט צו אורסוסען.

„הער אורסוס איהר קענט פארקויפען די גרינע קאַסטען."

אורסוס האָט איהם אָנגעקוקט.

„איהר האָט א פאַרשלאָג."

„פון וועמען?"

„פון דעם באַלעבאָס פון דעם דערבייאיגען צירק."

„אזוי," אורסוס האָט זיך דערמאַנט.

דער קרעטשמער האָט זיך געווענדעט צו דעם געזעץ־היטער.

„אייער מאַיעסטעט, דאָס קען נאָך פארקויפט ווערען היינטיגען טאָג, דער באַליבאָס פון דעם דערבייאיגען צירק וויל אָפּקויפען דעם גרויסען קאַסטען מיט די צוויי פערד."

„דער באַליבאָס פון דעם צירק האָט רעכט," האָט דער ריכטער געזאָגט, ער וועט דאָך אויך דארפען האָבען, א וואַגען מיט פערד יועט איהם צוניץ קומען, ער וועט היינט אויך אַוועקפאָהרען, די גייסט־ליכע פון סאַוטוואַקער קירכען באַקלאָגען זיך אז אויף דעם פעלד איז א צו גרויסער טומעל, דער איספּראַווניק האָט באַשלאָסען אז היינט אויף דער נאַכט זאָל דאָ שוין מעהר קיין פארשטעלונגען ניט זיין. גענוג סקאַנדאַלען, דער געעהרטער הער וואָס איז דאָ מיט אונז אַנוועזענט."

דער ריכטער האָט זיך אָפּגעשטעלט, און זיך פארנייגט צו באַר־קילפעדראָ און ער האָט איהם מיט א נויג אָפּגעענטפערט :

„....דער געהערטער הער וואָס איז דאָ מיט אונז, איז אָנגעקומען פון ווינדזאָר. ער ברייננגט מיט זיך דעם באַפעהל פון דער קעניגין, איהר מאַיעסטעט האָט געזאָגט : „זיי מוזען אָפּגעראַמט ווערען."

אורסוס וואָס האָט א גאַנצע נאַכט נאָכגעטראַכט, האָט ניט פאַר־

פעהלט זיך צו פרעגען א פאר פראַגען. נאך אלעמען האט ער בלויז געזעהען א טרונע, איז ער דאס אזוי זיכער אז אין איהר איז געלעגען גווינפעלין? עס קען דאך שטארבען אן אנדערער, ער איז דאך ניט דער איינציגער אין יענער טורמע, און אין א טרונע קען זיך אז אנ־דערער אויך ליגען. נאכדעם ווי מען האט גווינפעלינען ארעסטירט, האט מען אימיצען באגראבען, מיט וואס איז דאס אזוי זיכער אז דאס איז ער? אורסוס האט אנגעפאנגען צו צווייפלען, האפענונג ברענט און שיינט דורך די ליידען, ווי בוימעל אויפ'ן וואסער. אט דער פלי־סיגער פלאם איז אייביג דא מיט די ליידענדע מענשען. אורסוס האט צו זיך אליין געזאגט: „ס'איז מעגליך אז זיי האבען באגראבען גווינ־פעלינען אבער זיכער איז דאך דאס ניט. ווער ווייס אפשר לעבט נאך גווינפעלין?"

אורסוס האט זיך פארנייגט פאר דעם ריכטער.

„עהרענהאפטער ריכטער, איך וועל אוועק, מיר וועלען אוועק, זיי וועלען אלע אוועק, מיט דער וואגראט, קיין ראטערדאם, איך פאלג איך וועל פארקויפען די גרינע קאסטען, די פערד, די טרומפייטען, די ציגיינערינס, נאר עס איז דא איינער א קאמעראד וועמען איך קען ניט איבערלאזען, גווינפעלינען."

„גווינפעלין איז טויט," האט א שטימע געזאגט.

אורסוס האט דערפיהלט ווי א קעלט געהט איבער איהר איבער, ווי א שלאנג וואלט אויף זיין קערפער ארומגעקראכען. דאס איז גע־ווען בארקילפעדרא'ס שטימע.

די לעצטע האפענונג איז פארשוואונדען, איצט צווייפעלט ער שוין ניט, גווינפעלין איז טויט.

דער מענש מוז ווייסען, ער זעהט אויס שלעכט גענוג צו ווייסען אזעלכע זאכען.

דער קרעטשמער איז געווען א זעהר גוטער מענש נאר א פייגלינג אבער ווען ער איז געווען דערשראקען, איז ער געווען געפעהרליך. שרעק איז די געפעהרליכסטע ערשיינונג.

ער האט ארויסגעברומט.

„ער ווייס גארניט."

ער איז געזעסען הינטער אורסוסען און האט זיך געריבען די

הענט, מיט דעם פאַרגעניגען וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר עגאָ־איסטען, עס האָט באַדייט, „איך ווער שוין פּטור פון זיי.“

אורסוס איז געווען באַזיעגט. ער איז געשטאַנען מיט א געבויגענעם קאָפּ און געטראַכט. גווינפּעלין פאַראורטיילט צום טויט. ער איז שוין ערמאָרדעט, און ער? זיין שיקזאַל איז שוין באַשלאָסען מען האָט דאָך איהם דאָס איצט געזאָגט — פאַרלאָזען די לאַנד. ער האָט גאָר ניט געקענט טאָן, ער מוז פאָלגען. ער האָט זיך פאַרטראַכט.

ער האָט דערפיהלט ווי אימיצער האָט איהם אנגערירט, איהם א שלעפּ געטאָן ביי'ן האַנט. עס איז געווען דער צווייטער מענש, וואָס האָט באַגלייט דעם געזעץ־היטער.

אורסוס האָט א ציטער געטאָן.

די זעלבע שטימע וואָס האָט געזאָגט, „גווינפּעלין איז טויט“, האָט איהם אריינגעשושקעט אין אויער —

„א מענש וואָס ווינשט אייך גוטס האָט אייך געשיקט די צעהען פונט שטערלינג.“

און באַרקילפעדרא האָט אורסוסען געגעבען א קליין בייטעלע.

דער לעזער וועט זיך דערמאָנען אַז דער קעסטעל וואָס ער האָט ארויסגעטראָגען פון דעם צימער וואו ער איז געווען מיט גווינפּעלינען.

צעהן פונט שטערלינג, פון צוויי טויזענד מעהר האָט איהם זיין הארץ ניט געלאָזען געבען, מעהר האָט ער איהם ניט געקענט געבען מיט זיין בעסטען ווילען. ער וואָלט דערפון געליטען, נעבכט ניט געקענט שלאָפען. ער האָט זיך שוין אָבגעלייגט אַן אַנפאַנג פון א פאַרמעגען, ער האָט איהם געוואָלט אנטוויקלען, גווינפּעלין האָט צופיעל געלט, ער וועט אפשר קענען איהם אויסנוצען, אויב אימיצער מיינט אַז דאָס איז קליינליך, האָט ער רעכט, ער האָט אָבער ניט קיין רעכט זיך צו וואונדערען אויף דעם, באַרקילפעדרא, האָט אַלע מאָל ליעב געהאַט געלט, ספּעציעל גע'גנב'עטע געלט, באַרקילפעדרא האָט אויך געהאַט פעלערען, צו באַגעהן פאַרברעכענס, הייסט נאָך ניט אַז מען קען ניט זיין קליינליך, מיגרען האָבען אויך לייז.

באַרקילפעדרא האָט זיך געווענדעט צו דעם געזעץ־היטער:

„איך בעט אייך מיין הער, ענדיגט דאָס שוין אָפּ, איך האָב קיין איבעריגע צייט ניט. א קאַרעטע פון איהר מאַיעסטעט ערוואַרטעט מיר, איך מוז ווי אם שנעלסטען פאָהרען קיין ווינדזאָר, איך מוז דאָרטען

זיין שפעטסטענס אין צוויי שטונדען ארום, איך דארף אפגעבען א רעכענונג און אויסהערען ווייטערע באפעלע."

דער געזעץ־היטער האט זיך אויפגעהויבען.

ער איז צוגעגאנגען צו דער טיר, איהר אויפגעעפענט, די גרופע פאליציי זענען געשטאנען שטיל און גלייך, ניט זאגענדיג קיין ווארט, זענען זיי אריין געגאנגען און געבליבען שטעהן, אזוי ווי זיי וואלטען עפעס זעהר ערענסטעס ערווארטעט.

הער ניקעלס איז געווען זעהר צופרידען מיט אט דער שנעלער האנדלונג, עס האט א סוף געמאכט צו אלע קאמפליקאציעס, צו אלע ריידערייען, איבערהויפט איז ער געווען צופרידען וואס ער איז אין דעם פלאנטער ניט אריינגעמישט. ער איז געווען אביסעל צושראקען ווען ער האט געזעהען ווי דער געזעץ־היטער און די פאליציי קומען צו איהם נאך אמאל, אבער איצט איז שוין אלץ גוט, זיי וועלען צונעמען אורסוסען און ער וועט ווידער לעבען רוהיג. אמת, די רעפוטאציע פון זיין קרעטשמע וועט אביסעל ליידען. צוויי ארעסטען אין איין טאג איז ניט אזא כבוד פאר אזא פלאץ ווי זיינער, מענשען האבען ניט ליעב צו קומען אין א פלאץ, וואו די פאליציי איז אזא אפטער גאסט. ער האט געטראכט אז איצטער איז א גוטע געלעגענהייט, זיך אריינ־צומישען און אפשר פועל'ען אז די פאליציי זאל אוועקגעהן. ער האט זיך געווענדעט מיט א שמייכלענדען פנים פול מיט צוטרויען און רעספעקט, צו דעם געזעץ־היטער:

„אייער עקסעלענץ, איך וויל אייער עקסעלענץ אויפמערקזאם מאַ־כען אויף דעם פאקט, אז די געערטע הערען, די פאליציי זענען דא ניט נויטווענדיג, דער פאקט איז אז דעם וואלף וועט מען ארויס־פיהרען פון ענגלאנד, און דער הער אורסוס, שטעלט זיך ניט געגען דעם געזעץ, ער פאלגט איהם אויס און וועט טאן דאס וואס מען פאר־לאנגט פון איהם. אייער עקסעלענץ וועט פארשטעהן אז די וואונדער־בארע און ליובענסווערטע האנדלונג פון דער פאליציי וואס איז אזוי נויטיג פאר דער געזעלשאפט, קען נאך שאדען דעם גוטען נאמען פון א געשעפט, און נאך נעמענדיג אין אנבאטראכט אז מיר זענען אונ־שולדיג. די פאיאצען פון דעם גרינעם קאסטען ווערען אפגעראמט אויף דעם באפעל פון איהר מאיעסטעט דער קעניגין. אויב אזוי זעה איך דא ניט קיין פארברעכער וועמען מען דארף היטען, איך שטעל זיך

פאַר אַז ניט די בלינדע מיידעל און ניט די ציגיינערינס, זענען שול־דיג אין אונגעהאַרכזאַמקייט. און דערפאַר בעט איך אייער עקסעלענץ צו זיין אַזוי גוט און אַוועקשיקען די הערען וואָס זענען איצט אריינ־געקומען, זיי האָבען דאָ, אין מיין הויז, ניט וואָס צו טאָן. און אויב אייער עקסעלענץ וועט מיר ערלויבען צו באַווייזען די גערעכטיגקייט פון מיין ביטע, וועל איך איהם פרעגען אַ פראַגע: אויב אורסוס וויל אַוועק געהן, וועמען האָבען זיי דאָ צו אַרעסטירען?"

„דיר", האָט געענטפערט דער גערעכטע־היטער.

ווען איינער קריגט מיט אַ שווערד איבער'ן קאָפּ, דעבאַטירט ער שוין מעהר ניט. הער ניקאָלס, איז כמעט ווי אומגעפאַלען, ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אַן אַ טיש און זיך אַראָפּגעלאָזען אויף אַ ביינקעל, אַ דערשלאָגענער.

דער ריכטער האָט אויפגעהויבען זיין קול, אַזוי אַז אויב אימיצער איז דאָ ניט ווייט זאָל ער הערען.

„הער ניקעלס פלאַמטער, אייגענטימער פון דער טאַדקאַסטער קרעטשמע, דאָס איז דער לעצטער פּונקט אין אונזער באַפעל. דער פּאַיאַץ און זיין וואָלף זענען וואַגאַבונדען, זיי ווערען אַרויסגעטריבען פון לאַנד, אָבער דער אמת שולדיגער ביזטו. אין דיין וואוינונג און מיט דיין צושטימונג, איז דער געזעץ פאַרלעצטערט געוואָרען, און דו אַ מענטש מיט אַן ערלויבעניש פון דער רעגירונג, וואָס ליגט אַרויף אויף דיר אַ פאַראַנטוואָרטליכקייט פאַר'ן כלל, האָט ערלויבט דעם סקאַנדאַל אין דיין הויז, דיין ערלויבעניש ווערט צוריקגעצויגען, דו וועסט באַצאָהלען אַ שטראָף און דו וועסט געהן אין געפענגעניש."

די פּאָליציי האָט דעם קרעטשמער אַרומגערינגעלט.

דער געזעץ־היטער האָט פאַרגעזעצט אָנווייזענדיג אויפ'ן אינ־געל:

דער אינגעל, דיין מיט־העלפער, איז אויך אַרעסטירט.

די האַנט פון אַ פּאָליציי־מאַן האָט דעם אינגעל אָנגענומען ביים קאָלנער. דער אינגעל האָט זיך נייגעריג איינגעקוקט, ער איז ניט גע־ווען צושראָקען, ער האָט גאָר ווינציג פאַרשטאַנען, ער האָט נאָר גע־זעהן דעם צושפּיל פון דער קאָמעדיע.

דער געזעץ־היטער האָט אַריבערגעצויגען זיין הוט איבערן קאָפּ, פאַרלעגט די הענט אויפ'ן בויך, און ער האָט צוגעגעבען:

„עס וועט זיין אזוי: דיר וועט מען נעמען אין טורמע און דארט דיר איינשפּאַרען, דו מיט דיין אינגעל, און די הויז, די טאַדקאַסטער קרעטשמע וועט פארמאכט ווערען אלסביישפּיעל פאר אנדערע. און איצט וועסטו מיר נאכפאלגען.“

## 17טער קאַפּיטעל.

„און דיא!“

שטעהענדיג ביי דעם פענסטער פון דעם פּאַלאַץ, קוקענדיג ווי דער טאָג ווערט רייף, ווען אין דערזעלבער צייט איז אין דער טאַד־קאַסטער קרעטשמע פּאַרגעקומען דאס אויבען באשריבענע, האט זיך איהם געדאַכט, אז געשריי איז אַן איסערליכער. ער איז אבער גע־קומען פון אינווייניג.

ווער האט ניט געהערט פון די גרויסע נשמה־קעמפּפע?

אויסער דעם איז מאָג געוואָרען.

דער פריהמאָרגען אזי ווי א שטימע.

וואס פאר אן אנדער צוועק האט די זון, אויב ניט צו ערוועקען דעם ניכטערן, שלאָפענדען געפיהל: דעם געוויסען.

ליכט און טוגענד זענען פון דעם זעלבען מין.

ווי מען זאל דעם גאט ניט רופען, צי ער הייסט קריסטוס צי ליעבע, ער ווערט צייטענווייז פארגעסען אפילו ביי אונזערע בעסטע. מיר אלע, אפילו די הייליגע, דאַרפען עפּעס א שטימע וואס זאל אונז ניט לאַזען פארגעסען. און דער זונען־אויפגאנג ערוועקט די געטליכע שטימע אין אונז, זי זאל צו אונז רעדען, זי זאל אונז וואַרנען. דער האָן קרעהט פאַר זונען־אויפגאַנג.

דער כאַאָס, די מענשליכע האַרץ הערט זיך צו צו דעם געשריי. גווינפּעלין — אזוי וועלען מיר איהם אויך ווייטער אַנרופען:

קלאנטשארל, איז א לארד, גווינפעלין א מענש — גווינפעלין איז ווי צוריק געקעהרט געווארען צום לעבען.

"און דיא" האט ער געזאגט.

ער האט דערפיהלט א פאלשטענדיגע פארענדערונג דורך זיינע אדערן. עפעס געזונטעס, באוועגליכעס איז דורך איהם דורכגעפלאסען. אט דער אויסברוך פון געפיהלען ביי א מענשען וואס קומט א מידער אהיים און געפינט די טיר א פארשלאסענע. ער ברעכט די טיר אייז, טוט זיך אן שאדען, באנעהט א פארברעכען. אבער מיט א גוטען צוועק.

„דיא! דיא!" האט ער געמורמעלט.

ער האט זיך אליין געוואלט פארזיכערען, האט ער זיך די פראגע געשטעלט.

„וואו ביזטו?"

ערשטוינט ווערענדיג פארוואס ער קריגט קיין ענטפער ניט, האט ער גענומען קוקען אויפ'ן באלקען אויף די ווענט, מיט יענער פאר־וואונדערונג דורך וועלכער מיר דערמאנען זיך צוריק וואס מיט אונז פאסירט.

„וואו בין איך? אין ווינדזאר. און דו? אין סאוטוואק. אה, גוטער גאט, דאס איז דאך דעם ערשטען מאל וואס מיר זענען אזוי ווייט איינע פון די אנדערע? צוליעב וואס איז דאס אזוי, צוליעב וואס בין איך דא און דו דארטען? אה, עס קאן ניט זיין, עס זאל אזוי ניט זיין, וואס האבען מיט מיר געטהאן?"

ער האט זיך אפגעשטעלט.

„ווער האט גערעדט מיט מיר וועגען דער קעניגין, ווייס איך עט־וואס וועגען דעם? געביטען, איך בין אינגאנצען געביטען, פארוואס, ווייל איך בין א לארד. דיא, ווייסטו וואס דא פאסירט? דו ביזט א לעידי, וואס פאר א געוואלדיגע זאכען עס קענען טרעפען. אה, אמת די פראגע איז ווי וועל איך געפינען מיין וועג? האבען זיי מיר פער־פיהרט אז איך זאל ניט קענען צוריק געהען? א מענש איז דא געוועזען און גערעדט צו מיר, אזוי שטייף איז ער געוועזען, איך דערמאן זיך די ווערטער וואס ער האט מיר געזאגט: — מיין לארד, ווען איין טיר עפענט זיך, ווערט א צווייטע פערמאכט, דאס וואס איהר האט הינ־טער זיך געלאזען עקזיסטירט שוין מעהר ניט. — אויב אנדערש,

אויב איהר קענט זיך אויף דעם ניט באשליסען, זייט איהר א פייג־
לינג — דער נידעריגער מענש האט אויסגענוצט די געלעגענהייט.
ווען איך בין נאך ניט געווען ביים קלארען באוואוסטזיין, ער האט מיר
דאס געזאגט נאך איידער איך בין וואך געווען. ער האט מיט מיר גע־
קענט טאן וואס ער האט נאר געוואלט. וואו איז ער וועל איך איהם
באליידיגען. ער האט מיט מיר גערעדט שמייכלענדיג ווי אין חלום.
אה, איך קום שוין איצט ווידער צו זיך. גוט אזוי, מענשען נארען
זיך אליין אפ אויב זיי מיינען אז זיי וועלען קענען טאן וואס זיי
ווילען נאר מיט לארד קלאנטשארלי, פיער פון ענגלאנד, יע, און א
פיערעסע, דיא, באדינגונגען, זאל איך זיי אנעמען? די קעניגען, וואס
ארט מיר די קעניגען, איך האב איהר דאך קיינמאל ניט געזעהען, איך
קען איהר גאר ניט, איך בין דאך ניט געווארען קיין לארד אום צו
זיין א שקלאף. ווי א פרייער מענש נעהם איך אן מיינע טיטלען און
מיין מאכט, ווי קענען זיי זיך פארשטעלען אז זיי האבען מיר גע־
בונדען? זיי האבען מיר אפגעצאמט, ניט מעהר, דיא, אורסוס, מיר
וועלען זיין צוזאמען. וואס איהר זייט געווען בין איך אויך געווען.
וואס איך בין וועט איהר אויך זיין, קומט! ניין, איך וועל געהען צו
אייך, גלייך — גלייך אויפ'ן ארט! איך האב שוין געווארט צו לאנג,
וואס טראכטען זיי, וואס איך קום ניט אזא לאנגע צייט. די געלט,
וואס האב איך זיי געשיקט געלט, ווען איך האב אליין געדארפט קו־
מען, איך געדיינק, דער מענש האט מיר געזאגט, אז איך קען פון דא־
נען ניט ארויס, מיר וועלען זעהען. ברייננגט מיר א קארעטע, א קארע־
טע, שפאנט איין די פערד, איך וועל זיי געהען זוכען, וואו זענען די
דינער, עס מוז דאך דא זיין דינער, אויב דא איז דא א לארד. איך
בין דא בעל הבית, דאס איז מיין הויז, איך וועל ארויסרייסען די
משוועקעס, איך וועל צובערעכען די שלעסער, איך וועל אומווארפען די
טירען. איך וועל דערשטעכען יעדען איינעם וואס וועט מיר פאר־
שטעלען דעם וועג, איצט האב איך א שווערד, איך וואלט וועלען זע־
הען ווי אימיצער וועט זיך מיר געגענשטעלען. איך האב א ווייב, דאס
איז דיא, איך האב א פאטער דאס איז אורסוס, מיין הויז איז א פא־
לאץ און איך וועל דאס אוועקגעבען אורסוס'ן, איך האב א קרוין און
איך וועל דאס אוועקגעבען דיא'ן, איך וויל! באלד אויפ'ן ארט, אט
בין איך דיא! באלד וועל איך שוין זיין נאהענט צו איהר."

און אויפהויבענדיג דעם ערשטען פאַרהאַנג וואָס איז איהם נע־הענטער געווען, איז ער אריין אין אַ צווייטען צימער.

דאָס איז געווען אַ קאָרידאָר.

ער איז איהם דורכגעגאַנגען, נאָך אַ קאָרידאָר, אַלע טירען זיינען אָפען געווען.

ער האָט אָנגעפאַנגען צו שפּאַנען צו שפּאַנען פון איין צימער צום צווייטען, פון איין קאָרידאָר צום צווייטען, זוכענדיג אַן ארויס־גאַנג.

# 18טער קאַפּיטעל.

אין איטאַליענישע פּאַלאַצען — און קאַרלאָו לאַרדוש איז געווען געבויט אין יענעם סטיל — זענען דאַ זעהר ווינציג טירען, אַלץ איז פאָרהאַנגען, פּאָרטיערען און טאַפּעטען.

אין יענער צייט איז ניט געווען קיין איין פּלאַץ וואָס האָט ניט געהאַט קיין אונגעהייערע סומע צימערן און קאָרידאָרען מיט אַסך גאָלדערנע און געגילדעטע אָרנאַמענטען, אַסך מאַרמאָר, געשניצטע האָלץ־אַרבייט, אָריענטאַלישע זיידענס און פּאַרוואָרפענע ווינקלען פול מיט סודות און געהיימנים: ווינקלען ליכטיגע, מיט רייכע פּרייזיגע אָרנאַמענטען, טייערע קאַשעטקעס, באַצירט מיט גלאַזוואַרג פון האָ־לאַנד, אָדער מיט פיינע געזימסען אימפּאָרטירט פון פּאָרטוגאַל, און פענסטער דורך וועלכע מען פלעגט ארויסגעהען אויף באַלקאָנען וואָס האָבען געהאַט קליינע פענסטערלאַך, און קאַבינעטען אין גאַנצען גע־מאַכט פון גלאָז, שעהנע וואוינבאַרע לאַמטערנעס, די ווענט זענען גע־ווען אַזעלכע דיקע אַז מען פלעגט זיי אויסשניידען, פלעגט מען דאָרט קענען וואוינען. דאָ און דאָרט פלעגען זיין קעסטלאַך וואָס האָבען גע־דינעט פאַר שאַפעס, מען פלעגט זיי רופען: „די קליינע צימערן״, וואו פאַרברעכענס ווערען באַגאַנגען.

אויב מען האט געוואָלט הרג'ענען דעם הערצאָג דע גויס, אדער אפּראמען פון וועג דער שעהנער פּרעזידענטין, סילוויקאן, אדער שפּע־טער, אונטערדריקען דעם געשריי פון די קליינע מיידלאך וואס לעבעל האט געקויפט, זענען די „קליינע צימערן" צוניץ געקומען. א קאמפּ־ליצירטע הויז, אונפערשטענדליך פאר א נייעם מענשען, א פאַרפּיה־ריערישער פּלאַץ, אונבאוואוסטע טיפקייטען פון וואנען מען האט קיין יועג ניט געקענט געפינען צוריק צו קומען. אין אזעלכע עלעגאַנטע פּאַלאַצען האבען פּרינצען און לאָרדען געקענט פאַרבאהאלטען זייערע פאַרברעכענס: דער גראַף דע־קארליים האט אזוי באַהאַלטען מאדאם קורטשאם, מאנסעיור דע־מאנטול האט באהאַלטען די טאָכטער פון האדריי, דעם גוטבאזיצער פון דעם קרייץ פון הייליגען לענפּראו; דער פּרינץ דע־קאנטו האט דאָרט באהאלטען די צוויי שעהנע בעקער־מיידלאך פון ל'יל אדאם, דער הערצאָג פון באקינגהאם האט דאָרטען באהאלטען דעם אָרימען פעניוועל, א. אז. וו. די פאַרברעכענס וואס יוערען דאָרטען באגאנגען זענען: מיט געוואַלד, אין געהיים און אויף א קורצער צייט. דער וואס האט זיך געפונען אין אזא ווינקעל, איז דאָרט געבליבען ביז דער באלעבאס האט זיך אויף זיי מרחם געווען. זיי האבען געהאַט דעם גערוך פון א קלויסטער, טרעפּ האבען זיך געצויגען ארויף און אראָפּ, א רייהע פון צימערן האבען זיך געדרעהט און געפלאָכטען איינע אין די אַנדערע, צימערן אהן א סוף, מען האט גאָר ניט געקענט וויסען ווען זיי וועלען זיך ענדיגען, עס זענען געווען אזעלכע וואס מען האט קיין עפענונג ניט געקענט זעהען און דער מענש וואס האט זיך דאָרט געפונען האט ניט געוואוסט ווי אזוי ער איז דאָרט אריין, פאטרעטען האבען זיך אויפגעהויבען און אראָפּגע־לאָזען דאס איז געווען די עפענונג. דאָרט האבען זיך אפּגעשפּילט אלערליי סאָרטען דראמען און טראַגעדיעס.

די פּאַלאַצען מיט זייערע גערעהט וועגען און צימערן, זענען געווען ווי צו שפּילען. וואו מען פארבינדט זיך די אויגען און טאַ־פּענדיג זוכט מען אַרום, א פאַרשטיקטער געלעכטער פון דעם פאַר־בלינדעטען מאן און אין דער זעלבער צייט זענען זיי געווען עהנליך צו די מעשות פון ווילדע ריטער, פון די קאוואַליערן ·פון עליץ, פון מאנאלדעשי, פון די מעדיסים, פון שווערדען וואס פארפאלגען דיעם אומגליקליכען פון צימער צו צימער.

אין אַלטערטום זענען אויך געווען אַזעלכע געהיימניספולע און געפעהרליכע געביידעס, מוסטערן קאָן מען געפינען אין אונטערערדי־שע גענגענדען פון עגיפטען. צום ביישפּיל די שריפט פון דעם קעניג פּאסמעטוק׳ס וואס איז ענטדעקט געוואָרען פון דעם פּאָעט פּאסאלק־זואַ, וואו עס איז געווען פאַרצייכענט אַלע שוידערן פון די געביידעס.

גווינפּעלין איז געווען אין די קליינע צימערן פון קאַרלאָן לאַזש.

ער איז געווען אַזוי אונגעדולדיג, ער האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט אַרויסגעהן, צו זיין אין גאַס, נאָך אַמאָל צו זעהן דיאַ׳ן און די מאַסע קאָרידאָרען, צימערן, געהיימע טירען, אונערוואַרטעטע דורכגענגע, האָבען איהם געשטערט און איהם אָפּגעהאַלטען. ער האָט געוואָלט לויפען און ער איז געווען געצוואונגען צו וואַנדערן, ער האָט געמיינט אַז ער דאַרף בלויז עפענען אַ טיר, און ער האָט זיך געדאַרפט פון אַ נעץ אַרויספּלאָנטערן.

נאָך איין צימער אַ צווייטער און דאַן שנייט זיי דורך אַ סאַלאָן.

ער האָט ניט געזעהן קיין לעבענדיגען מענשען. ער האָט זיך פון צייט צו צייט צוגעהערט, ער האָט ניט געהערט קיין באַוועגונג.

„וואָס פאַר אַ שוידערליכער פּאַלאַץ“ האָט ער געטראַכט.

ער האָט זיך געדרעהט אין אַ לאַבירינט, אונרוהיג, זיך אַליין גע־פרעגט די באַדייטונג דערפון, צי איז ער ניט אין אַ טורמע, ער איז געוואָרען אונרוהיג, געביינקט נאָך אַביסעל לופט, איבערגעזאָגט נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל דיאַ! דיאַ! דיאַ!“ ווי איינער האַלט זיך אַן אַן אַ פּאַדים מורא האָבענדיג איהם צוצורייסען, ווייל ער קען איהם בע־פרייען.

צייטענווייז פלעגט ער אויסשרייען:

„הוי, ווער איז דאָרט!“

קיינער האָט ניט געענטפערט.

עס האָט קיין סוף ניט גענומען צו די צימערן, זיי זענען געווען פּאַרלאַזענע, איינזאַמע, שווייגענדע און וואונדערבאַרע.

אַזוי מאַלט מען זיך אויס אַ פאַר׳כשופ׳טען שלאָס.

געהיימע הייצ־רערען האָבען די צימערן וואַרים געמאַכט, עס איז דאָרט געווען ווי זומער, ווי דורך עפּעס אַ כשוף האָט מען אין די צימערן, קאָרידאָרען און סאַלאָנען, אַנגעהאַלטען די טעמפּעראַטור פון דעם יוני מאָנאַט אַ גאַנצען יאָהר. צייטענווייז האָט מען געשמעקט

אזא מין זיסען געדוך, מען האט דערפיהלט א פערפום, ווי פון אונ־זעהבארע בלומען, עס איז געווען ווארעם, אומעטום טאפעטען, מען האט דארט געקענט ארומגעהן נאקעט.

גווינפעלין האט דורכגעקוקט דורכ'ן פענסטער, פון צייט צו צייט. ער האט אלע מאל געזעהען נייע אויסזיכטען, נייע גערטנער, אין יע־ד'ען איינעם פון זיי אנדערע סטאטועז, די גערטנער זענען געווען פריש און האבען זיך געבאדען אין פריהלינג, צייטענווייז האט ער געזעהען א הויף אין דעם שפאנישען סטיל: קליינע פיערעקיגע, צווישען גרויסע געביידעס, פון אנדערע פענסטער האט ער געזעהען א טייך. דאס איז געווען די טעמזע, פון אנדערע א טורעם דאס איז געווען דער קעניג־ליכער שלאס ווינדזאר.

אזוי פריה האט מען נאך ניט געקענט זעהען קיין דורכגעהער.

ער האט זיך אפגעשטעלט, ער האט זיך צוגעהערט.

„אה, איך וויל ארויסגעהען", האט ער געזאגט, „איך וויל געהען צו דיא'ן, זיי קענען מיר דא מיט געוואלד ניט האלטען, וועה צו דעם וואס וועט פרובירען מיר אפשטעלען! וואס איז דארטען פאר א גרויסער טורעם? אויב דאס איז א ריעז, א הונט פון גיהנום, א מאנס־טער וואס וועט צוהאלטען די טיר און מיר ניט לאזען ארויסגעהן, וועל איך איהם פארניכטען, אויב אפילו א גאנצע ארמיי וועל איך זיי בייקומען, דיא, דיא".

מיט אמאל האט ער געהערט א גאנץ שוואכען גערויש, עס איז געווען ענהליך צו דעם גערויש פון א פליסענדען וואסער.

ער איז געווען א שמאלען פארווארפענעם דורכגאנג, וואס איז א פאר טריט פון איהם געווען פארמאכט מיט א פארהאנג.

ער איז צוגעגאנגען, אויפגעהויבען דעם פארהאנג און אריינגע־גאנגען.

ער האט געקוקט אויף עטוואס אונערווארטעטעס.

## 19טער קאַפּיטעל.

אַן אַכט־ווינקעלדיגער צימער, דער באַלקען אַ האַלב־רונדער איז דער פאָרמע פון אַ קאַשיק, אַ פענסטער באַלויכטען פון אויבען, אַלץ באַדעקט, די ווענט, דער דיל, דער באַלקען, מיט קאָלירטע מאַרמאָר, אין מיטען איז אַראָפּגעהאַנגען אַן אָרנאַמענט, אַ האַלב רונדער פון שוואַרצען מאַרמאָר, געדרעהטע זיילען אין דעם שווערען עליזאַבעט־טישען סטיל, זיי האָבען פאַרדעקט מיט זייער שאָטען אַ וואַנע פון דיזעלבע שוואַרצע מאַרמאָר, פון דער זייט פון דער וואַנע איז רוהיג געפלאָסען לעבליכע וואַסער, דאָס האָט ער דערזעהען.

אַ שוואַרצע וואַנע וואָס איז געווען שעהנער ווי יעדער סאָרט ווייסע.

דעם גערויש פון די וואַסער האָט ער דאָס דערהערט.

קיין מעבעל איז ניט געווען, אויסער אַ גרויסער שטול־בעט, ניט ווייט פון דער וואַנע, אָנגעוואָרפען מיט קישענס, דער שטול־בעט איז געווען גרויס גענוג, אַז די פרוי וואָס איז דאָרט געלעגען זאָל קענען האַלטען איהר הונט אָדער איהר געליעבטען.

עס איז געווען אַ ספּאַנישער שטול, ווייל דער נידעריגער טייל איז געווען פון זילבער, די קישענס און צודעק איז געווען פון גלאַנציג ווייסע זייד.

אויף דעם אנדער זייט פון דער וואַנע איז געשטאַנען אַ טואַלעט טיש פון שווערען זילבער, איבער'ן טיש איז געהאַנגען אַ וועניעצישער שפּיגעל אַריינגעשטעלט אין אַ זילבערנע ראַם, ווי אַ פענסטער.

גווינפעלין איז געבליבען שטעהן, געגען איהם איז געהאַנגען אַ גרויסע נעץ געוועבט פון זילבער.

די נעץ איז געווען אַ זעהר דינע און אַ דורכזיכטיגע, פון מיטען דורך דער נעץ האָט גווינפּלין געזעהען אַן אויסערגעוועהנליכע זאַך, אַ נאַקעטע פרוי.

ניט דורכאויס נאַקעט, די פרוי איז געווען געקליידעט און גע־קליידעט פון קאָפּ ביז די פיס. זי האָט געטראָגען אַ נאַכט־העמד, אַ

זעהר לאנגע, ווי די מלאכים אויף די הייליגע בילדער, אזוי דין איז זי געווען און צוגעקלעפט צום לייב אז זי האט אויסגעזעהען ווי נאס. און דערפאר איז זי געווען כמעט פאלשטענדיג נאקעט, נאך ערגער און געפעהרליכער ווי א פרוי וואס איז געוועהנליך נאקעט. די געשיכטע האט פארצייכענט, פראצעסיעס פון פרינצעסינס און גלאט גרויסע דאמען וואס האבען געדארפט דורכגעהען צווישען צוויי רייהען מאנא־כען, אונטער דער פרעטענזיע פון באשטראפט ווערען. די הערצאגין פון מאנטפענסיר האט זיך אזוי געדארפט ווייזען פאר גאנץ פאריז אין א געשטריקטער נאכט־העמד, מיט א ליכט אין דער האנט אלס א שטראף פאר איהר אונאנשטענדיגקייט.

אט די נעץ פון זילבער וואס האט פארשטעלט ווי א גלעזערנע שויב, איז געווען אזא פארהאנג. עס איז געווען צוגעבונדען נאר פון אויבען און מען האט דאס געקענט אויפהויבען.

די זילבערנע נעץ האט אבגעטיילט דעם צימער און איהם גע־מאכט פאר צוויי, א באדע־צימער און א שלאף־צימער. דער שלאף־צימער איז געווען א קליינער און ער האט געמאכט דעם איינדרוק פון א הייל פול מיט שפיגלען, דורך די שפיגלען האט מען געקענט זע־העז א זילבערנע בעט, וואס איז געשטאנען אין מיטען, אויף דער בעט איז געלעגען א פרוי, זי איז געשלאפען.

זי איז געשלאפען מיט איהרע הענט אונטער'ן קאפ. איין פוס האט א ביסעל אראפגעשלעפט דעם צודעק.

איהר זיידענע קישעלע איז אראפגעפאלען אויף דעם דיל.

צווישען איהר נאקעטקייט און זיין אויג איז געווען צוויי שטע־רונגען. איהר נאכט־העמד און דער זילבערנער נעץ, צוויי דורכזיכ־טיגע זאכען. דער צימער — עס איז געווען מעהר אן ענגע שטיבעל ווי א צימער — איז געווען באלויכטען פון דער אפשפיגלונג פון דעם באד־צימער. די פרוי איז אפשר ניט געווען באשיידען אבער די ליכט יע.

די בעט איז ניט געווען פארשטעלט, ניט פון די זייטען און ניט פון אויבען אזוי אז ווען די פרוי האט אויפגעעפענט די אויגען, האט זי זיך פון אלע זייטען געקענט זעהען א נאקעטע.

די לייעכער האבען געהאט די סמנים פון אן אונרוהיגען שלאף, דורך דער שעהנקייט פון די קנייטשען האט מען געקענט זעהען די

גוטסקייט פון דער סחורה. דאָס איז געווען אין יענע צייטען ווען די אריסטאָקראַטיע האָט זיך פאַרגעשטעלט אז א גראבען לייַלאַד גיט מען אין גיהנום פאַר אַן אָפּקומעניש.

א מאַנטעל פון אויסערגעוועהנליכע זייד. כינעזישע אָהן צוויי־פעל, ווייל אין די קנייטשען האָט מען געקענט זעהען א ברייטען גאָל־דערנעם שנור, איז געווען אַריבערגעוואָרפען איבער'ן בעט.

איבער דער בעט, טיפער אין צימער איז וואַהרשיינליך געווען אַ טיר פאַרשטעלט פון אַ גרויסען שפּיגעל, אויף וועלכען עס איז גע־ווען געמאָלען שוואַנען און פאַוועס. אלץ אין דעם צימער איז געווען שאַטענהאַפט.

ביי דעם קאָפּ פון בעט איז געווען א קליינער טישעל, וואָס האָט זיך געקענט דרעהען, אויף דעם טישעל איז געווען אַ בוך, אויף וועל־כען עס איז געווען אויפגעשריבען מיט גרויסע רויטע בוכשטאַבען „אלקאַרנום מאומידוס".

גווינפּעלין האָט די אַלע איינצעלהייטען ניט געזעהען, די פרוי, דאָס האָט ער געזעהען.

ער האָט איהר דערקענט.

איהרע אויגען זיינען געווען פאַרמאַכט און איהר פּנים איז גע־ווען געווענדעט צו איהם.

דאָס איז געווען די הערצאָגין.

דאָס איז געווען די געהיימניספולע באַשעפעניש, אין וועמען דער גאַנצער גלאַנץ פון דאָס אונבאַוואוסטע איז געווען פאַרקערפּערט, און צוליעב וועמען ער האָט געהאַט אַזוי פיעל אונרוהיגע חלומות. די פרוי, וואָס האָט איהם געשריבען אַזעלכע מאָדנע בריעף, די איינציגע פרוי אויף דער וועלט וועגען וועמען ער קען זאָגען: „זי האָט מיר געזעהען און זי וויל מיר". ער איז פּטור געוואָרען פון די חלומות. ער האָט פאַרברענט איהר בריעף. ער האָט איהר פאַרטריבען אַזוי וויים ווי מעגליך פון זיין געדאַנק, פון זיין זכרון. ער האָט שוין מעהר ניט גע־טראַכט פון איהר, ער האָט איהר שוין פאַרגעסען. —

און איצט קוקט ער אויף איהר.

ער קוקט אויף איהר אין א שווינדעלדיכער לאַגע.

ער אָטעמט שוין ניט, ער האָט געפיהלט ווי מען וואָלט איהם

ארויסגעשלעפט פון א גראבען און איהם צו איהר צוגעווארפען. די פרוי דא! איז דאס מעגליך?

אין טהעאטער א הערצאגין, דא א נימפע, א צויבערן אלע מאל אן ערשיינונג, א וויזיאן.

ער האט געוואלט אנטלויפען און ער האט געפיהלט אז ער קען ניט. זיינע אויגען זענען געווארען ווי צוויי קייטען און זיי האבען זיך צוגעשמידט צו איהר.

איז זי געווען אן אונפארשעהמטע פרוי? איז זי געווען א הייליגע?ביידע. איבער דער שעהנהייט איז געווען דאס ליכט וואס האט אבגעהאלטען. קיין ריינקייט קען ניט פארגלייכט ווערען צו דער הייליגער און חוצפה'דיגער פיגור, שנעע וואס איז קיין מאל ניט אנגעריהרט געווארען קען מען דערקענען, די פרוי האט געהאט די הייליגע ווייסקייט פון דער יונגפרוי. דאס וואס האט ארויסגעשניים פון דעם אונבאוואוסטזיניגען שטערען, פון די צואווארפענע האר, פון די פארמאכטע ברעמען, פון די בלויע, קוים באמערקבארע אדערן, פון די רונדע פיינע בריסטען, פון די היפטען און די קני, איז געווען די געטליכקייט פון אן ערהאבענעם שלאף. די אונבאשיידענהייט האט זיך באהאלטען אין דער ריינקייט. דאס באשעפעניש איז געווען נאקעט, אזוי רוהיג ווי זי וואלט געהאט א רעכט פאר א געטליכען ציניזם. זי האט געהאט די זיכערקייט פון אן אלימפערן וואס מאכט זיך פאר א פרוי פון דעם שוים, און קען זאגען צום ים „פאטער!“ און זי האט זיך געוויזען אין איהר נאקעטקייט, אונריהרבאר און אפגעהיט. צו אלץ וואס איז איהר פארבייגעגאנגען. בליקען, פארלאנגען, גלוסטונגען, משוגעת און טרוימען, זי איז אזוי רוהיג געלעגען אין איהר בודואר ווי וועניס אויף דעם אונענדליכען שוים פון דעם ים.

זי איז אנטשלאפען געווארען ביינאכט און האט דעם שלאף אנגעהאלטען ווען עס איז שוין געווען גרויסער טאג, זייענדיג אזוי זיכער אין די שאטענס פון דער נאכט ווי בייטאג.

גווינפעלין האט געציטערט. ער האט איהר באוואונדערט.

אזוי באוואונדערן איז אונגעזונט. מען איז צופיעל פאראינטערעסירט.

ער האט זיך דערשראקען. דער אוצר פון איבערראשונג איז נאך אפשר ניט אויסגעשעפט, גווינפעלין האט געמיינט, אז ער האט שוין

דערגרייכט דעם סוף. עס האט זיך ווידער אנגעפאנגען. וואס זענען דאס אלץ פאר א בליצען, וואס קומען אויף איהם אראפ, אן אפהאלט, און צו אלעמען, די פרוי, דער גרעסטער בליץ, אויף איהם א וואקלענדען מענשען, א שלאפענדיגע געטין? פאר וואס מיט אמאל די אלע איבעראשונגען גוטע, פון וועלכע ער האט געטרוימט, און שרעקליכע? וואס זענען די אלע אנגענעהמע איבעראשונגען וואס ערשיינען פאר איהם איינע נאך די אנדערע, פול מיט לוסט, אין זיינע פארפלאנטערטע פאנטאזיעס, אפילו זיינע שלעכטע געדאנקען ווערען פארוואנדעלט אין פלייש און בלוט, און באצווינגען איהם מיט א רייהע פאר'שכור'ענדע ווירקליכקייטען וואס ווערען ארויסגעצויגען פון דאס אונמעגליכע? האט אימיצער געמאכט א פארשווערונג געגען איהם, אן אונגליקליכע בריאה, און וואס וועט דערפון ווערען? זענען די קאפשווינדלערישע ערשיינונגען אבזיכטליך ארענזשירט? די פרוי! דא! צוליעב וואס? ווי? קיין ערקלעהרונג. פארוואס ער? פארוואס זי? איז ער געמאכט געווארען א פיער פון ענגלאנד צוליעב דער הערצאגין? ווער האט זיי צוזאמען געבראכט? ווער איז דער אפגענארטער? ווער איז דער אפפער? וועמעס צוטרויען באטריגט ער? נארען זיי אפ גאט? אט די אלע זאכען זענען ביי איהם דורכגעלאפען דורכ'ן קאפ. ער האט זיי ניט געפרעגט סיסטעמאטיש, נאר דונקעל זענען זיי געווען ביי איהם, און די כשוף'דיגע און בייזוויליגע געביידע, וואס איז אזוי שוידערליך ווי א געפענגניס, איז דאס א אינטריגע? גווינפעלין האט זיך ניט געקענט קלאר מאכען די לאגע. פינסטערע געדאנקען האבען איהם געמוטשעט, ער איז אבער געשטאנען ווי א צוגעשמידמער, זיין ווילען האט איהם אין גאנצען פארלאזען און וואס זאל ער זיך אנהאלטען? ער איז געשטאנען ווי א ווילדער באצויבערט.

דעם מאל האט ער געפיהלט ווי ער איז אונקורירבאר משוגע, אט דער ניכטערער פאלען אין אפגרונד אין שווינדלענדען צושטאנד, ווי ער האט דאס שוין אמאל געפיהלט, איז איצט ווידער אנגעקומען.

די פרוי איז נאך אלץ געשלאפען.

פאר איהם און זיין אונרוהיגען גייסטיגען צושטאנד, איז זי ניט מעהר געווען די ליידי, די הערצאגען, די פארנעמע דאמע, נאר בלויז די פרוי.

די אבווייכונג עקזיסטירט אין דעם מאן וואס איז אין אן אונרו־היגען צושטאנד. שטימען אין אונזער ארגאניזם האבען אן אונזעה־בארען וועג פארטיג, אפילו ווען מיר זענען אונשולדיג און אויסערליך ריין, האבען מיר אט די שטימעם אין אונז. ניט זיין פארפלעקט הייסט ניט אז מיר האבען ניט קיין חסרונות. ליעבע איז א געזעץ. תאוה און אפגרונד.

מען קען זיין שכור און מען קען זיין באטרונקען. צו זיין שכור מיינט צו פארלאנגען א פרוי, צו זיין באטרונקען מיינט וועלען די פרוי.

גווינפעלין איז געווען אויסער זיך. ער האט געציטערט.

ווי זאל ער זיך פארהיטען געגען דער געפאהר?

אהן קאקעטעריי, אהן זיידענע קליידער, אהן געקינסטעלטען רייץ און איבערטרייבונגען, ניט פארשטעלענדיג זיך, ניט שפיעלען קיין טהעאטער, נאקעטקייט איז איהר פאלשטענדיגקייט, ווי א מיסטער־יעזע אויפפאדערונג פון גן־עדן׳דיגע אונפארשעמטקייט, ווי אן אפיעל וואס ווערט געמאכט אויף די דונקעלע געפיהלען פון מאן, חוה, וואס איז נאך ערגער פון דער שלאנג. דאס מענשליכע און איבערמענש־ליכע פאראייניגט. ארויסרופענדיג עקסטאז, און ענדיגענדיג מיט א ברוטאלען טריאומף פון די דונקעלע אינסטינקטען איבער דער מענשליכער פליכט. די שעהנע קערפערליכע שטריכען פון א פרוי, ווירקט צום גוטען, ווען זיי זענען עהרליך, זיי זענען אבער געפעהרליך אויך ניט.

צייטענווייז פלעגט די הערצאגען זיך לייכט באוועגען ליגענדיג אזוי אויפ׳ן בעט. זי פלעגט בייטען איהר פאזע ווי די וואלקען ביי־טען די קאלירען און אלע מאל פלעגט זי ווייזען, אונבאוואוסט, איה־רע וואונדערבארע ליניען. פרויען זענען אזוי בויגזאם ווי וואסער, ווי וואסער, האט די הערצאגען געהאט עטוואס אונבאשרייבבאר און אויי־סערגעוועהנליכעס אין זיך.

עס איז מאדנע צו זאגען: דא איז זי געלעגען, פלייש און בלוט, און איז געבליבען א פאנטאזיע. יוען ער וואלט אויסגעשטרעקט די האנט וואלט ער איהר כמעט ווי אנגעריהרט, און זי איז דאך געווען אזוי ווייט. גווינפעלין, בלייך צושראקען האט איהר באטראכט, ער האט זיך צוגעהערט צו איהר אטעמען און האט זיך פארגעשטעלט,

אַז ער הערט דעם אָטעמען פון אַ גייסט, ער איז צונעצויגען געוואָרען און ער האָט געקעמפט מיט זיך, וואָס זאָל ער טהאָן נעגען דעם? וואָס זאָל ער טהאָן נעגען זיך?

ער וואָלט אַלץ ערוואַרטעט נאָר ניט דאָס. אַ שרעקליכען היטער ביי דער טיר, אַ בייזען מאַנסטער, וואָס זאָל מיט איהם קעמפען, אויף דעם האָט ער זיך געריכט. ער האָט זיך געריכט אויף פיזישען מאַכט, און ער האָט געפונען פיזישע שעהנקייט.

אַ נאַקעטע פרוי, אַ שלאָפענדע פרוי.

מיט וועמען זאָל ער קעמפען?

ער האָט פאַרמאַכט די אויגען. צו פיעל ליכט שאַדען די אויגען, אָבער דורך זיינע פאַרמאַכטע ברעמען האָט ער איהר אויך געזעהען, דונקעלער אָבער אַזוי שעהן ווי שטענדיג.

צו אַנטלויפען איז ניט לייכט. ער האָט שוין געפּרובירט און ער האָט ניט געקענט, ער איז געווען איינגעוואָרצעלט אויף דעם פּלאַץ, ווי אַ מענש אין אַ חלום. ווען מיר ווילען אַנטלויפען, שמידט אונז דער יצר־הרע צו וואו מיר שטעהען, מיר קענען זיך נאָר דערנעהענטערן, אָבער ניט אַנטלויפען, די אונזעהבאַרע הענט פון זינד קריכען אַרויס פון דער ערד און שלעפען אונז אַראָפּ.

געוועהנליך האַלט די וועלט, אַז די געפיהלען ווערען אָפּגעשטומפּט. עס איז ניטאָ קיין פאַלשערע זאַך, עס איז ווי מען וואָלט געזאָגט, אַז אַ וואַנד טוט ניט אַזוי וועה ווען מען שיט אויף איהר אַרויף זאַלץ.

דער אמת איז אַז די געפיהלען ווערען שאַרפער אָנגעשטרייגנטער יעדען מאָל.

פון איין איבעראַשונג צום צווייטען, גווינפּלין האָט שוין געקראָגען ספּאַזמען. די וואָזע, זיין פאַרשטאַנד איז איבערפילט געוואָרען מיט יעדער נייער איבעראַשונג. ער האָט אין איהם דערפיהלט אַ שרעקליכע דערוואַכונג.

ער האָט שוין מעהר ניט געוואוסט וואָס ער וויל, זיין איינציגער צוועק איז שוין איצט געווען די פרוי, ער האָט געפיהלט ווי אַ צובראָכענע שיף אין מיטען ים, עס איז שוין אוממעגליך צו קיריווען, ער מוז שוין דאָ בלייבען, ער איז אַרויפגעפאָהרען אויף אַ פעלז, דער פעלז איז ניט קיין שטיין נאָר אַ נימפע, און עס שלעפּט איהם אַראָפּ.

גווינפעלין האט זיך געוואלט ארויסרייסען, אבער ווי קען ער דאס טהאן? ער האט שוין מעהר ניט געפיהלט וואס איהם איז נאהענט.

מענשליכע שוואכקייטען זענען אונענדליך. א מענש קען אזוי צושטערט ווערען ווי א שיף, דער באוואוסטזיין איז זיין רודער, און טרויעריג ווי עס זאל ניט קלינגען, מוז מען דאך צוגעבען, אז דער רודער קען אויך צובראכען ווערען.

ער האט אפילו ניט געקענט זאגען: „איך בין מיאוס און אב־שטויסענד, זי וועט מיר פארטרייבען.“ די פרוי האט איהם געשרי־בען, אז זי האט איהם ליעב.

עס קומט אן א קריטישער מאמענט, ווען דאס שלעכטע וועגט איבער דאס גוטע, די זינדיגע טייל אין אונז פארדעקט פאלשטענדיג דאס גוטע אזוי אז זי קען זיך ניט מעהר ארויסזעהען. איז דער טרוי־עריגער מאמענט, דער קריטישער מאמענט אנגעקומען אויף גווינפע־לין'ען?

ווי קען ער איהם אויסמיידען?

איז דאס טאקע זי! די הערצאגין, די פרוי את איז זי פאר איהם, אין דעם צימער, אין דעם פלאץ וואו מען קען קיין מענשען ניט זעהען, אט ליגט זי א שלאפענדע, אליין, אונבעשיצט, ער קען מיט איהר טאן וואס ער וויל, זי איז אונטער זיין מאכט!

די הערצאגין.

מען דערזעהט א שטערען אין דער טיפער ווייטקייט, מען באַ־וואונדערט איהם. ער איז אזוי ווייט, וואס איז דא מורא צו האבען פאר א ווייטען שטערען? איין טאג— איין אוונט—זעהט מען ווי ער פארלאזט זיין געוועהנליכען פלאץ. מען דערזעהט פון איהם שימערט א ליכט, דער שטערען וואס מען האט פריהער געמיינט, אז ער איז אונבאוועגליך, באוועגט זיך פארט. עס איז ניט קיין שטערען, עס איז א קאמעט, דער קאמעט דערנעהענטערט זיך, ווערט גרעסער, ער שאַ־קעלט זיינע בלאנדע לאקען, ער ווערט אונגעוועהנליך גרויס, ער געהט אין זיין זייט, אה, שרעקליך! ער קומט צו דיר! דער קאמעט קען דיר, דער קאמעט וויל דיר, וואס פאר א שוידערליכע ערשיינונג, דאס וואס קומט נעהענטער, וואס קומט צו דיר, האט צו פיעל ליכט, עס וועט דיר בלינד מאכען, עס איז דער איבערפלוס פון לעבען, וואס איז טויט, דו דערשרעקסט זיך, דאס איז די ליעבע פון אבגרונד, דו

אנטלויפסט. דו פאַרמאַכסט מיט די הענט דיינע אויגען, דו פאַרבע־האַלסט זיך, דו רעכענסט אז דו ביזט שוין געראַטעוועט, דו עפענסט אויף די אויגען — דער אונפאַרמיידליכער שטערען איז ווידער דאָ. עס איז שוין מעהר ניט קיין שטערען, מעהר ניט קיין קאָמעט, פאַרניכ־טעט אַלצדינג. עס פּילט אוים דעם הימעל, עס איז אַלץ, אויסערדעם איז גאָר ניט דאָ. עס איז א קאַרפונקעל פון דער טיפעניש פון דער אונענדליכקייט. א דימענט פון ערגעץ ווייט, א שמעלץ־אויווען ניט ־ווייט פון מיר, דו ביזט אין פלאַמען.

**און דו פיהלסט ווי דו ברענסט מיט דער היץ פון גן־עדן.**

---

## 20טער קאַפּיטעל.

מיט אמאָל איז זי אויפגעשטאַנען. זי האָט זיך אויפגעהויבען און אוועקגעזעצט. די באַוועגונג איז געווען א האַרמאָנישע און מאַ־יעסטעטיש. איהרע געדיכטע, בלאָנדע זיידענע האָר האָבען זיך צו־וואָרפען אויף איהרע שולטערען אין אַן אונאָרדענונג, די העמד האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון איהרע שולטערען און זיי זענען געבליבען ־וויים און נאַקעט. זי האָט מיט איהר האַנט אַנגענומען א ראָזען פינגער פון איהר פוס, האָט עטליכע סעקונדען באַטראַכט איהר נאַ־קעטע פוס, א פוס וואָס אפילו פעריסלעס האָט איהר געמעגט באַוואונ־דערן און פידיעס האָט איהר געמעגט נאַכמאַכען ; דאַן האָט זי זיך ווידער אויסגעצויגען און געגענעצט ווי א טיגעריך פאַר זונען־אויפ־גאַנג.

עס איז מעגליך אז גווינפּעלין האָט אַן אַטעם געטהאָן, א שאַר־פען און קורצען ווי איינער וואָס מאַטערט זיך איינצוהאַלטען און ניט אַטעמען.

„איז דאָ אימיצער דאָ ?“ האָט זי געפרעגט.

זי האָט געגעניצט דאָס זאָגענדיג, און איהר גענעצען איז געווען פול מיט גראַציע.

גווינפּלין האָט צום ערשטען מאָל געהערט די שטימע, די שטימע פון אַ צויבערין, אַ זיסע און טיילווייז חוצפה׳דיגע, די אינטאָנאַציע פון אַ גלעט געמישט מיט דער טבע פון באַפעהלען.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די קני — עס איז דאָ אַזאַ סטאַטוע פון אַלטערטום וואָס קניט אַזוי צווישען אַ טויזענד דורכזיכטיגע פאַלדען — זי האָט גענומען איהר מאַנטעל און אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט. נאַקעט, גלייך ווי זי וואָלט זיך געוואָלט ווייזען אין איהר פאָלשטענדיגקייט, און זיך גלייך ארומגעוויקעלט מיט איהר מאַנטעל. אין איין סעקונדע האָט איהר דער פינקעלדיגער מאַנטעל פאַרדעקט, די לאַנגע אַרבעל האָבען פאַרשטעלט איהרע הענט, מען האָט מעהר ניט געקענט זעהען ווי די שפּיץ פינגער פון איהרע פיס. ווייסע מיט קליינע נעגעל ווי די פיס פון אַ קינד.

זי האָט אַרויסגעצויגען איהרע האָר זיי אַריבערגעלאָזען איבער איהר מאַנטעל. דאַן איז זי געלאָפען הינטער דער בעט, אין דעם ווייטסטען עק פון איהר צימער, און צוגעלייגט איהר אויער צו דעם שפּיגעל, וואָס האָט וואַרשיינדליך פאַרדעקט אַ טיר.

זי האָט אָנגעקלאַפּט אין דעם שפּיגעל, איינבויגענדיג איהרע פינגער.

„איז דאָרטען אימיצער דאָ? לאָרד דעוויד? ביזטו דאָרטען דאָ? וויפיעל איז דער זייגער? ביזטו דאָס באַרקילפעדראָ?“

זי האָט זיך אומגעקעהרט:

„אבער ניין, ניט פון דער זייט איז גאָר דער גערויש געקומען. איז אימיצער דאָ אין באָדע־צימער? ענטפערט, וואָס שווייגט איהר? אבער, ניין, פון דעם זייט קען קיינער ניט קומען.“

זי איז צוגעגאַנגען צו דעם פאָרהאַנג פון זילבער געוועבט, און מיט איהר קליינעם פוס האָט זי איהם אויפגעעפענט, און מיט איהר שולטער האָט זי איהם פונאַנדערגעוואָרפען, און זי איז אַריין אין מאַרמאָרנעם צימער.

גווינפּלין האָט דערפיהלט ווי אַ קעלט וואָלט דורך איהם דורכגעלאָפען. עס איז שוין ניטאָ וואו צו באַהאַלטען זיך, און אַנטלויפען איז צו שפּעט, אויסער דעם האָט ער די כחות וואָס איז נויטיג פאַר

אַזאַ טהאַט ניט יעהאַט. ער האָט געוואָלט די ערד זאָל זיך שפּאַלטען און איהם איינשלינגען. ער קען שוין ניט אַנטלויפען פון איהר בליק. זי מוז איהם זעהען.

זי האָט איהם געזעהען.

זי האָט געקוקט אויף איהם, זיך וואונדערענדיג, אָבער ניט ער־שטוינט, מיט אַ שאָטען פון גליק און כעס.

„וואַרט", האָט זי געזאָגט, „גווינפּעלין".

און פּלוצלונג מיט אַ שפּרונג ווי אַ קאַץ איז זי אַרויפגעשפּרונגען אויף זיין האַלז.

זי האָט אַרומגענומען זיין קאָפּ מיט איהרע נאַקעטע אָרעמס, פון וועלכע די אַרבעל האָבען זיך אַראָפּגעגליטשט.

מיט אַמאָל האָט זי איהם אָפּגעשטופּט, און אַרויפלייגענדיג איהר קליינע הענטעל אויף גווינפּעלינס שולטער, ווי אַ לאַפּע, איז זי גע־שטאַנען גלייך פאַר איהם, און ער נעגען איהר. זי האָט איהם גענומען מאָדנע אָנקוקען.

זי האָט געקוקט אויף איהם, ניט פאַרשטעהענדיג קיין זאַך, זיך וואונדערענדיג. מיט אַ געמיש פון צווייפעל און ווירקליכקייט. גווינ־פּעלין האָט באַטראַכט דעם בלויען און שוואַרץ־אָפּעל פון איהרע אוי־גען, געקוקט אויף דעם צווייידייטיגען פייער אין איהר בליק, דעם פייער פון הימעל און דעם פייער פון גיהנום. די פרוי און דער מאַן האָבען געקוקט איינע אויף די אַנדערע אין דעם בייזען, בלענענדען צושטאַנד, זיי האָבען זיך איינע די אַנדערע פאַר'כשופ'ט, ער מיט זיין מיאוסקייט און זי מיט איהר שעהנקייט, ביידע מיט דעם שוידער.

ער איז געווען רוהיג, ווי אונטער אַ מאַסע פון וועלכער עס איז אונמעגליך זיך אויסצוהויבען. זי האָט אויסגערופען:

„דו האָסט שכל, דו ביזט געקומען, דו האָסט זיך דערוואוסט, אַז איך בין געצוואונגען געווען צו פאַרלאָזען לאָנדאָן, דו האָסט מיר נאָכ־געפאָלגט. דו ביזט אַן אויסערגעוועהנליכער מענש, אַז דו קענסט דאָ זיין."

דער באוואוסטזיין, אַז זי באַזיצט איהם האָט איהם אין כעס גע־מאַכט, גווינפּעלין האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסען, אָבער איהרע שעהנע פינגער האָבען געהאַלטען פעסט זיין אַקסעל. עטוואָס אונפאַרשטענד־

ליכעס איז דא פארגעקומען. דאס איז געווען דער ווילדער מאן איז דערביידעל פון דער ווילדער פרוי.

זי האט פארגעזעצט:

„אננא, דער נאר — דו ווייסט דאך, די קעניגען — האט מיר געצוואונגען צו קומען קיין ווינדזאר, און איך ווייס ניט צוליעב וואס. ווען איך בין געקומען איז זי געווען פארנומען מיט דעם אידיאט, דעם קאנצלער, אבער ווי האסטו געקענט קומען צו מיר? אט דאס רוף איך א מאן, שטערונגען? עס איז ניטא אזעלכע זאכען. מען רופט איהם, קומט ער, דו ווייסט אפילו ניט מיין נאמען, מיין נאמען איז הער־צאגין זשאזיאנא, מיר דאכט, אז דו ווייסט שוין, ווער האט זי דא ארייננעפיהרט, דער פאזש, ניין? ער איז קלוג, ער פארשטעהט, איך וועל אהים געבען א הונדערט גינאס, ווי האסטו דאס געטהאן? זאג מיר, ניין, זאג מיר ניט, איך וויל דאס ניט וויסען, ערקלעהרונגען זיי־נען ערנידערונגען, איבערראשונגען האב איך בעסער ליעב, דו ביזט גענוג מאנסטערהאפט צו זיין וואונדערבאר, דו פאלסט אראפ פון הימעל, אזוי דארף זיין, קיין קלארערע און פארשטענדליכערע ער־קלעהרונג דארף מען ניט, דער באלקען האט זיך אויפגעעפענט און דו ביזט דא, דו ביזט אראפגעקומען פון די וואלקענס און גלייך צו מיר אין צימער, אזוי דארף זיין, דו האסט פארדיענט ארייננצוקומען ווי א גאט, דו ביזט מיין געליעבטער."

גווינפעלין האט זיך צוגעהערט, אליין ניט גלויבענדיג, פיהלענ־דיג ווי זיינע געדאנקען באוועגען זיך מעהר און מעהר, עס איז גע־ווען זיכער און אונמעגליך צו צווייפלען, אז די פרוי האט אין זינען איהר בריעף צו איהם. ער, גווינפעלין, דער געליעבטער פון א הער־צאגין, ווי שטאלץ ער איז געווען, וועד קען זיך צו איהם פארגליי־כען.

שטאלץ איז א געוואלדיגע קראפט אין אונז, געגען אונז.

די הערצאגין האט פארגעזעצט.

„און אזוי ווי דו ביזט דא, דארף דאס אזוי זיין, איך פרעג ניט מעהר, אימיץ איז דארטען דא, פון אויבען אדער פון אונטען, וואס פיהרט אונז צוזאמען, א משוגע'נע פארבינדונג, א פארבינדונג וואס איז אויסער דעם געזעץ, דעם טאג ווען איך האב דיר געזעהען האב איך צו זיך געזאגט — דאס איז ער, איך דערקען איהם, דאס איז דער

מאנסטער פון מיינע חלומות, איך דערקען איהם, ער זאָל ווערען מייד־נער, — אָבער דעם צופאָל מוז מען העלפען. דערפאַר האָב איך דיר געשריבען דעם בריעף. איין פראַגע וויל איך דיר שטעלען גווינפעלין. גלויבסטו אין פּאַראַיים־באַשטימונג? איך יא, זינט איך האָב גע־לייענט סיפּיא׳ס חלום פון סיסירא, ווארט נאָר, דאָס האָב איך גאָר ניט באַמערקט, דו ביזט געקליידעט ווי אַן אדעליגער, און פאַרוואָס ניט, דו ביזט דאָך אַ פּאַיאַץ, דאָס איז אַ גוטע אורזאַכע, אַ פּאַיאַץ איז אַזוי גוט ווי אַ לאָרד, אויסער דעם, וואָס איז דען אַ לאָרד? אַ פּאַיאַץ, דו האָסט אַ וואונדערבאַרע פיגור, דו ביזט זעהר גוט געבויט, אָבער ווי קומסטו דאָ? איך קען זיך דאָס גאָר ניט גלויבען. ווען ביזטו דאָ אָנגעקומען? האָסטו מיר געזעהן אַ נאַקעטע? איך בין שעהן, ניט? איך בין געגאַנגען זיך באָדען. אַה, איך האָב דיר ליעב. האָסט געלייענט מיין בריעף? האָסטו איהם אליין געלייענט? דו מיזט געוויס זיין אונוויסענד. איך שטעל דיר פראַגען אָבער ענטפער זיי ניט, איך האָב ניט ליעב דעם קלאַנג פון דיין שטימע. עס איז זיס. אַזאַ באַשעפעניש ווי דו דאַרף ניט רעדען נאָר ריטשען. דו זינגסט אַזוי האַרמאָניש, איך האָב דאָס פיינט, דאָס איז די איינציגע זאַך אין דיר וואָס איך האָב ניט ליעב. אַלע אַנדערע אייגענשאַפטען אין דיר זיינען ווי צוגעפּאַסט, אַלץ אין דיר איז וואונדערבאַר, אין אינדיא, וואָלסטו געוואָרען אַ גאָט, ביזטו געבאָרען געוואָרען מיט דעם שוידערליכען געלעכטער אויף דיין פּנים? ניין, עס קען ניט זיין, עס איז אָהן צווייפעל אַ שטראָף פאַר אַ פאַרברעכען, דו ביזט געמאַטערט געוואָרען אין געפיינגנים. איך וואָלט ווירקליך וועלען דו זאָלסט האָ־בען באַגאַנגען אַ פאַרברעכען. קום צו נעהענטער, נעהם מיך אָרום.״

זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזען אויף דעם בעט־שטול,—אָדער סאָפע — און האָט איהם אויך צוגעצויגען, זיי זענען געווען זייט ביי זייט, אַליין ניט וויסענדיג וואו. וואָס זי האָט געזאָגט, איז אַריבער איבער גווינפעלינען, ווי אַ מילדער פריהלינגס־ווינטעל. ער האָט גאָר ניט פאַרשטאַנען וואָס זי האָט געזאָגט. באַוואונדערונג האָט ער געזעהען אין איהרע אויגען, זי האָט גערעדט מיט האַסט, משוגה׳דיג, טומלענ־דיג, פול מיט צערטליכקייט איז איהר שטימע געווען. איהרע ווערטער זענען געווען מוזיק, אָבער גווינפּעלין האָט געהערט די מוזיק ווי מען הערט אַ שטורעם.

ווידער האָט זי איהרע שטראַהלענדיגע אויגען צו איהם געווענ־
דעט:

„איך פיהל זיך נידעריגער לעבען דיר, וואָס פאַר אַ גליק, ווי גע־
וועהנליך עס איז צו זיין אַן אַדעליגע! איך בין פון העכסטען אַדעל, ווי
אונבאַקוועם, אַראָפּצונידערען, באַרוהיגט מיר, איך בין אַזוי פיעל
אַרומגערינגעלט מיט פאַרעהרונג אַז איך דאַרף אַביסעל ערנידערונג,
מיר זענען אַביסעל עראַטיש, אַנפאַנגענדיג מיט ווענוסען, קלעאָפּאַט־
ראַ, די מאַדאַמען דע'טשעוורו און דע לאַנגעוויל, און ענדיגענדיג מיט
מיר, איך וועל זיך מיט דיר אַרומפיהרען, איך זאָג דיר דאָס צו, אָט
איז אַ ליעבעס־געשיכטע וואָס וועט איבערלאָזען אַ פלעק אויף דער קע־
ניגליכער פאַמיליע פון די סטואַרדס, די פאַמיליע צו וועלכער איך
באַלאַנג. אַה, איך אָטעם אָפּ, איך בין פריי, איהר מאַיעסטעט קען מיר
גאָר ניט טהאָן, ניט צו באַלאַנגען צו קיין קלאַס מיינט זיין פריי; צו־
רייסען מיט אַלעמען און צו האָבען אַלץ. צו טאָן אַלץ, און דאָס צוריק
קאַליע מאַכען, דאָס הייסט לעבען. הער זיך צו, איך האָב דיר ליעב."

זי האָט זיך אינטערבראָכען און געשמייכעלט שווידערליך.

„איך ליעב דיר ניט נאָר ווייל דו ביזט אַ פאַרזעהעניש, נאָר
אויך דערפאַר וואָס דו ביזט פון די נידעריגע, איך האָב ליעב דעם
מאָנסטער, איך האָב ליעב דעם וואַנדערענדען שפּילער, אַ געליעבטען,
וואָס ווערט פון אַלעמען ערנידעריגט, פאַראַכטעט, גראָטעסקי, מיאוס,
אַלע לאַכען פון איהם און ער האָט אַן אויסערגעוועהנליכען טעם. דאָס
איז עסען פאַרבאָטענע פרוכט פון דעם אָפּגרונד, אַן ערנידעריגטער
געליעבטער איז אויסערגעוועהנליך, וואָס רייצט מיר צו האַלטען דעם
עפּעל צווישען מיינע ציין ניט פון גן־עדן נאָר פון גיהנום, אַזוי בין
איך הונגעריג און אַזוי בין איך דאָרשטיג. אָט אַזאַ חיה בין איך—
די חיה פון דעם אָפּגרונד — דו ביזט וואַרשיינליך אַ טייוועל, אַליין
ניט וויסענדיג דערפון. איך האָב זיך אָפּגעהיט, און זיך געהאַלטען כדי
די מאַסקע זאָל מיר האָבען, דו ביזט דער וויזיאָן פון דעם גרויסען
אונענדליכען געלעכטער, דו ביזט דער הערשער, אויף ווענען איך
האָב געוואַרט. איך וויל אַזאַ ליעבע ווי די מעדעאַס און די קאַנידאַס
האָבען, איך האָב געפיהלט אַז איינע פון די פינסטערע פאַסירונגען
וועט טרעפען מיט מיר, דו ביזט דער, ווענען איך האָב אַלע מאָל
געוואָלט, צו ווענען איך האָב געגאַרט, איך דערצעהל דיר אַזוי פיעל

זאַכען וואָס דו קענסט ניט פאַרשטעהן, גווינפּעלין, קיינער האָט מיר גאָר ניט געהאַט, איך גיב זיך דיר אַפּ אַזוי ריין, ווי די ערשטע פונקען פון אַ פייער, דו גלויבסט מיר ווארשיינליך ניט, אָבער ווען דו וואָלסט געוואוסט ווי ווינציג עס אַרט מיר!“

דאָס איז געווען אַן אויסברוך פון ווערטער, ווי לאַוואַ פון אַ פייערשפּייענדען באַרג.

גווינפּעלין האָט געשטאַמעלט:

„מאַדאַם...“

זי האָט זיין האַנט אַרויפגעלייגט אויף זיין מויל.

„שטיל, איך באַטראַכט דיר, גווינפּעלין, איך בין די אונבאַפלעקטע, געזעצלאָזע פרוי, איך בין די באַשיידענע פרוי פון דער וואַקכאַנאַליע, קיין מאַן האָט מיר קיין מאָל ניט אַנגעריהרט. מיין הארץ איז פון שטיין, אָבער זי איז עהנליך צו די שטיינדלאַך פון ברעג ים, וואָס ווערענדיג געוואָרפען פון די כוואַליעס קענען זיי זיך צוברעקלען. אַ שלאַנג קען איהר צוברעכען, דער שלאַנג איז מיין ליעבע. אַ ליעבע אַן אַלמעכטיגע, ווייל זי האָט דיר געצוואונגען צו קומען. אַן אונמעגליכע ווייטקייט איז געלעגען צווישען אונז ביידע, איך בין געווען אויף איין עק וועלט און דו אויף דער צווייטער, און דו האָסט די לאַנגע רייזע געמאַכט, דו ביזט געקומען. ווי גוט עס איז, נעהם מיר.“

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, וואַקלענדיג, און דאַן האָט זי ווידער אָנגעהויבען צו שמייכלען.

„דו זעהסט, גווינפּעלין, חלומ'ען הייסט באַשאַפען, אַ פאַרלאַנג איז אין דערזעלבער צייט אַ רוף, אויפבויען אַ פאַנטאַזיע איז ערוועקען די רעאַליטעט. דעם אַלמעכטיגען און אונאונדליכען אומעט קאַן מען ניט פאַרטרייבען, ער באַפרידיגט אונז, דו ביזט דאָ, זאָל איך זיך רואינירען? געוויס, זאָל איך ווערען דיין מעטרעסע, דיין קעבס־ווייב, דיין שקלאַף, דיין זאַך? מיט פרייד גווינפּעלין, איך בין ווייב. ווייב איז ליים וואָס וויל מאָדעלירט ווערען, איך דאַרף זיך פאַראַכטען, דאָס איז אַ געגען־גיפט צו שטאָלץ, דער חבר פון גרויסקייט איז שלעכטסקייט, קיין בעסערע פאַרבינדונג איז ניטאָ, האָב מיר פיינט. דו, וואָס דו ביזט אַליין פאַרהאַסט, ערנידעריגט פון אַן ערנידעריגטען. אַה, וואָס פאַר אַ פאַרגעניגען, די צוויי בלומען פון שאַנדע, איך רייס

זיי אוים, טרעט מיר אונטער דיינע פיס, דו וועסט מיר נאָך בעסער ליעב האָבען, איך ווייס דאָס, ווירקליך אזוי איז דאָס. דו ווייסט פאַר־וואָס איך אידעאַליזיר דיך? ווייל איך האָב דיר פיינט, דו ביזט אַזוי ווייט אונטער מיר, אַז איך קען דיר אויפבויען און אוועקזעצען אויף אַן אַלטאַר, זיך צוזאַמענמישען מיט הויכע און נידעריגע איז כאַאָס, און כאַאָס האָב איך ליעב. אַלץ פאַנגט זיך אָן און ענדיגט זיך מיט כאַאָס. וואָס איז כאַאָס? אַ גרויסער פלעק און פון דעם פלעק האָט גאָט באַשאַפען די וועלט. דו ווייסט ניט ביז וואָס פאַר אַ גראַד איך בין פאַרדאָרבען, קנעט אוים אַ שטערען פון בלאָטע און דאָס וועל איך זיין."

אזוי האָט גערעדט די פאַרנעמע דאַמע, ווייזענדיג דורך איהר גע־עפענטען מאַנטעל איהר מיידעל־קערפּער.

זי האָט ווייטער גערעדט:

„אַ זי וואָלף פאַר יעדען, פאַר דיר אַ הונט, ווי פאַרוואונדערט די מענשען וועלען זיין! דער וואונדער פון די נאַראָנים איז זים. איך פאַרשטעה זיך אַליין. בין איך אַ געטין? אַפאַרדיטאַ, די געטין פון ים האָט זיך אָפּגעגעבען אַ סוקלאַפּ, איינעם פון דער גרופּע ריזען וואָס האָט געהאַט איין אויג צווישען די דריי קעפּ. בין איך אַ כשוף־מאַכערין? אוורגול האָט זיך אָפּגעגעבען צו באַגריקס דעם ריז מיט אַכט געוועבטע הענט. בין איך אַ פּרינצעסין? מאַריאַ סטואַרד האָט זיך אָפּגעגעבען צו ריציאַ, דריי שעהנהייטען צו דריי מאַנסטערס. איך בין גרעסער פון זיי אַלע, ווייל דו ביזט מיאוסער פון זיי, גווינ־פּעלין מיר זענען איינע פאַר די אַנדערע געמאַכט געוואָרען, דער מאַנסטער וואָס דו ביזט אויסענוויינינג בין איך אינעווייניג, דערפאַר האָב איך דיך ליעב. אַ קאַפּריז? טו וואָס איז דען? וואָס איז אַ הור־ריקאַן? אַ קאַפּריז. צווישען אונז איז דאָ אַ געגענזייטיגע געמיינ־שאַפטליכקייט, מיר באַלאַנגען ביידע צו דער נאַכט. דו צוליעב דיין פּנים, איך אויך מיט מיינע געדאַנקען, דו באַשאַפסט מיר, דו קומסט אַן און דערזעהסט מיין נשמה אַ נאַקעטע. דאָס האָב איך ניט גע־וואוסט, עס פאַרוואונדערט מיר, דיין דערנעהענטערונג רופט אַרויס די שלאַנג אין מיר, אין מיר, אין דער געטין, דו דעקסט אויף אין מיר מיין אמת׳ע נאַטור. צוליעב דיר ענטדעק איך זיך, דו קוקסט אין מיר אַריין ווי אין אַ שפּיגעל, דיין צורה איז מיין נשמה, איך

האָב אליין ניט געוואוסט אז איך בין אזוי שרעקליך, בין איך אויך א מאָנסטער! אה, גווינפּעלין, דו פאַרטרייבסט די לאַנגווייליגקייט".

זי האָט געשמייכעלט מיט אַ מאָדנעם קינדער־שמייכעל. זי האָט זיך צוגעבויגען צו זיין אויער און שטילערהייד איהם געזאָגט:

„דו ווילסט זעהען א משוגע'נע פרוי? קוק אויף מיר."

זי האָט אַריינגעקוקט אין גווינפּעלינען, איהר בליק איז ווי א ליעבעס־טראַנק. איהר מאַנטעל איז געווען צוואוואָרפען, בלינדע חיה'־שע עקסטאַז האָט פאַרנומען זיין געדאַנק — אַז עקסטאַז געמישט מיט ליידען: אין דער צייט וואָס זי האָט גערעדט איז זיין בלוט אין איהם פאַרפראָרען געוואָרען, טראָץ דעם וואָס איהרע ווערטער האָבען איהם געברענט ווי הייסע קוילען, ער האָט ניט געקענט זאָגען קיין וואָרט. זי פלעגט זיך אַלע ווייטע אונטערברעכען, זי פלעגט איהם באַטראַכטען: „אה, מאָנסטער" פלעגט זי אַרויסברומען. זי איז געווען ווילד.

מיט אַמאָל האָט זי אָנגעכאַפּט זיינע הענט.

„גווינפּעלין, איך בין דער טראָהן און דו ביזט דער שטול. לאָ־מיר ביידע ווערען גלייך, אה, איך בין גליקליך, קוקט זיך איין ווי איך פאַל, איך וואָלט וועלען די גאַנצע וועלט זאָל וויסען, ווי טיף איך בין געפאַלען, זיי וואָלטען זיך נאָך טיפער געבוקט, ווייל וואָס מעהר זיי בלאָזען זיך, אלץ מעהר קריכען זיי. אזוי איז שוין די מענשליכע ראַסע, געגנעריש אבער ווי שלאַנגען, ווי ווערים. אה, איך בין ערני־דעריגט ווי די געטער, זיי קענען אלענפאַלס ניט אָוועקנעמען דעם פאַקט, אז איך בין דעם קעניגס ממזר, איך האַנדעל ווי א קעניגין. וואָס איז געווען ראָדאָפּע? אַ קעניגין, ווער האָט געליעבט פּטעע? דער מאַן מיט דער קראָקאָדילען קאָפּ. זי האָט אין זיין עהרע געבויט די דריטע פּיראַמידע, און וואָס וועט איהר זאָגען וועגען אַננאַ פון עסטרייך? איז מאַזאַרין ניט געווען מיאוס גענוג? דו ביזט ניט מיאוס, דו ביזט צוקאַליעטשעט. דאָס וואָס איז מיאוס איז קליינליך, די צו־קאַליעטשעטע זענען גרויס, די מיאוסע זענען דעם טייפעלס גרימאַ־סע הינטער דאָס שעהנע, די צוקאַליעטשעטע זענען דער געגענזאַץ פון דאָס ערהאַבענע. דער אָלימפּוס האָט צוויי זייטען: די ליכטיגע וואו אַפּאָלאָ געפינט זיך און די פינסטערע וואו פאָליפעמוס געפינט זיך, דו ביזט טיטאַן, דו קענסט זיין בעמאָט אין וואַלד, לעוויטאַן

אין ים, דו ביזט גרעסער פון אלעמען. עס איז דא עטוואס פון דעם דונער אין דיין פנים, דיין צורה איז צוקאליעטשעט געווארען פון א דונער, דאס וואס איז אויף דיין פנים איז דער כעס פון א פלאמיגען קולאק. דער גרויסער אונענדליכער כעס האט איז א מאמענט פון צארן, דורכגעשמירט דיין נשמה מיט דעם איבערמענשליכען פנים. אין גיהנום איז אלע מאל דא אן אנגעברענטער אייזען, וואס הייסט מזל. מיט דעם אייזען ביזטו געבראנדמארקט געווארען. דיר צו ליעבען איז צו פארשטעהען דאס גרויסע, איך טריאומפיר, וואס פאר א גרויסע זאך איז ליעב צו האבען אפאלאן, גרויסקייט ווערט געמאסטען מיט וואונדער. איך ליעב דיר, איך האב פון דיר גע'חלומ'ט, נעכט און נעכט און נעכט! דאס איז מיין פאלאץ, איך וועל דיר ווייזען מיינע גאר־טענס, עס זענען דארט דא ביימער און ווינקלאך וואו מען קען זיך אומארמען, זעהר שעהנע גרופען פון מארמאר געמאכט פון קאוואַ־ליער בערניני, און בלומען זענען דארט דא אזוי פיעל און אזוי פיעל פארשידענארטיגע, און פריהלינג איז דארט ווי א יום־טוב פון ראָ־זען, האב איך דיר שוין געזאגט, אז די קעניגין איז מיין שוועסטער? טהו מיט מיר וואס דו ווילסט. איך בין געמאכט געווארען אז יופי־טער זאל קושען מיינע פיס און דער טייפעל זאל מיר שפייען אין פנים, האסטו א רעליגיע? איך בין א באפטיסט. מיין פאטער דזשייכ:ם דער צווייטער איז געשטארבען אין פראנקרייך ארומגערינ־געלט פון יעזואיטען. קיינמאל האב איך נאך ניט געפיהלט דאס וואס איך פיהל איצטער אין דיין אנוועזענהייט. אה, ווי איך וואלט געוואלט זיין מיט דיר אין אווענט ווען מוזיק שפילט און מיר ביידע ליגען אנגעשפארט אויף איין קישען, אין מיטען ים זאלען מיר אזוי ליגען ארומגערינגעלט מיט דעם ווייסען שיים פון די כוואליעס. באַ־ליידיג מיר, שלאג מיר, באהאנדעל מיר ווי א חיה, איך פארגעטער דיר."

צערטליכקייט שרייט. צווייפעלט איהר אין דעם, געהט אריין אין דעם הייל פון א לייב. שוידער איז געווען אין דער פרוי צוזאמען מיט אויסערגעוועהנליכער ־־אציע, ס'איז ניטא קיין טראגישערע זאך. מען האט געפיהלט די לאפעס און מען האט געפיהלט די סאמעט. עס איז געווען אן אטאקע ווי פון א קאץ; א שפרונג אויף דעם אפפער און באלד זיך צוריקגעצויגען. עטוואס פון ביידע: פון שפיעל און פון

מאָרד איז געווען אין איהרע האַנדלונגען. זי האָט איהם אידיאַליזירט, אונפאַרשעהמט, און דער סוף איז געווען, זי האָט איהם אויך אַנגעשטעקט מיט משוגעת. ווערטער אונגעהויער חוצפּה׳דיגע און זיסע. ווערטער וואָס האָבען געזאָלט באַליידיגען, האָבען ניט באַליידיגט, דאָס וואָס האָט באַוואונדערט, האָט באַליידיגט. איהר טאָן האָט געגעבען איהר כעס און שטאַרקע ווערטער א פראַמעטייאישע גרויסקייט, דער געזאַנג פון דער גרויסער געטין וואָס אכילעס האָט געזונגען האָט געהאַט אַזאַ מין עפּישען כעס. די פרוי איז געווען ווי איבערגעזעצט, אויב אַזאַ זאַך איז מעגליך. אויף יענעם זייט הימעל איהרע האָר איז געווען ווי אַ גריווע אַרום האַלז, איהר מאַנטעל האָט זיך פאַרמאַכט און ווידער אויפגעעפענט, קיין זאַך איז ניט אזוי רייצענד ווי דער בוזעם פול מיט א ווילדען געשריי, דער גלאַנץ פון איהר בלויער אויג האָט זיך צוזאַמענגעמישט מיט דעם גלאַנץ פון איהר שוואַרצער, זי איז געווען איבער נאַטירליך, גווינפּלען, ציטערענדיג, האָט געפיהלט ווי ער ווערט פון איהר איינגעשלונגען.

„איך האָב דיר ליעב“, האָט זי אויסגעשריען.

און האָט איהם א ביס געטהאָן.

ביי האָמערן איז דאָ וואָלקענס, וואָס וועלען שוין באַלד נייטיג זיין פאַר זיי, זיך איבערדעקען ווי א יופּיטער און יאונא, א פרוי וואָס האָט אויגען און קען זעהען זאָל ליעב האָבען גווינפּלענען און איהם נאָך קושען אין מויל, איז געווען אונפאַרשטענדליך. ער האָט זיך אין גאַנצען פאַרלוירען אין איהר אַנוועזענהייט, דער געדאַנק וועגען דיאַ׳ן האָט נאָך אביסעל געקעמפט אין די דונקלע ווינקלען פון זיין האַרץ. עס איז דאָ אַן אַלט בילד וואָס שטעלט פאָר ווי דער ספינקס עסט אויף א קיופּיד די פליגלען פון דעם הימלישען באַשעפעניש, בלוטען אונטער זיינע גרויזאַמע און שמייכלענדע ציינער.

האָט גווינפּלען געליעבט דער פרוי, האָט דער מאַן, ווי די ערד צוויי פּאָליוסען? זענען מיר דער אונבויגזאַמער אַקס, די דרעהענדיגע וועלט — א שטערען פון ווייטען און בלאַטע פון נאָהענטען — וואו טאָג און נאַכט בייטען זיך? דאָ די פרוי א שטראַהל פון ליכט; דאָרט די פרוי, א שמוציג ברונעם, די מלאכים דאַרף מען האָבען, איז דאָס מעגליך אז דעם טייפעל דאַרף מען אויך? שלאָגט די בין השמשות שטונדע אזוי געפעהרליך פאַר אַלע? פאַרמירט זיך אַ וויכטיגע פּלאַץ

אין אונזער שיקזאל? דארף מען דאס שלעכטע אין אונזער נאטור אפגעבען אזוי פיעל פלאץ ווי דאס גוטע? איז זינד א חוב וואס מיר באצאהלען? אייביגע פראגען.

און דאך זאגט א שטימע אז שוואכקייט איז א פארברעכען; וואס גווינפעלין האט געפיהלט איז געווען אונבאשרייבליך, פלייש, לעבען, שרעק, תאוה, א פאר'שכור'ונג, וועט ער איצטער פאלען?

זי האט איהם נאך אמאל געזאגט: „איך ליעב דיר".

און זי האט איהם צוגעצויגען צו איהר בוזעם.

מיט אמאל האט מען געהערט א קלינגען, א שוואכען ווידער־רייכענדען קלאנג פון גאנץ נאהענט. די הערצאגין האט אויסגעדרעהט איהר קאפ און געזאגט:

„וואס וויל זי איצט פון מיר?"

מיט אמאל האט זיך א זילבערנע קעסטעל ארויסגעשארט און אויפגעעפענט.

א בריעף אויף א גאלדערנע טאנץ איז ארויסגעקומען. דער גלע־קעל האט אלץ געקלונגען.

די הערצאגין האט אויפגעעפענט דעם בריעף, און ארויסגענומען פון קאנווערט צוויי פאפירען, דעם קאנווערט האט זי אוועקגעווארפען.

די קעסטעל האט זיך פארמאכט און דער גלעקעל האט אויפגע־הערט קלינגען.

די צוויי פאפירען זיינען געווען: איינע א פארמעט און די צווייטע ווייסע זעהר פיינע פאפיער, די פארמעט איז געווען א גרויי־סע, די פאפיר קליין, אויף דעם פארמעט איז געווען דער זיגעל פון דעם קאנצלער, דער זיגעל פון גרינעם וואקס, וואס מען רופט דעם לארדס זיגעל. די הערצאגין, מיט א קלאפענדען הארצען און מיט אויגען פול פון עקסטאז, האט געמאכט א באוועגונג פון לאנגווייליג־קייט.

„אה, וואס האט זי מיר דא געשיקט? פאפיר, ווי די פרוי לאנגווייליגט!"

און אוועקלייגענדיג דעם פארמעט אויף א זייט, האט זי האלב געעפענט די פאפיר.

„ס'איז איהר האנט, מיין שוועסטערס האנטשריפט. גווינפעלין, איך וויל דיך פרעגען צי דו קענסט לייענען, דו קענסט?"

גווינפּעלין האָט א שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ אויף יאָ.

זי האָט זיך אויסגעצויגען אויף דער סאָפע, כמעט ווי א פרוי אין בעט. פארדעקט מיט'ן מאַנטעל איהרע פיס, און איהרע אָרעמס מיט די ארבעל, לאָזענדיג איהר בוזעם אביסעל אָפען און קוקענדיג ליידענשאַפטליך אויף גווינפּעלינען, האָט זי איהם דערלאַנגט די פּאַפּיר.

„נו, גווינפּעליז, דו ביזט מיינער. פאַנג מיר אָן צו דיענען. ליעבסטער, לייען מיר וואָס די קעניגין שרייבט."

גווינפּעלין האָט גענומען די פּאַפּיר ביי איהר, אויפגעעפענט און מיט א שטימע וואָס האָט געציטערט פון אויפרעגונג האָט ער געלייענט:

„מאַדאַם, — מיט פאַרגעניגען שיקען מיר אייך דעם מאַנוסקריפּט מיט דעם בריעף, איבערגעקוקט און אונטערגעשריבען פון אונזער דינער וויליאם קאָופּער, לאָרד קאַנצלער פון ענגלאַנד, פון וועלכען מיר דערוויסען זיך דעם וויכטיגען פּאַקט, אז דער געזעצליכער זוהן פון לאָרד ליניי קלאַנטשאַרלי איז געפונען געוואָרען. עס איז אויך באַוויזען געוואָרען אז דאָס איז ער, זיין נאָמען איז „גווינפּעלין". א נאָמען וואָס ער האָט געקראָגען לעבענדיג אין די נידעריגע שיכטען פון דער געזעלשאַפט. צווישען צירקוס־שפּילער און פּאַיאַצען, ער לעבט אַזוי פון זיין יונגסטען קינדהייט. לויט די געזעצען פון דער קעניגרייך, און לויט דער ירושה־רעכט, וועט לאָרד פערמיין קלאַנטשאַרלי נאָך דעם היינטיגען טאָג צוגעלאָזען ווערען ווי א מיטגליד אין דעם הויז פון לאָרד, דערפאַר, ניט וועלענדיג באַהאַנדלען אייך שלעכט, און ניט וועלענדיג פון אייך אַפּרייבען דעם באַזיץ פון די גיטער און דאָס אייגענטום פון לאָרד קלאַנטשאַרלי און קונקערוויל שיקען מיר איהם איבער צו אייער הויכווירדיגקייט אַנשטאַט לאָרד דעוויד דירי מואר. דורך אונז איז לאָרד פערמיין געבראַכט געוואָרען אין אייער וואוינונג אין קאַרלאָן לאַזש. עס איז אייער באַפעהל און ווילען, ווי א קעניגען און שוועסטער אז לאָרד פערמיין קלאַנטשאַרלי, וואָס איז ביז'ן היינטיגען טאָג גערופען געוואָרען גווינפּעלין, זאָל דער מאַן ווערען איהר וועט הייראַטען. דאָס איז אונזער קעניגליכער פאַרלאַנג."

ווען גווינפּעלין האָט געלייענט מיט א טאָן וואָס האָט געצי־

טערט אזוי אז ער האט זיך געמוזט אפּשטעלן ביי יעדער ווארט, האט זיך די הערצאגין אויפגעהויבן פון איהר קישען זיך אוועקגעזעצט און געקוקט אויף איהם מיט ברייט געעפענטע אויגען. ווען גווינ־פעלין האט געענדיגט האט זי ארויסגעריסען דעם בריעף פון זיין האנט.

„קעניגין אננא“ האט זי ארויסגעזאגט איבערלייענענדיג דעם אונטערשריפט.

דאן האט זי אויפגעהויבען פון דער ערד דעם פּארמעט, וואס זי האט פריהער אוועקגעווארפען, זי האט אויף דעם א לאנגע צייט גע־קוקט, דאס איז געווען די דערקלעהרונג פון די מאנשאפט פון דער געזונקענער שיף „מאטוטינא“ און אונטען אן ערקלערונג אונטער־געשריבען פון איספּראווניק פון דער סאוטוואקער טורמע און פון דעם לארד קאנצלער, זי האט געלייענט די דערקלעהרונג זי האט נאך אמאל איבערגעלייענט דעם קעניג׳ס בריעף. דאן האט זי געזאגט:

„נו, אזוי איז דאס.“

רוהיג האט זי אנגעוויזען גווינפעלינען די פּארטירען פון וואנען ער איז אריינגעקומען און רוהיג האט זי צו איהם געזאגט.

„ארויס.“

גווינפעלין, א דערשראקענער, איז געבליבען שטעהען באוועג־לאז.

„אזוי ווי דו ביזט מיין מאן, דאהף איך דיר דא ניט. געה!“

גווינפעלין איז געשטאנען אהן לשון, מיט ארונטערגעלאזטע אויגען ווי פארברעכער, און האט זיך ניט געקענט ריהרען פון ארט. זי האט געזאגט:

„דו האסט קיין רעכט דא ניט צו זיין. דא איז א פלאץ פאר מיין געליעבטען.“

גווינפעלין איז געשטאנען ווי א צוגעשמידטער.

„זעהר גוט“ האט זי געזאגט, „וועל איך זיין די יעניגע וואס וועט ארויסגעהען פון דאנען. אה, דו ביזט מיין מאן, ווי גוט עס איז. איך האס דיך.“

און אויפהויבענדיג זיך איז זי ארויס פון צימער.

---

## 21טער קאַפּיטעל.

גווינפּעלין איז געבליבען אַליין.

אַליין, מיט דער וואַרימער וואַנע און די צוואָוואַרפענע בעט.

דער איבערפלוס פון אידעען האָט אין איהם דערגרייכט די העכס־טע שטופע, וואָס ער האָט געטראַכט איז שוין מעהר ניט עהנליך גע־ווען צו קיין געדאַנק. עס איז געווען אַ מין סאָרט געמיש, אַ פּלאָנטער, אין איהם, די לײַדען פון ניט פאַרשטאַנען ווערען. ער האָט געפיהלט ווי נאָך דעם ווי אַ טרוים איז פאַרשוואונדען.

דער אַרײַנטריט אין אונבאַקאַנטע וועלטען איז ניט אַזאַ פשוט'ע זאַך.

אָנפאַנגענדיג מיט דעם בריעף וואָס דער פּאַזש האָט איהם גע־בראַכט פון דער הערצאָגין איז געווען אַ לאַנגע רייהע פון שטונדען פול מיט איבעראַשונגען פאַר גווינפּעלינען. אַלע מאָל האָט ער ווינ־ציגער און ווינציגער פאַרשטאַנען, ביז איצט איז ער געווען ווי אין אַ חלום, אָבער ער האָט נאָך קלאָר פאַרשטאַנען וואָס מיט איהם קומט פאָר, איצט איז ער אין דער פינסטער. ער טאַפּט און קען קיין זאַך ניט פאַרשטעהן.

ער האָט שוין מעהר ניט געטראַכט, ער האָט שוין אפילו ניט געטרוימט. ער האָט געליטען.

ער איז געבליבען זיצען אויף דער סאָפע, וואו די הערצאָגין האָט איהם איבערגעלאָזען.

מיט אַמאָל האָט ער דערהערט טריט, טריט פון אַ מאַן. עס איז געקומען פון דער זייט וואו די הערצאָגין איז אַרויס, ער האָט גע־הערט קלאָר דעם קלאַפּען פון די טריט. גווינפּעלין, ווי שטאַרק ער איז ניט געווען פאַרנומען מיט זיך, האָט זיך אײַנגעהערט.

פּלוצלונג האָט הינטער דעם זילבערנעם פאָרהאַנג וואָס די הער־צאָגין האָט געלאָזען האַלב אויפגעהויבען, האָט זיך די טיר, וואָס מען האָט געקענט באַמערקען אונטער'ן שפּיגעל, ברייט געעפענט און אַ

...נשליכע געזונטע שטימע האט זיך דערהערט זינגענדיג א פראנ־צויזישע באלאדע.

א מאן איז אריינגעקומען.

דער מאן האט געהאט א שווערד ביי דער זייט, ער האט גע־טראגען א הויכע היט מיט פעדערן, און איז געגאנגען אנגעטהאן אין א פארמע פון אן אפיצער פון דער פלאטע.

גווינפעלין איז אויפגעשפרונגען ווי אויף ספרוזשינעס.

ער האט דערקענט דעם מאן און דער מאן האט איהם דערקענט.

ביידע האבען זיך אנגעקוקט מיט געעפענטע מיילער, און ביי ביידען האט זיך מיט איין מאל ארויסגעריסען:

„גווינפעלין!"

„טאם־זשים־דזשעק!"

„ווי קומסטו דא, גווינפעלין?"

„ווי קומסטו דא, טאם־זשים־דזשעק?"

„אה, איך פארשטעה, זשארזיאנא, א קאפריז, א פאיאץ, וואס איז א מאנסטער, א צו גוטע זאך ווידער צו שטעהן, דו האסט זיך אי־בערגעטאן צו קומען דא גווינפעלין."

„און דו אויך טאם־זשים־דזשעק".

„גווינפעלין, וואס בעדייט דער קאסטום פון אן אדעליגען?"

„טאם־זשים־דזשעק, וואס באדייט דער קאסטום פון אן אפי־ציער?"

„גווינפעלין, איך ענטפער ניט קיין פראגען."

„איך אויך ניט, טאם־זשים־דזשעק."

„גווינפעלין, מיין נאמען איז ניט טאם־זשים־דזשעק."

„טאם־זשים־דזשעק, מיין נאמען איז ניט גווינפעלין."

„גווינפעלין, איך בין דא ווי אין דער היים."

„טאם־זשים־דזשעק, איך בין דא ווי אין דער היים."

„איך פארבאט דיר מיר נאכצוזאגען, דו האסט איראני, אבער איך האב מיין שטעקען, וואס איז א גוטער מיטעל געגען פאראדיעז, מיאוסער שקלאף."

גווינפעלין איז געווארען בלייך.

„א שקלאף ביזטו אליין, און דו וועסט מיר מוזען ענטפערן פאר דער באליידיגונג."

„ביי דיר אין טהעאטער וויפיעל דו ווילסט מיט די פויסטען.“

„דאַ און מיט שווערדען.“

„פריינד גווינפעלין, דער שווערד איז נאר פאַר אדעליגע. איך קעמף נאר מיט מיין גלייכען. מיר זענען גלייך מיט קולאַקעס, ניט גלייך מיט שווערדען, אין דער טאדקאסטער קרעטשמע קען טאם־זשים־דזשעק זיך באקענען מיט גווינפעלינען. דאַ אין ווינדזאָר איז דאַס שוין אנדערש, פערשטעה דאַס: איך בין אַן אַדמיראַל.“

„און איך אַ פּיער פון ענגלאַנד.“

דער מאַן, אין וועמען גווינפעלין האָט דערקענט טאם־זשים־דזשעקען האָט ארויסגעפּלאַצט מיט א געלעכטער.

„פאַרוואס ניט קעניג? ווירקליך, דו האסט רעכט, אַ אַקטיאָר שפּיעלט אַלע ראָלען, זאג מיר אַז דו ביזט טעסוס, הערצאָג פון אַטענס.“

„איך בין פּיער פון ענגלאַנד, און מיר וועלען קעמפען.“

„גווינפעלין, דאָס האַלט שוין אַן צו לאַנג, שפּאַס ניט מיט קיין מענשען וואָס קען דיר לאָזען שמייסען, מיין נאָמען איז לאָרד דעוויד דירימואַר.“

„און מיינער לאָרד קלאַנטשאַרלי.“

לאָרד דעוויד האָט זיך נאָך אמאָל צולאַכט.

„גוט אויסגעקליבען, גווינפעלין איז לאָרד קלאַנטשאַרלי, דאָס איז פאַקטיש דער נאָמען וואָס מען מוז האָבען אום צו קענען באַזיצען, זשאָזיאַנאַן, הער צו, איך פארגיב דיר, און דו ווייסט פאַר וואָס, ווייל מיר זיינען ביידע ליעבהאָבערס.“

די פּאַרטירען האָבען זיך פאַנאַנדערגערוקט און א קול האָט אויסגערופען.

„איהר זייט ביידע מענער, מיינע הערען“.

ביידע האָבען זיך אומגעדרעהט.

„באַרקילפעדרא!“ האָט לאָרד דעוויד אויסגעשריען.

און עס איז ווירקליך געווען באַרקילפעדרא.

ער האָט זיך פאַרנייגט פאַר ביידע לאָרדען מיט א שמייכעל.

א פּאַר טריט הינטער באַרקילפעדרא האָבען זיי געזעהען א מאַן מיט א שטריינגען און ערענסטען אויסזעהען. ער האָט געהאַלטען א שווארצען שטאַנג אין זיין האַנט.

דער הער איז צוגעגאנגען נעהענטער, ער האט זיך דריי מאל פארנייגט פאר גווינפעלינען און געזאגט:

„מיין לארד, איך בין דער אשער פון דעם שווארצען שטאנג, איך בין געקומען נאך אייער לארדשיפ, אויפ'ן באפעהל פון איהר מאיעס־טעט“.

---

## 22טער קאפיטעל.

אט דער פירכטערליכער עפעקט פון דעם שטיינען וואס האלט שוין אן פאר די לעצטע עטליכע שטונדען, און וואס האט איהם גע־בראכט קיין ווינדזאר. פיהרט איהם איצט צוריק פון ווינדזאר קיין לאנדאן.

ווירקליכקייטען וואס האבען אן עהנליכקייט צו פאנטאזיעס האבען נאכגעפאלגט איינע נאך די אנדערע אן אונטערברעכונג.

מען קען פון זיי ניט אנטלויפען, ווען איינע האט אויפגעהערט, איז אן אנדערע אנגעקומען.

ער האט קיין צייט ניט געהאט צו אטעמען.

יעדער וואס האט געזעהען א זשאנגעליר, האט געזעהען דעם מזל. אט דער ווארטען און פאלען, צוריק זיך אויפהויבען און זיך ווידער ארופלאזען, איז ווי מענשען אין די הענט פון דעם שיקזאל. א שפיעלצייג.

אין דעם אווענט פון דעם זעלבען טאג איז גווינפעלין געווען אין אן אויסערגעוועהנליכען ארט.

ער איז געזעסען אויף דער באנק באדעקט מיט פלאר־דע־לעם (די קעניגליכע באנק) ער איז געווען אנגעטהאן אין די געוועהנליך ארים־טאקראטישע קליידער, נאר פון אויבען א פאלירנע פון פורפורנע סא־מעט, מיט ווייסען סאמעטענעם אונטערשלאק, און מיט א הערמאלין

מאַנטעל פון הויבען אויף'ן אַקסעל, צוויי שנירלאַד פון הערמאַליז (אַזאַ מין פעל) באַצירט מיט גאָלד, ווי עפּאַלעטען.

אַרום איהם זענען געווען מענשען אַלטע און יונגע, ווי ער, זענען זיי געזעסען, אויף דער קעניגליכער באַנק און ווי ער זענען זיי געווען אָנגעטאָן אין הערמאַליז און פּורפּור.

פאַר איהם זענען געשטאַנען מענער אויף די קני, זיי זענען געווען אָנגעטאָן אין שוואַרץ זיידענע פּאַלירינעס. אַ פּאָר פון די וואָס האָבען געקניט האָבען געשריבען.

געגען איהם, אַ ביסעל ווייטער איז געווען טרעפּ און פון אויבען אַ פּלאַטפאָרמע, איבער דער פּלאַטפאָרמע האָט געגלאַנצט אַ שילד צווישען אַ לייב און אַן עלעפאַנט, און גלייך אונטער דער שילד איז געשטאַנען אַ פאָטער שטיל באַצירט מיט גאָלד און אַ קרוין. דאָס איז געווען דער טראָהן.

דער טראָהן פון גרויס בריטאַניען.

גווינפּעלין, אַליין אַ פּיער איז געווען אין דער הויז פון פּיערען פון ענגלאַנד.

ווי אַזוי איז גווינפּעלין אָנגעקומען אין דער הויז פון לאָרדס? מיר וועלען דאָס באַשרייבען.

אַ גאַנצען טאָג, פון פריהמאָרגען ביז'ן אָוונט, פון ווינדזאָר ביז לאָנדאָן, פון קריליון לאַזש ביז וועסטמינסטער, האָט ער געשטיגען פון שטאַפּעל אויף דעם לייטער. יעדער שטאַפּעל אַ נייע ערשיינונג.

מען האָט איהם גענומען פון ווינדזאָר אין דער קעניגענס קאַרעטע, מיט דער באַגלייטונג וואָס אַ פּיער דאַרף האָבען. די עהרען־וואַך האָט אַ שטאַרקע עהנליכקייט צו דער טורמע־וואַך.

אין יענעם טאָג האָבען די איינוואוינער ביי דעם וואַסער פון ווינדזאָר ביז לאָנדאָן געזעהען אַ מאַרש פון הערען, פּענסיאָנערען פון דער קעניגען, וואָס האָבען גאַלאָפּירט באַגלייטענדיג צוויי קאַרעטען, וואָס זענען געלאָפען ווי שנעל זיי האָבען נאָר געקענט. אין דער ערשטער איז געזעסען דער אשער פון שוואַרצען שטאַנג. אין דעם צווייטען האָט מען געקענט באַמערקען אַ גרויסע הוט מיט ווייסע פעדערן, באַדעקענדיג מיט דעם שאָטען אַ פּנים וואָס מען האָט ניט געקענט זעהן. ווער איז דאָס פאַרביי־געפאָהרען? איז ער אַ פּרינץ? איז ער אַ געפאַנגענער?

דאָס איז געווען גווינפּעלין.

עס האָט אויסגעקוקט ווי אימיצער ווערט אָוועקגעפיהרט אין דעם טורעם פון לאָנדאָן, אויב ניט דאָרטען איז אין דעם הויז פון פּיערען.

די קעניגין האָט אַלץ געטאָן פון דער ברייטער האנט, אַזוי ווי זי האָט דאָס גענאַרפט טאָן פאַר דעם צוקונפטיגען מאַן פון איהר שוועסטער, האָט זי איהם געגעבען קעניגליכע באַגלייטערס.

דער אָפיצער פון דעם אשער פון דעם שווארצען שטאַנג האָט געפיהרט די פּראָצעסיע, רייטענדיג אויף א פערד.

אויף דעם פּלאַץ וואו עס איז געזעסען דער אשער פון דעם שווארצען שטאַנג, איז געווען א קישען באַדעקט מיט א זילבערנעם געוואַנט. אויף דער קישען איז געלעגען א שווארצע פּארטע פאַליא, מיט'ן זיגעל פון דער קרוין.

ביי ברענפארד, די לעצטע סטאַנציע פאַר לאָנדאָן, האָבען זיך ביידע קאַרעטען און די באַגלייטער זיך אָפּגעשטעלט.

א פורפורנע קאַרעטע מיט א געשפּאַן פון פיער פערד האָט גע־וואַרט. פיער לאַקייען זענען געווען פון הינטען, צוויי פּאָטשטעליאָנען זענען געזעסען פון פאָרענט און א קוטשער אין א פּאַרוק. די רעדער, טרעפּ, די גאַנצע באַציערונג פון דער קאַרעטע איז געווען פון גאָלד, דער געשפּאַן פון די פערד איז געווען פון זילבער.

דער אשער פון דעם שווארצען שטאַנג איז אַרויסגעטראָטען פון זיין קאַרעטע, דער אָפיצער איז אַראָפּ פון פערד, דער אָפיצער האָט אַרויסגענומען די קישען מיט'ן זילבערנעם געוואַנט, אויף וואָס עס איז געלעגען די פּאַרטפּיאַלאַ מיט דעם קעניגליכען זיגעלער האָט דאָס געהאַלטען אין ביידע הענט שטעהענדיג הינטער דעם אשער.

דער אשער האָט אויפגעעפענט די טיר פון דער טייערער קאַ־רעטע, זי איז געווען ליידיג, דאַן די טיר פון דער קאַרעטע וואו גווינ־פּעלין איז געזעסען, און אַראָפּלאָזענדיג די אויגען האָט ער איהם העפּ־ליך געלאַדען צו פאַרנעהמען זיין פּלאַץ אין דער צווייטער קאַרעטע.

גווינפּעלין איז אַרויסגעטראָטען פון דער און אריין אין יענער קאַרעטע.

דער אשער, טראַגענדיג זיין שטאַנג און דער אָפיצער, טראַגענ־דיג די קישען האָבען איהם נאָכגעפאָלגט. זיי האָבען פאַרנומען די

נידעריגע פלעצער, וואס איז געמאכט געוואָרען פאר פאזשען אין די פארצייטיגע אַריסטאָקראַטישע קארעטען.

די קארעטע איז פון אינווייניג געווען באהאנגען מיט ווייסע זייד, און קונסט־ארבייט פון זילבער. דער באלקאן איז געווען באצירט מיט געווער.

די פאטשטעליאַנען פון די קארעטעס וואס זיי האָבען פארלאָזען, זענען געווען אָנגעטהאָן אין קעניגליכע מאנטלען אָהן ארבעל. דער קוטשער, די פאטשטעליאַנען און די לאַקייען פון דער קארעטע וואו זיי זענען איצטער אריין, זענען געווען אָנגעטהון אין אן אנדער אין זעהר רייכע ליוועריי.

גווינפעלין, טראָץ דעם וואס ער איז נאָכגעגאנגען און געטאָן אַלץ ווי א סאָמנאבוליסט, האָט באמערקט די רייכקייט פון די קליידער, ער האָט געפרעגט דעם אשער פון שווארצען שטאָנג:

„וועמעס ליווערייען זענען דאָס?"

„אייערע, מיין לאָרד."

דעם טאָג האָט די הויז פון לאָרדס געהאלטען איהר זיצונג אין אָוועגט, אין ענגלאנד איז דער פארלאמענטארישער לעבען מעהר א נאכט־לעבען. עס האָט שוין אמאָל געטראָפען אז שריידען האָט אָנגעפאנגען א רעדע אין מיטען נאכט און איהר געענדיגט מיט זונען־אויפגאנג.

די צוויי קארעטען האָבען זיך ליידיגע צוריקגעקעהרט קיין ווינד־זאָר. די קארעטע וואו גווינפעלין איז געזעסען איז געפאָהרען קיין לאָנדאָן.

די פורפורנע קארעטע איז געפאָהרען לאַנגזאם, דער שטאָלץ פון דעם קוטשערס פאָדוּך האָט ניט צוגעלאָזען קיין איילעניש.

אונטער דעם איינפלוס פון דעם שטריינג ערענסטען פנים פון דעם קוטשער איז גווינפעלין אויך געוואָרען צערעמאָניעל.

די אויפהאלטונגען וואָס זיינען לויט אַלע ווארשיינליכקייטען גע־מאכט געוואָרען אבזיכטליך, האָבען געהאט א צוועק, דער לעזער וועט שפּעטער זעהען די אורזאכע.

עס איז נאָך ניט געווען פינסטער, אבער עס האָט שוין געהאלטען דערביי, ווען די קארעטע האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם קעניגס טויער. א שווערע טיר מיט א פארפלאכטען געזימס צווישען צוויי טור־

מעם האָט געמאַכט די פאַרבינדונג צווישען ווייטהאָל און ווינדזאָר.

די רייהע באַגלייטער אויף פערד האָבען זיך אַרומגעשטעלט אַרום דער קאַרעטע. איינער פון די לאַקייען איז אַראָפּגעשפּרונגען און גע־עפענט די טיר.

דער אשער פון דעם שוואַרצען שטאַנג, נאָכגעפאָלגט פון אָפיצער וואָס האָט געהאַלטען די קישען איז אַרויסגעטראָטען פון דער קאַרעטע און ער האָט געזאָגט צו גווינפּעלינען.

„וויל מיין לאָרד אַרויסטרעטען? מיין לאָרד וועט אַזוי גוט זיין און טראָגען די הוט.“

אונטער זיין רייזע־מאַנטעל איז גווינפּעלין געווען געקליידעט אין זייד, וואָס ער האָט נאָך דעם גאַנצען טאָג ניט איבערגעטהאָן.

ער האָט ניט געהאַט קיין שווערד.

ער האָט זיין מאַנטעל איבערגעלאָזען אין דער קאַרעטע.

אין פּאַראַדען געהען די מענשען פון א העכערען ראַנג פריהער.

דער אשער פון דעם שוואַרצען שטאַנג איז געגאַנגען דער ערש־טער און נאָך איהם דער אָפיצער.

גווינפּעלין האָט זיי נאָכגעפאָלגט.

זיי זענען אַרויפגעגאַנגען די טרעפּ און אַריין דורך א זייטיגער טיר.

א פּאָר מינוטען שפּעטער זענען זיי געווען אין א גרויסען רונדען צימער מיט גרויסע שווערע זיילען אין מיטען. דאָס איז געווען דער אונטערשטער עטאַזש פון א טורעם אַרום און אַרום פענסטער; שמאַ־לע, לאַנגע און שפּיציגע, די שויבען פון די פענסטער זענען געווען קאָלירטע, דערפאַר איז דער צימער געווען א דונקעלער אפילו אין מיטען טאָג. א דונקעלער צימער מאַכט דעם איינדרוק פון הייליגקייט, דונקעלקייט איז מאַיעסטעטיש.

אין דעם צימער זענען געשטאַנען דרייצעהן מענער, דריי פון פאָרענט, זעקס אין דער צווייטער רייהע און פיער פון הינטען.

פון די דריי ערשטע איז איינער געווען אָנגעטהאָן אין א מאַנ־טעל פון בלוט־באַשפּריצטע סאַמעט, און די צוויי אַנדערע אויך מיט פּורפּור־מאַנטלען אָבער פון זייד. אַלע דריי האָבען געהאַט אויף זייע־רע אַרבעל אויסגעניימ וואַפען, דעם סימבאָל פון ענגלאַנד.

די זעקס מיטעלסטע זענען געווען אָנגעטאָן אין קורצע דעקלאַך

פון מעס־געוואַנט פון ווייסע זייד, יעדער מיט אַן אַנדער אָרנאַמענט אויף זיין ברוסט.

די לעצטע פיער זענען געווען אַנגעטאָן אין שוואַרצען זייד. מען האָט זיי געקענט אונטערשיידען איינע פון די אַנדערע; דעם ערשטען דורך דער בלויער פּאַלירינע, וואָס ער האָט געטראָגען, דעם צווייטען דורך אַ פּורפּורנעם שילד פון דעם הייליגען געאָרג אויף זיין ברוסט. דעם דריטען דורך צוויי רויטע ראָזען אויסגענייט אויף זיין ברוסט און אויף זיין פּלייצע. דעם פערטען דורך אַ שוואַרץ פוטערנעם קאָל־נער. אַלע האָבען געטראָגען פּאַרוקען און היט, זיי האָבען אויך גע־האָט שווערדען ביי די זייטען.

זייערע פּנים'ער האָט מען קוים געקענט זעהען אין דעם האַלב־דונקעלען צימער, זיי האָבען גווינפּלענס פּנים אויך ניט געקענט זעהן.

דער אשער פון דעם שוואַרצען שטאַנג האָט אויפגעהויבען זיין שטעקען און געזאָגט:

„מיין לאָרד פערמאַן קלאַנטשאַרלי, באַראָן קלאַנטשאַרלי פון הונקערוויל, איך, אשער פון דעם שוואַרצען שטאַנג, ערשטער אָפּי־צער פון דער הויז, גיב אייער לאָרדשיפּ איבער אונטער דער אויפ־זיכט פון גאַרטער, קעניג פון דער אַרמיי פון ענגלאַנד."

די פּערזענליכקייט אין דעם סאַמעטענעם מאַנטעל, האָט די אַנ־דערע איבערגעלאָזען הינטער זיך, צוגעגאַנגען צו גווינפּלען'ען, זיך טיף פאַרנייגט און געזאָגט:

„מיין לאָרד פערמיין קלאַנטשאַרלי, איך בין גאַרטער, קעניג פון דער אַרמיי פון ענגלאַנד, איך וואַר אויסערוועהלט און געקרוינט פון זיין האָכהייט הערצאָג פון נאָרפאָלק, דער הויפּט־אויפזעהער דורך ירושה, איך האָב געשוואָרען געהאָרכזאַמקייט צו דעם קעניג, צו די פּיערען און צו די ריטער פון דעם גאַרטער. אין דעם טאָג פון מיין קאָרנאַציע, ווען דער הויפּט־אויפזעהער פון ענגלאַנד האָט פון אַ בע־כער מיין קאָפּ מיט וויין באַשפּריצט, האָב איך הייליג צוגעזאָגט צו באַשיצען די אַדעליגע. אויסמיידען חבר'שאַפט מיט מענשען פון אַ שלעכטער רעפּוטאַציע, צו אַנטשולדיגען און ניט באַשולדיגען מענ־שען פון אַ הויכען שטאַנד, און אַרויסצוהעלפען מיידלאַך און אַלמנות. איך בין באַאויפטראַגט דורכצופיהרען די צערעמאָניעס ביי אַ באַגרע־בעניש פון אַ פּיער, און איך האַלט זייערע הערבען אונטער מיין אויפ־

זיכט. איך שטעל זיך אין דינסט פון מיין לארד."

דער ערשטער פון די אנדערע צוויי האט געמאכט א רעווערענס און האט געזאגט:

„מיין לארד, איך בין קלארענס, צווייטער קעניג פון דער ארמיי, איך האב די אויפזיכט איבער די באגרעבעניש פון אדעליגע, אונטער ־עם ראנג פון פיער. איך שטעל זיך צום דינסט פון מיין לארד."

דער דריטער איז צוגעגאנגען, באגריסט און געזאגט.

„מיין לארד, איך בין נאראו, דריטער קעניג פון דער ארמיי פון ענגלאנד, איךווארט אויף אייער באפעהל."

די זעקס פון דער צווייטער רייהע זענען צוגעקומען נעהענטער, און געבליבען שטעהען גלייך, ניט באגריסענדיג.

דער ערשטער פון גווינפעלינס רעכטער זייט האט אנגעפאנגען.

„מיין לארד מיר זענען די זעקס קריגס־אנזאגער פון ענגלאנד, איך בין יארק."

דאן האט יעדער איינער פון זיי, נאר נאך דער רייהע נאך אויס־גערופען זיין נאמען.

„איך בין לאנקאסטער."

„איך בין ריקמאן."

„איך בין טשעסטער."

„איך בין סאמערסעט."

„איך ביןווינדזאר."

די ארנאמענטען וואס זיי האבען געטראגען אויף דער ברוסט זע־נען געווען די סימבאלען פון די געגענדען אדער שטעדט, וועמעס נא־מען זיי טראגען.

די פיער פון הינטען, וואס זענען געווען געקליידעט אין שווארצען זענען געבליבען שטיל.

גארטער, קעניג פון דער ארמיי האט גווינפעלינ'ען אנגעוויזען אויף זיי, ער האט געזאגט:

„מיין לארד, דאס זענען די פיער קוריערען פון מלחמה־בלוי מאנטעל."

דער וואס איז געגאנגען אין א בלויער פאלירינע, האט זיך פאר־נייגט.

„פורפור שילד."

דער מענש האָט זיך פאַרנייגט.

„רויטער קרייץ."

דער מאַן מיט די רויטע רויזן האָט זיך פאַרנייגט.

„פאַלשטויער."

דער מאַן מיט'ן פוטערנעם קאָלנער האָט זיך פאַרנייגט.

אויף א צייכען פון דעם קעניג פון דער אַרמיי איז דער ערשטער פון די קוריערן, בלוי־מאַנטעל, צוגעקומען, ער האָט גענומען די קי־שען פון דעם אשערס אַפיצער, די פאַרטפיליא מיט דעם קעניגליכען זיגעל.

דער קעניג פון דער אַרמיי האָט געזאָגט צו דעם אשער פון שוואַרצען שטאַנג :

„איך גיב אייער האָכהייט איבער דעם אויפזיכט פון זיין לאָרד־שיפּס אויפנאַהמע."

אַט די פאָרמע פון עטיקעט, און נאָך אַנדערע וואָס פאָלגען שפּעטער זענען לויט די צערעמאָניעלע איינפיהרונג פון קעניג הענרי דעם 8טען, וואָס אַננא האָט געוואָלט אויפלעבען, היינטיגע צייטען יוערען שוין אַזעלכע זאַכען ניט געטאָן. דאָך האַלט זיך די הויז פון לאָרדס פאַר אונפאַרענדערליך און אויב ערגעץ וואו לעבט מען מיט טראַדיציע איז דאָס אין דער הויז.

אַבער נאָך אַלעמען, בייטען זיך די רעגולאַציעס אַפילו דאָרט.

וואו, צום ביישפּיל, איז היננעקומען דער מאַי־שטאַנג, וואָס די ענגלישע רעגיערונג פלעגט פלאַנצען יעדען יאָהר דעם וועג וואָס די לאָרדען פלעגען דאַרפען דורכגעהען, געהענדיג צום פּאַרלאַמענט? דער לעצטער וואָס איז געפלאַנצט געוואָרען איז געווען אין 1713 און נאָך דעם איז ער פאַרשוואונדען.

די ערשיינונג איז אונבאַוועגליך, די צייט בייט דאָס אַבער אי־בער. נעמט צום ביישפּיל, דעם טיטעל אַלבעמאַרל, עס האָט אויסגע־זעהען, אַז ער וועט לעבען אייביג, זעקס פאַמיליעס האָבען אונטער איהם געלעבט, אונטער דעם טיטעל לינקעסטער, האָבען פינף פאַמי־ליעס געלעבט, אונטער לינקאָלן זעקס. אונטער פּעמברוך זיבען א.ז.וו. פאַמיליעס בייטען זיך, די טיטלען געהען אונטער. דער אויבער־פלעכליכער היסטאָריקער גלויבט אין דער אייביגקייט, אין דער ווירק־

ליכקייט איז קיין זאך ניט אייביג. דער מענש איז נאר א כוואליע, די כוואליעס זיינען די מענשהייט.

די אריסטאקראטיע באריהמט זיך מיט דער זאך וואס פרויען שעמען זיך — מיט אלטקייט, אבער די פרויענליכע אריסטאקראטיעס שטאלצירען מיט דערזעלבער אילוזיע.

עס איז מעגליך, אז די הויז פון לארדס וועט זיך ניט דערקענען נאך די פריהעריגע באשרייבונגען, און אויך נאך די וואס קומען. פונקט ווי די פרוי וואס איז אמאל געווען שעהן, וויל ניט צוגעבען, אז זי איז איצט פול מיט קנייטשען. דער שפיגעל איז אן אלטער ליגנער. ער זאגט אלע מאל דעם אמת, ניט אכטענדיג ווער עס שטעהט פאר איהם.

די פליכט פון דעם אפיציעלען היסטאריקער איז צו מאכען דער געשיכטע עהנליך צו דער ווירקליכקייט.

דער קעניג פון דער ארמיי האט זיך געווענדעט צו גווינפעלינען:

„זייט אזוי גוט און פאלגט מיר נאך, מיין לארד.“

און ער האט צוגעגעבען:

„איהר וועט ווערען באגריסט, אייער לארדשיפ דארף בלויז אנ־ריהרען דעם ברעג פון אייער הוט.“

און זיי האבען אנגעפאנגען צו געהען צו דער טיר וואס איז געווען ביים וויטסטען עק פון דעם רונדען צימער.

דער אשער פון דעם שווארצען שטאנג האט געפיהרט די פראַ־צעסיע.

נאך איהם איז געגאנגען „בלוי־מאנטעל“, טראגענדיג די קישען, נאך איהם דער קעניג פון דער ארמיי און דאן גווינפעליין, טראגענ־דיג זיין הוט.

די אנדערע זענען געבליבען אין דעם רונדען צימער.

גווינפעליין, וואס איז געפיהרט געווארען פון דעם אשער פון שווארצען שטאנג, און איז באגלייט געווארען פון דעם קעניג פון דער ארמיי, איז געגאנגען פון צימער צו צימער, א מארשרוט וואס ער וואלט שוין שפעטער ניט געקענט געפינען.

צווישען אנדערע איז ער דורכגעגאנגען דעם גאטישען שטאטס־צימער, וואו די לעצטע באגעגעניש צווישען דזשיימס דעם צווייטען און מאנמאט איז פארגעקומען, וואו דער שוואכער פלימעניק האט

געקניהט פאר זיין בייזען פעטער, ארום און ארום דעם צימער זענען געהאנגען גרויסע פּארטרעטען פון ענגלישע פּיערס: לאָרד נאַנס־לאַדריום, 1305; לאָרד באַליאַל, 1306; לאָרד בענעסטעד, 1314; לאָרד קאַנטילופּ, 1356; לאָרד מאַנטאַבענגאַן, 1357; לאָרד טיבאַט, 1372; לאָרד צוך פון קאַדנער, 1615; לאָרד בעלא אקוואַ, אהן א דאַטום; לאָרד הארען און ארריי, גראף פון בעלאוס, אויך אהן א דאַטום.

עס איז שוין געווען נאכט און לאָמפּען זענען געווען אַנגעצונדען דורך דער גאַנצער לייַנג פון די גאַלעריען. גרויסע קאַנדעלאַבראַס מיט וואַקסענע ליכט זענען געהאַנגען אין די צימערן.

זיי האָבען אויפ'ן וועג געטראָפען נאָר די מענשען וואָס זיי האָבען געדאַרפט טרעפען.

דורך איינעם פון די צימערן, דורך וועלכען זיי זענען פאַרביי־געגאַנגען זענען געזעסען פיער שרייבער פון דעם זיגעל און איינער פון די שטאַטס־פּאַפּירען איז געשטאַנען.

אין א צווייטען איז געווען דער עהרענהאַפּטער פיליפּ סידנאַם, ריטער באַנערעל לאָרד פון ברימטאַן און סאַמערסעט. דער דריטער באַנערעט, ווערט אויסגעקליבען אויפ'ן שלאַכטפעלד פון דעם קעניג אונטער דער פונאַנדערגעוויקעלטער קעניגליכער פּאַהן.

אין א דריטען צימער איז געווען דער עלטסטער באַראָן פון ענג־לאַנד, סער עדמונד בייקאַן פון סאַפאַלק, יורש פון סער ניקאָליי. סער עדמונד האָט געהאַט מיט זיך זיין שילד־טרעגער און הערען וואָס האָבען געטראָגען די וואָפען פון אַלסטער; דער באַראָן איז געווען דער פאַרטיידיגער פון אַלסטער אין אירלאַנד.

אין א פערטען צימער האָבען זיי געטראָפען דעם קאַנצלער פון די שטייערען, פאַר שרייבער און זיינע צוויי געזאַנדטע. זיי האָבען באַגריסט דעם נייעם לאָרד.

ביי דעם אריינגאַנג פון קאָרידאָר וואָס איז דער פאַרבינדונגס־פּלאַץ צווישען דער העכערער און נידעריגער הויז, איז גווינפעלין באַגריסט געוואָרען פון סער טאָמאַס מאַנסעל, דער אויפזעהער פון זיער קעניגינס פאַרמעגען, און א מיטגליד פון פּאַרלאַמענט פאַר גלאַ־מארגאַן; ביים ארויסגאַנג איז ער באַגריסט געוואָרען פון „איינעם פון יעדע צוויי" באַראָנען פון די פינף פּאָרטען. זיי זענען געווען אכט אין צאָהל.

ווי גווינפעלין האט געוואלט ענטפערען די באגריסונג, האט איהם דער קעניג פון דער ארמיי שטילערהייד דערמאהנט:

„נאר דעם ברעג פון אייער הוט, מיין לארד."

גווינפעלין האט געטאן ווי ער האט איהם געהייסען.

ער איז צוגעקומען צו דעם צימער פון מאלעריי, וואו קיין בילדער זענען ניט געווען. מיט דער אויסנאהם פון א פאר בילדער פון היילינגע.

הינטער הילצערנע שטאנגען וואס האבען דורכגעקרייצט דעם צימער זענען געשטאנען די דריי ענגלישע מיניסטארען. דער ערשטער האט געהאט אונטער זיין אויפזיכט דעם זידליכען טייל פון ענגלאנד און די קאלאניעס. צוזאמען מיט פראנקרייך, שווייצאריען, איטאליען, שפאניען, פארטוגאל און טערקיי. דער צווייטער צו צפון־טייל פון ענגלאנד און די אויפזיכט איבער די נידעריגע לענדער ווי: דייטשלאנד, דענעמארק, שוועדען, פוילען און רוסלאנד. דער דריטער א סקאטלענדער האט געהאט די אויפזיכט איבער סקאטלאנד. די ערשטע צוויי זענען געווען ענגלענדער; איינער איז געווען דער עהרענהאפטער ראבערט הארליי, מיטגליד פון פארלאמענט פאר דער שטאדט נייראדנער, א דעפוטאט פון סקאטלאנד א קרוב פון דעם הערצאג פון מאנטראז איז אויך אנוועזענד געווען. אלע האבען באגריסט גווינפעלינען.

גווינפעלין האט אנגערירט דעם ברעג פון זיין הוט.

יי זענען אריינגעגאנגען אין אן אנדער צימער, וואו עס איז געשטאנען א לאנגער גרינער טיש, בלויז פאר לארדען.

אויפ'ן טיש איז געשטאנען אן אנגעצונדענע ליכט.

גווינפעלין איז נאכגעגאנגען דעם אשער פון דעם שווארצען שטאנג, בלוי־מאנטעל און דעם קעניג פון דער ארמיי אין דעם פריווילעגירטען צימער.

אזוי שנעל ווי די טיר איז פארמאכט געווארען, האט זיך דער קעניג פון דער ארמיי אפגעשטעלט.

דער צימער איז געווען א גרויסער.

אויף דעם עק פון צימער, אונטער דער קעניגליכער שילד, וואס איז געהאנגען צווישען צוויי פענסטער, זענען געשטאנען צוויי אלטע מענער אנגעטאן אין רויטע סאמעטענע מאנטלען, מיט צוויי שנירלאך

הערמאלין באצירט מיט גאָלד אויף זייערע אַקסלען, און היט מיט ווייסע פעדערען אויף זייערע קעפּ. דורך די אָפענע מאַנטלען האָט מען געקענט זעהען די הענטלען פון שווערדען איבער זייערע זיידענע קליידער.

באוועגלאָז הינטער זיי איז געשטאַנען א מאַן, געקליידעט אין שווארצען זייד, האַלטענדיג א הויכע לאַנגע גאָלדערנע רוט אין האַנט.

ער איז געווען דער רוט־טרעגער פון די פּיערען אין ענגלאַנד.

דער קעניג פון דער ארמיי האָט, אָנווייזענדיג אויף די צוויי אַל־טע געזאַגט צו גווינפּעלינען:

„מיין לאָרד, די זענען אייער גלייכען, זיי דאַרפען באגריסט ווע־רען פונקט ווי זיי וועלען אייך באגריסען. די צוויי לאָרדען זענען באַ־ראָנען און אייערע באַשיצערס באַשטימט פון דעם לאָרד קאַנצלער, זיי זענען זעהר אַלט און כמעט ווי בלינד, זיי וועלען אייך פאָרשטעַ־לען אין דער הויז פון לאָרדס, דער ערשטער איז טשאַרלס מילדמיי, לאָרד פיטצוואָלטער, זעקסטער לאָרד פון די באַראָנען. דער צווייטער איז אַגאַסטוס ארונדעל, לאָרד ארונדעל פון טעריס, אכט־און־דריי־סיגסטער לאָרד פון די באַראָנען.“

ער איז צוגעגאַנגען א פּאָר טריט נעהענטער צו די באַראָנען און אויפהויבענדיג זיין שטימע העכער האָט ער געזאָגט:

„פערמיין קלאַנטשאַרלי, לאָרד קלאַנטשאַרלי, באַראָן הונקערוויל, מאַרקיז פון קאָלאָן און סיסיליע, באגריסט אייער לאָרדשיפּ.“

ביידע אַלטע האָבען אויפגעהויבען זייערע היט אין דער הויך, אַזוי ווייט ווי זיי האָבען זייערע הענט געקענט אויסציהען, און צוריק אַראָפּגעלאָזען.

גווינפּעלין האָט זיי באגריסט אויף דעם זעלבען אופן.

דער אשער פון שווארצען שטאָנג האָט זיך דערנעהענטערט, דאַן בלוי־מאַנטעל, און דאַן גאַרטער, דער קעניג פון דער ארמיי.

דער רוט־טרעגער האָט זיך געשטעלט פאַר גווינפּעלינען און די צוויי לאָרדען האָבען זיך געשטעלט אויף זיינע ביידע זייטען, לאָרד פיטצוואָלטער אויף זיין רעכטער זייט און לאָרד ארונדעל אויף זיין לינקער זייט, לאָרד ארונדעל איז שוין געווען צובראָכען, ער איז גע־ווען דער עלטערער פון די צוויי, אין א יאָהר ארום איז ער גע־שטאָרבען.

זיי זענען ארויס פון דעם צימער און געגאנגען איבער א גאנצע רייהע פון גאלערייען, אויף דעם וועסטעטען עק פון דער לעצטער גאלעריע האט געגלאנצט א גרויסע טיר, אויף ביידע זייטען פון דער טיר זענען געשטאנען צוויי מענער.

איידער זיי האבען דערגרייכט די טיר איז די גאלעריי געווארען ברייטער ביז זי איז געווען האלב קיילעכדיג, ביי דער זייט איז געווען א פענסטער מיט קאלירטע גלאז.

אויף דעם פלאץ אין א גרויסען באקוועמען פאטער־שטול איז געזעסען וויליאם קאופער, דער לארדקאנצלער פון ענגלאנד.

עס איז א גוטע זאך צו האבען גרעסערע פעלערען פון דעם קעניג. וויליאם קאופער איז געווען קורצזיכטיג, אננא אויך, אבער ער מעהר פון איהר. דאס וואס ער איז געווען קורצזיכטיג, האט דער קעניגין געפרעהט און דערפאר האט זי איהם אויך געמאכט פאר דעם קאנצלער.

וויליאם קאופער האט געהאט א דינע אויבערשטע ליפ און א גראָבע אונטערשטע, א צייכען אז ער איז געווען האלב גוט.

דער לארד קאנצלער איז געזעסען אויף זיין שטול ערענסט, און שטאלץ. ביי זיין רעכטער האנט איז געזעסען דער שרייבער, פון דער קעניגין, ביי זיין לינקער האנט, דער שרייבער פון דעם פארלאמענט.

הינטער זיין שטול איז געשטאנען זיין רוט־טרעגער און געהאלטען די געקרוינטע רוט. אויסער זיי זענען דא נאך געווען זיין שלעפע טרעגער, זיין געלט־טרעגער, אלע די שטעלען עקזיסטירען נאך איצט אויך.

אויף א טיש איז געלעגען א שווערד מיט א גאלדערנע הענטעל, און א שאבליע מיט א פאסיק פון פלאם קאליר סאמעט.

הינטער דעם שרייבער פון דער קעניגין איז געשטאנען אן אפיצער און געהאלטען אויף זיינע הענט אויסגעשפרייט א מאנטעל, דאס איז געווען דער קרוינונגס־מאנטעל.

הינטער דעם שרייבער פון פארלאמענט איז אויך געשטאנען אן אפיצער און אויך געהאלטען א מאנטעל, דאס איז געווען דער מאנטעל פון פארלאמענט.

די ביידע מאנטלען זענען געווען פון פורפור סאמעט, און פון אויי־בען צו צוויי פאסיקלעך פון הערמאלין, ביידע מאנטלען זענען געווען

כמעט די זעלבע, נאר דער קאַראַנאַציע מאַנטעל האָט געהאט א ברייר־טערן פּאַסיקעל פון הערמאַלין.

א דריטער אָפיצער איז געשטאַנען, דער „ביבליאָטעקער" ער האָט געהאַלטען אויף א פּיערעקיגע שטיקעל לעדער דעם „רויטען בוך" דאָס איז געווען א קליינער ביכעל, געבונדען אין א רויטען באַנד. דאָרט איז געווען א ליסטע פון די פּיערען.

די פּראַצעסיע האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם שטול פון דעם לאָרד־קאַנצלער.

ביידע לאָרדען האָבען אראָפּגענומען זייערע היט. גווינפּעלין אויך.

דער קעניג פון דער ארמיי האָט גענומען פון בלוי מאַנטעל. די קישען מיט דער פּאַרט פּאַליא, ער האָט זיך געשטעלט אויף די קני און דאָס דערלאַנגט דעם לאָרד־קאַנצלער.

דער לאָרד־קאַנצלער האָט גענומען די פּאַרט פּאַליא און דאָס דערלאַנגט דעם שרייבער פון פּאַרלאַמענט.

דער שרייבער האָט אויפגעעפענט די פּאַרטפּאַליאָ און איז אויפ־געשטאַנען.

די פּאַרטפעליאָ האָט ענטהאַלטען די צוויי געוועהנליכע צוש־ריפט, איינע איז געווען דער קעניגליכער צושריפט צו דער הויז פון לאָרדס, און די צווייטע איז געווען אַדרעסירט צו דעם נייעם לאָרד.

דער שרייבער האָט געלייענט די ביידע צושריפטען שטעהענ־דיגערהייט.

דער צושריפט צים לאָרד פערמיין קלאַנטשארלי, האָט זיך געענ־דיגט אין דעם געוועהנליכען אופן :

„מיר פאַרלאַנגען פון אייך, דורך דער געטרייהייט און איבער־געבענהייט וואָס איהר זייט אונז שולדיג, אז איהר זאָלט קומען פּער־זענליך און פאַרנעמען אייער פּלאַץ צווישען די גייסטליכע און פּיערען וואָס זיצען אין פּאַרלאַמענט אין וועסט מיניסטער, אז איהר זאָלט קענען אנטייל נעמען אין די פאַרהאַנדלונגען פון דער קעניגרייך און קירכע."

ווען דאָס לייענען פון די צושריפטען איז געווען צו ענדע, האָט דער לאָרד־קאַנצלער אויפגעהויבען זיין שטימע.

„אָפיציעלע באַשעפטיגונג, ווערט געגעבען צו דער קרוין. לאָרד

פערמיין קלאנטשארלי שטימט איהר צו צו די נייע רעגולאציאנען?״

גווינפעלין האט א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ.

„אפיציעל באשטעטיגט.״ האט געזאגט דער לארד־קאנצלער.

און דער שרייבער פון פארלאמענט האט פארגעזעצט.

„זייער לארדשיפ האט שוין גענומען די שבועה.״

דער לארד קאנצלער האט צוגעגעבען.

„לארד פערמיין קלאנטשארלי, איהר קענט איצט פארנעמען אייער פלאץ.״

דער קעניג פון דער ארמיי איז אויפגעשטאנען, ער האט גענומען דעם שווערד וואס איז דארט געלעגען אויפ'ן טיש, און איהם צוגעשפילעט צו גווינפעלינען.

„פארטיג״, זאגט דער נארמאנישער געזעץ. „דער פיער נעמט זיין שווערד, געהט צו צו זיין אויסערוועהלטען פלאץ, און איז אנוועזענד אויף דער פארזאמלונג.״

גווינפעלין האט געהערט ווי אימיצער זאגט צו איהם פון הינטען.

„איך גיב אייער לארדשיפ, דעם מאנטעל פון פארלאמענט.״

און אין דערזעלבער צייט האט דער אפיצער וואס האט גערעדט איהם אנגעטאן דעם מאנטעל.

גווינפעלין, מיט דעם פורפורנעם מאנטעל און מיט דעם שווערד ביי דער זייט, איז איצט ענליך געווען צו די צוויי אלטע וואס זענען געשטאנען ביי זיינע זייטען.

דער ביבליאטעקער האט איהם דערלאנגט דעם רויטען בוך.

דער קעניג פון דער ארמיי האט איהם שטילערהייט געזאגט.

„מיין לארד, ארייגעהענדיג זאלט איהר סאלוטירען דעם טראן.״

ביידע שרייבער האבען דערווייל געשריבען.

פארטיג ווערענדיג האבען זיי איהם צוגעטראגען די ביכער, איינער נאכ'ן אנדערען, און ער האט אין זיי אונטערגעשריבען זיין נאמען.

נאכדעם ווי ער האט אונטערגעשריבען, איז דער לארד קאנצלער אויפגעשטאנען.

„לארד פערמיין קלאנטשארלי, באראן הונקערוויל, מארקיז פון קאלאן אין סיסיליע, ווילקאמען צווישען אייערע פיערען פון **גרויס** בריטאניען.״

די צוויי אַלטע באַגלייטער, האָבען איהם אַנגערירט אויפ'ן שול־טער, ער האָט זיך אומגעקוקט, די גרויסע גלאַנציגע טיר, ביים ברעג פון דער גאַלעריי איז געווען ברייט געעפענט, דאָס איז געווען די טיר פון דער הויז פון לאָרדס אין ענגלאַנד.

קיין זעקס־און־דרייסיג שטונדען זענען נאָך ניט פאַרביי זינד־גווינפּעלין איז געווען אַרומגערינגעלט פון גאָר אַנדערע באַגלייטער, און פאַר איהם האָט זיך דאָן געעפענט די אייזערנע טיר פון דער סאַוט־וואָקער טורמע.

שווידערליך זענען די אַלע וואָלקענס פאַרבייגעשוואומען איבער זיין קאָפּ. וואָלקענס וואָס זענען געווען פאַסירונגען. די שנעלקייט האָט איהם פאַרטומעלט.

---

# 23טער קאַפּיטעל.

די באַשאַפונג פון גלייכע צום קעניג איז געווען א גוטע זאַך אין יער באַרבאַרישער עפּאָכע. אַט דער ערשטער עקספּירימענט, האָט געהאַט פאַרשידענע רעזולטאַטען אין ענגלאַנד ווי אין פראַנקרייך. אין פראַנקרייך איז דער פּיער געווען א פאַלשער קעניג, אין ענגלאַנד אַן אמת'ער פּרינץ, ווינציגער גראַנדיעז ווי אין פראַנקרייך אָבער ווירק־ליכער. מען קען זאָגען: ווינציגער אָבער ערגער.

פּיערטום איז באַשאַפען געוואָרען אין פראַנקרייך. די צייט, ווען דאָס האָט פּאַסירט איז אונבאַשטימט. לויט א לעגענדע איז דאָס גע־ווען אונטער שאַרלאַמיי, לויט דער געשיכטע, אונטער ראָבערט דעם חכם. די געשיכטע איז ניט זיכערער ווי די לעגענדע. פאַווין שרייבט: „דער קעניג פון פראַנקרייך האָט געוואָלט דערנעהענטערען די גרויסע שטאַאטס־מענער צו זיך, מיט דעם צויבער פון טיטלען, און מאַכען זיי פאַר זיין גלייכען.“

דאַס פּיערטום האָט זיך שנעל פאַרצווייגט, און עס איז אריבער פון פראַנקרייך קיין ענגלאַנד.

דער ענגלישער פּיערנטום איז געווען אַ גרויסער פאַקטאָר אין ענגלאַנד און כמעט ווי אַ גרויסע ערשיינונג. איינציגע פון די פאַרגע־הער זענען געווען: דער זאַקס וויטענאַגעמאָט: דער דינער טאָן: דער נאָרמאַנער, וואַוואַסור, מיט זיי איז געגרינדעט געוואָרען דער טיטעל באַראָן. דער וואָרט באַראָן שטאַמט פון דעם פראַנצויזישען וואָרט „וויר“ וואָס ווערט איבערזעצט אין שפּאַניש „וואַראָן“ און וואָס באַדייט, צום אַלעם ערשטען — מאַן. די באַראָנען האָבען זיך גע־לאָזט פיהלען זינט דעם יאָהר 1075, דער קעניג האָט געהאַט פון זיי אַסך אויסצושטעהען, און וואָס פאַר א קעניג! וויליאַם דער באַזיגער. אין דעם יאָהר 1086 האָבען זיי אוועקגעלעגט דעם פונדאַמענט פאַר פעאָדאַליזם, און דער פונדאַמענט איז געווען דער אָנפאַנג פון דעם לעצטען טאָג. „דער בוך פון פעראורטיילונג“, ווערט ער אָנגערופען. אונטער יאָהאַן לאַקלאַנד איז פאָרגעקומען די ערשטע רייסעריי: די פראַנצויזישע פּיערען פיהרען זיך מיט אַ ברייטער האַנט, זיי פאָדערן אויף דעם קעניג פון ענגלאַנד ער זאָל זיך שטעלען פאַר דער באַנק פון גערעכטיגקייט. זיי פאַראַכטען די ענגלישע באַראָנען. די קאַראָנאַציע פון פיליפּ אגאסטוס, דער קעניג פון ענגלאַנד, דער הערצאָג פון נאָר־מאַנדיע, טראָגט דער ערשטער דעם פּיערעקיגען פלאָג און הערצאָג דע גאיען דער צווייטער, געגען אַן אונטערדריקטען קעניג פון א פרעמד לאַנד. די „קריג פון באַראָנען“ ברעכט אויס. די באַראָנען צווינגען אויף יאָהאַנען די „מאַגנאַ כּשארטאַ“ דאָס רעכט פריי צו זיין, פון וואַנען עס קומט אַרויס די הויז פון לאָרדס. דער פּאַפּסט נעמט זיך אָן פאַר'ן קעניג און ער שליסט אויס די לאָרדען פון דער קירכע, דער יאָהר איז געווען 1215. דער פּאַפּסט איז געווען אינאָסענס דער דריטער, ער האָט געשיקט צו יאָהאַן לאַקלאַנד די פיער הויפּט טוגענדען, אין דער פאָרמע פון פיער גאָלדערנע רינגען. די לאָרדען זענען געווען איינגעשפּאַרט. עס פאָלגט א לאַנגער קריעג וואָס האַלט אָן איינציגע דורות. 1248, איז דער יאָהר פון „די מאַסרעגלען פון אָקספאָרד“. פיער און צוואַנציג באַראָנען באַגרענעצען דעם קעניג, דיספּוטירען זיין רעכט, זיי פאָדערען פון איהם ער זאָל פאַרברייטערען זייער רעכט. איין ריטער פון יעדער פראָווינץ. דער אָנפאַנג פון דער הויז פון קאָמאָן,

דאָס וואס ער איז שפּעטער געוואָרען די נידעריגע פּאַלאַטע פון פּאַר־
לאַמענט. ביז די צייטען פון עליזאַבעט זענען די פּיערען געווען די
ריכטער וועגען דער אויסוועהלונג צו דער הויז פון קאַמאָן. אין 1293
האָבען די פּיערען פון פראַנקרייך נאָך אַמאָל אויפגעפאָדערט דעם ענג־
לישען קעניג ער זאָל קומען צו זייער געריכט. פיליפּ דער שעהנער
האָט אויפגעפאָדערט עדוואַרד דעם ערשטען ער זאָל ערשיינען פאַר
איהם. עדוואַרד דער ערשטער איז דער קעניג וואָס האָט באַפוילען
אַז מען זאָל זיין זוהנס קערפּער אַפּקאָכען נאָכ'ן טויט, און זיינע ביי־
נער בריינגען אויפ'ן שלאַכטפעלד. די לאָרדען האָבען דערפיהלט אַז
מען דאַרף באַפעסטיגען דעם פּאַרלאַמענט געגען קעניגליכע קאַפּרי־
זען, זיי האָבען זיך דאָן צוטיילט אין צוויי הייזער, אַן אויבערשטע
און אַ נידעריגע. די לאָרדס האָבען געקראָגען די אויבערשטע הויז.
„אויב איינער פון דער הויז פון קאַמאָן וועט זיין ווידערשפּעניג אָדער
ער וועט באַליידיגען די הויז פון לאָרדס, וועט ער גערופען ווערען צו
אַ געריכט און ער וועט קענען פאַרשיקט ווערען אין דער פעסטונג.“
שרייבט טשעמבערליין אין זיין „די געגענווערטיגע רעגיערונג פון ענג־
לאַנד“ שטימען, שטימט מען אויך אַנדערש אין דער אויבערשטער
הויז, ווי אין דער אונטערשטער: אין דער הויז פון לאָרדס שטימט
יעדער באַזונדער, אָנפאַנגענדיג פון דעם נידערגיסטען באַראָן, מען
רופט יעדען איינעם אויס ביי דעם נאָמען און ער ענטפערט „צופרי־
דען“ אָדער „אונצופרידען“. אין דער הויז פון קאַמאָן שטימט מען אַלע
צוזאַמען. מען שרייט אויס יע, אָדער ניין.

די לאָרדען זיינען אויף אַ נוצבאַרען אופן אייפערזיכטיג אויף
דעם טראָהן, צו זיין אייפערזיכטיג מיינט צו היטען, צו זוכען פעה־
לערען, זיי באַגרענעצען די קעניגליכע מאַכט. זיי באַשריינקען די
אורזאַכען פון הויכפאַראַט. זיי רייצען אויף דעם פאַלשען ריכאַרד געגען
הענרי דעם פערטען, זיי מאַכען זיך פאַר פאַרמיטלער פון די דריי
קרוינען, צווישען דעב הערצאָג פון יאָרק און מאַגריט ד'אַנזשו, און
אויב נויטיג, קלייבען זיי צוזאַמען אַרמייען און פיהרען אָן מלחמות,
אַמאָל געווינען זיי און אַמאָל פאַרליערען זיי. אין דעם דרייצעהנטען
יאָהרהונדערט האָבען זיי די קריעג פון לועס, און זיי פאַרטרייבען
פון דעם קעניגרייך דעם קעניגס פּיער ברידער די ממזרים פון אי־
זאַבעלאַ און דעם גראַף פון מאַרש. וואוכערערס, אַלע פּיער. זיי

האבען בארויבט די קריסטען דורך די אידען. פרינצען פון איין זייט און באטריגער פון דער צווייטער. ביז דעם פופצעהנטען יאהרהונדערט בלייבט דער קעניג פון ענגלאנד דער הערצאג פון נארמאדיען און די פארהאנדלונגען אין פארלאמענט ווערען פארצייכענט אין פראנצויזיש. אנפאנגענדיג מיט העגרי דעם זיבעטען ווערען זיי פארצייכענט אין ענגליש אויף דעם פארלאנג פון די לארדען. אין 1534 רייסט זיך לאנדאן אפ פון רוים, די פיערען נעמען אן די רעפארמאציע און די לארדען לומערן, זיי באציהען זיך אויף דער אויסשליסונג פון דעם יאהר 1215. דאס איז געווען גוט פאר העגרי דעם אכטען, אבער אין אנדערע פעלע האבען איהם די לארדען געשטערט. א הונט געגען איבער. דאס איז געווען די באציהונג פון די לארדען צו דעם קעניג, ווען אלסא גנב'עט אוועק ווייטהאלען פון דאס פאלק און העגרי דער אכטער גנב'עט אוועק ווייטהאלען פון אלסיי, ווער איז אונצופרידען? פיער לארדען: דארסי פון טאטשעסטער, סאנט יאהאן פון בעלסטא און (צוויי נארמאנישע נעמען) מאניטאי און מאנטינעק.

אפילו אין דער צייט פון עליזאבעט זענען די בארא‌נען אונרוהיג, פון וואנען שטאמט די אויסשלאכטונג אין דוראם? די טיראנישע אונטערקליידעל איז דורך געפארבט מיט בלוט. עליזאבעט רופט דעם פארלאמענט צוזאמען אזוי ווינציג ווי מעגליך און זי רעדוצירט די הויז פון לארדס צו פינף און זעכציג מיטגלידער, וואו עס איז בלויז דא איין מארקיז און קיין איין הערצאג ניט. אין פראנקרייך איז אבער אויך ניט בעסער געווען. אונטער העגרי דעם דריטען זענען איינגאנצען איבערגעבליבען אכט הערצאגישע פיערען, און צו דעם גרויס פארדרוס פון דעם קעניג, דאס די בארא‌נען דע מאנטען, דע קורסיי, דע קאלאמיערס, דע שאטונוף, דע לא פערען טארדענאוס. דע מאנטיין און עטליכע אנדערע האבען נאך אנגעהאלטען זייער פיערענטום פון פראנקרייך, אין ענגלאנד איז דער טראהן געווען צופרידען ווען א פיערענטום איז אפגעשטארבען. אונטער אננאן צו ברייננגען בלויז אייןביישפיעל, האט מען פינף הונדערט און פינף און זעכציג פיערענטומס אפגעשאפט. די מלחמה פון די ראזען האט זיך אנגעפאנגען אפצושאפען דאס הערצאגטום. דאס האט געמיינט קעפען די אדעלינע, אפצושניידען א הערצאג מיינט אפשניידען א קאפ. עס איז א גוטע מעטאדע, אהן צווייפעל, אבער עס וואלט בעסער געווען

זיי צו קאָרופּטירען ווי זיי אָפּצושניידען די קעפּ. דאָס האָט דזשיימס דער ערשטער געפיהלט. ער האָט צוריק אויפגעשטעלט דעם הערצאָגטום. ער האָט געמאכט וויליעכסען פאַר א הערצאָג און ער האָט איהם אָנגערופען חזר. קאַרל דער צווייטער האָט געמאכט פון זיינע צוויי געליעבטע הערצאָגינ׳ן באַרבאַראַ פון סאוטעמפּטאָן און לואיזא פון קיריאַל. אונטער אננא׳ן זענען שוין געווען פינף און צוואַנציג הערצאָג׳ס, דריי פון זיי אויסלענדער. איז די האנדלונג פון דזשיימס דעם ערשטען געווען ערפאָלגרייך? געוויס נים. די הויז פון לאָרדס איז איבערפילט פון אינטריגעס. זיי זענען דערפון אונצופריעדען. זיי זענען אונצופרידען אויף דזשיימס דעם ערשטען, אויף קאַרל דעם ערשטען, און מיר ווילען דאָ פאַרבייגעהענדיג דערמאָנען אז ער האָט געהאָט, ווי מען זאגט, א האנט אין דעם טויט פון זיין פאָטער, פּונקט ווי מאריע דע מעדיסי האָט געהאט א האנט אין דעם טויט פון איהר מאַן. קריגערייען צווישען קאַרל דעם ערשטען און די פּיערען. די לאָרדען האָבען אונטער דזשיימס דעם ערשטען געפאָדערט אז בייקאָן זאָל זיך שטעלען צו זייער געריכט פאַר גנבה, האָבען באשולדיגט סטאַנפאָרד׳ן פאַר פאַראַט. זיי האָבען בייקאָנען פאַרדאמט און זיי האָבען סטאַנפאָרד׳ן פאַרדאַמט. איינער האָט פאַרלאָרען זיין עהרע און דער צווייטער זיין לעבען. קאַרל דער ערשטער האָט אראָפּגעהאקט דעם קאָפּ פון סטאַנדפאָרדען, דאָס האָט פּאַסירט צום ערשטען מאָל. די לאָרדס העלפען די קאָמאָן. דער קעניג רופט צוזאמען דעם פּאַרלאמענט אין אָקספאָרד. די רעוואָלוציע אין ענגלאַנד. דריי און פערציג פּיערען געהען מיט דעם קעניג, צוויי און צוואַנציג מיט דער רעפּובליק, פון דאַנען קומט אַרויס די „ליסטע פון רעכטע“ פון וואָס עס איז שפּעטער געוואָרען „דאָס רעכט פון מענש“. עס איז אָנגעפאנגען געוואָרען אין דער רעוואָלוציע אין ענגלאנד און עס איז פארטיפט געוואָרען אין דער רעוואָלוציע אין פראַנקרייך.

אָט דאָס זענען זיינע פאַרדינסטען, פרייוויליג, מיר גיבען דאָס צו, און טייער באַצאָהלט האָבען זיי, אבער דער פּיערענטום איז א געוואַלדיגער פּאַראזיט. אבער זיי האָבען אויך זייערע גוטע זייטען. די דעספּאָטישע ארבייט פון לואיס דעם עלטען און ריטשעליאָן, און לואיס דעם פערצעהנטען, אלע טיראנישע ארבייטען וואָס זענען אָפּגעטאָן געוואָרען אין פראַנקרייך האָבען דאָס די לאָרדען אין ענגלאנד

באקעמפט און ניט ציגעלאזען. זיי מאכען פון דער אריסטאקראטיע א וואנט וואס האלט אפ דעם קעניג פון איין זייט און באשיצט דאס פאלק פון דער צווייטער. זיי נעמען זיך אן פאר דאס פאלק, זייענדיג חוצפה'דיג צו דעם קעניג. סימאן גראף פון לאנקעסטער האט געזאגט צו הענרי דעם דריטען: „קעניג, דו זאגסט ליגען." די לארדען צווינגען דעם קעניג צו דינען דאס פאלק, צייטענווייז ריהרען זיי אן דעם קעניג אויף דער צערטליכסטער סטרונע, תאוה. דער לארד פיהלט זיך היימיש אין דעם קעניגס פאלאץ. דאס וואס דער קעניג האט ניט קיין גרעסערען איינקונפט ווי א פיער איז אויך די שולד פון די לארדען. די לארדען האבען אראפגעווארפען יאהאן לאקלאנדען, ערנידעריגט עדווארד דעם צווייטען, אראפגעזעצט ריכארד דעם צווייטען, צובראכען הענרי דעם צווייטען, זיי האבען מעגליך געמאכט דאס קומען פון קראמוועלען, דאס איז אלץ געבליבען געהיים. לאמיר דא פארבייגעהענדיג באמערקען, אז קראמוועל אליין האט פרעטענדירט צו זיין א פיער, טראץ דעם וואס די היסטאריקער ווילען דאס ניט באמערקען. דערפאר האט ער געהייראט מיט עליזאבעט בורטשיער. זי האט אויך געשטאמט און איז געווען א יורש'טע פון א קראמוועל, זיין פיערענטום איז אפגעשטארבען אין 1471, איהרער אין 1429. ער האט אבער גערעכענט אז עס איז לייכטער צו אונטערדריקען דעם קעניג, ווי צו פאדערען זיין פיערענטום. די ענגלישע אריסטאקראטיע האט אן אינסטינקט פאר פראגרעס, אין איהר לאנגער ערפאהרונג. א געוויסע מאס ליכט איז דארט אלע מאל געווען. אונטער דזשיימס דעם צווייטען האט די נידעריגע הויז געהאט דריי הונדערט און זעקס און פערציג מיטגלידער געגען צוויי און ניינציג ריטער. די זעכצעהן באראנען וואס זענען געווען פון די פינף פארטען, זענען געווען מעהר ווי איבערגעוואויגען פון די פופציג פארטרעטער פון פינף און צוואנציג שטעדט. אין דער צייט ווען זיי זענען זעהר עגאאיסטיש, האט די אריסטאקראטיע, אין געוויסע פעלע, אן אויסערגעוועהנליכע אונפארטייאישקייט. עס ווערט צו שטרייננג געאורטיילט. די געשיכטע אורטיילט בעסער די קאמאן. דאס איז א פראגע דעבאטירט צו ווערען. מיר האלטען אז די לארדען האבען זעהר אסך אויפגעטאן. אליגארכי איז זעלבסטשטענדיגקייט און אין דער ווירקליכקייט א רעפובליק. די פיערען פון ענגלאנד האבען אלע מאל פארדעכטיגט דעם טראהן און דער-

פאר האבען זיי איהם אלע מאל געהיט. אין פיעלע פלעע האבען די לארדען בעסער פארשטאנען ווי צו מאכען אז מען זאל זיין אונצופרידען מיט זיי ווי די קאמאן. זיי האבען אפגעהאלטען דעם קעניג. אזוי האט פאסירט אין 1694 איז דער פארלאמענט נידערגעשטימט געווארען פון דער קאמאן, ווייל דער קעניג האט דאס ניט געוואלט. די הויז פון לארדס האט דאס אפגעשטימט. דער קעניג איז געווען אין כעס, ער האט צוגענומען די אויפזיכט איבער דעם שלאס פענדעניס פון דעם גראף פון באט. און אלע שטעלען פון דעם גראף מארדאנט. די הויז פון לארדס איז געווען די רעפובליק פון ווענעדיק אין דער הארץ פון דער ענגלישער קעניגרייך, צו רעדוצירען די מאכט פון דעם קעניג דאס איז געווען זייער ציעל. דער וואוקס פון דער נאציאן איז געווען אין דער זעלבער פראפארציע, ווי עס איז אפגענומען געווארען פון דעם וואוקס פון דעם קעניג.

די קעניגע האבען דאס פארשטאנען און האבען פיינט געהאט די פיערען, יעדער זייט האט באקעמפט די צווייטע. דאס פאלק האט געהאט נוצען פון דעם קאמף. די צוויי בלינדע קרעפטען, די מאנארכיע און אליגארכיע, האבען ניט באמערקט אז פון זייער קאמף געווינט א דריטע גרופע, דעמאקראטיע, וואס פאר א פארגעניגען דער געריכט האט געהאט אין דעם לעצטען יאהרהונדערט, ער האט געקענט הייגען א פיער — לארד פערערס!

אמת, זיי האבען איהם געהאנגען מיט א זיידענעם שטריק — העפליכקייט.

„זיי וואלטען ניט געהאנגען קיין פיער אין פראנקרייך" די באמערקונג האט געמאכט דער הערצאג דע ריטשעליאו. צוגעשטימט. אין פראנקרייך וואלט מען איהם דעם קאפ אפגעהאקט. נאך א גרעסערע העפליכקייט. מאנטאמאראסיי־טאנקערוויל, פלעגט זיך אונטערשרייבען „פיער פון פראנקרייך און פון ענגלאנד", שטעלענדיג ענגלאנד אין דער צווייטער רייהע. די פיערען פון פראנקרייך זענען העכער און ניט אזוי מעכטיג. זיי ווילען האבען דעם ראנג מעהר ווי די מאכט. די וויכטיגסטע אויפגאבע פאר די פיערען פון פראנקרייך איז געווען צו זיין העכער ווי די אויסלענדישע פרינצען, איבערשטייגען די אריסטאקראטען פון שפאניען, זיין איבער די פאטריצירער פון ווענעדיג. די וויכטיגסטע זאכען פאר ענגלאנדס פיערען איז געווען דאס באהער־

שען די ימים, אראפּזעצען די סטואַרדס, די מלחמה מיט פראַנקרייך, ־אַ איז די וויכטיגסטע זאך געווען די עטיקעט, אין ענגלאַנד די קעניגרייך, די פּיערען פון ענגלאַנד האָבען געהאַט די וועלט פאַר די אויגען. די פּיערען פון פראַנקרייך דעם שאַטען.

קורץ, די הויז פון לאָרדס אין ענגלאַנד איז געווען דער גרענעץ, און דער ענטוויקלונג פון ענגלאַנד אַן אונגעהויערער פאַקטאָר, עס האָט געהאַט די עהרע פון אַנפאַנגען און ענטוויקלען אַ נאַציאָן, עס איז געווען די פאַרקערפּערונג פון דער אייניגקייט פון דער נאַציאָן. ענגלישער ווידערשטאַנד, דער דונקעלער מעכטיגער טריב האָט זיין אַנפאַנג געהאַט אין דער הויז פון לאָרדס. די באַראָנען דורך אַ רייהע פון געוואַלדטהאַטען וואָס זיי זענען באַגאַנגען געגען די פּרינצען, האָבען אויסגעפיהרט די ענדליכע אַראָפּזעצונג פון טראָהן, די הויז פון לאָרדס איז היינט ניט אַזוי צופרידען מיט דעם וואָס זי האָט געטהאָן, אַליין ניט וויסענדיג דערפון, דאָס איז נאָך בעסער, וואָס איז קאָנצעסיעס? רעפאָרמען וועלכע מען קען צוריק אוועקגעבען, און פעלקער ווייסען דאָס. „איך גיב“, זאָגט דער קעניג. „איך נעהם“ זאָגט דאָס פאָלק, די הויז פון לאָרדס האָט זיך פאַרגעשטעלט אַז זיי קעמפען פאַר די מאַכט פון פּיערען, און זיי האָבען געקעמפט פאַר די רעכט פון בירגער. די אַריסטאָקראַטיע, די רויב־פויגעל, האָט אַרויסגעכאַפּט דעם אָדלערס איי, פרייהייט.

היינט איז די איי צובראָכען, דער אָדלער פאַרוואונדעט, די רויב־פויגעל שטאַרבט.

די אַריסטאָקראַטיע שטאַרבט און ענגלאַנד ווערט מעכטיגער.

אָבער לאָמיר זיין גערעכט צו דער אַריסטאָקראַטיע, עס איז געווען דער געגען־גיפט פאַר די קעניגע, עס איז געווען די געוויכט, עס איז געווען אַ שטערונג געגען דעספּאָטיזם.

לאָמיר דאָס דאַנקען און באַגראָבען.

———

## 24טער קאַפּיטעל.

ניט ווייט פון וועסטמינסטער אבּיי, איז געשטאַנען אַן אַלט נאָרמאַנישער פּאַלאַץ, דער פּאַלאַץ האָט אָפּגעברענט אין דער צייט פון הענרי דעם 8טען, צוויי פליגען אָבער זענען געבליבען. עדוואַרד דער זעקסטער האָט אין איינעם פון די פליגלען אַריינגעזעצט די הויז פון לאָרדס און אין דעם צווייטען די הויז פון קאָמאָן.

איצט איז שוין ניטאָ קיין סימן פון די צוויי פליגלען און ניט פון די צוויי קאָרידאָרען, אַלץ איז איבערגעבויט געוואָרען.

מיר האָבען דאָס פריהער געזאָגט און מיר זאָגען דאָס דאָ נאָך אַמאָל, אַז צווישען דער הויז פון לאָרדס פון אַמאָל און דער הויז פון ־ער איצטיגער צייט, איז ניטאָ קיין ברעקעל ענליכקייט. דער אַלטער פּאַלאַץ איז צושטערט, און די אַלטע מנהגים אויך. ווען מען צוברעכט אַלטע מאָנומענטען ווירקט דאָס אויך אויף די אַלטע מנהגים. קיין איין אַלטער שטיין פאַלט ניט, ניט מיטשלעפּענדיג קיין אַלטען געזעץ. שטעלט איבער דעם סענאַט פון אַ רונדען צימער אין אַ פיער־עקיגען און ער בייט זיין כאַראַקטער.

אויב איהר ווילט אויפהאַלטען אַן אַלטע זאַך, אַ מענשליכע אָדער אַ געטליכע, אַ געזעץ אָדער אַ דאָגמע, פּאַטריצירער אָדער גייסטליכע, מאַכט קיין זאַך ניט איבער, אפילו ניט דאָס אויבער־פלעכליכע. זעצט אַריין שטיקלאַך בעסער, ווי צום ביישפּיל, יעזואי־טיזם איז אַ שטיקעל אַריינגעזעצט אין קאַטאָליציזם. באַהאַנדעלט געביידעס ווי איהר באַהאַנדעלט אינסטיטוציעס.

שאָטענס מוזען וואוינען אין רואינען. אָפּגעלעבטע כוחות פיהלען זיך ניט באַקוועם אין נייע פאַרפּוצטע וואוינונגען. פאַר שמאַטעדיגע אינסטיטוציעס זענען שטאַלען אַם בעסטען.

צו באַשרייבען דעם אויסערליכען אויסזעהען פון דער הויז פון לאָרדס איז צו באַשרייבען דאָס אונבאַקאַנטע. געשיכטע איז נאַכט. אין געשיכטע איז ניטאָ קיין מיטעלוועג. טויט און אָפּשטאַרבען איז

אַלץ וואָס איז ניט אין פאָדערגרונד פון דער ביהנע. ווען די דעקאָ־ראַציע איז אוועקגענומען, ווערט אַלץ פאַרשוואונדען. די פאַרגאַנ־גענהייט קען מען אָנרופען: דאָס אונבאוואוסטע.

די פּיערען פון ענגלאַנד האָבען געהאַלטען זייערע זיצונגען ווי אַ געריכט אין דעם גרויסען זאַל פון וועסטמינסטער, און ווי דער עכסטער געזעץ געבענדע קערפּערשאַפט האָבען זיי אויך געהאַט אַ באַ־זונדערן זאַל וואָס איז אָנגערופען געוואָרען די הויז פון לאָרדס.

אויסער דעם געריכט פון די פּיערס פון ענגלאַנד, וואָס האָט זיך בלויז פאַרזאַמעלט אויף דעם קעניגס באַפעהל, זענען געווען נאָך צוויי טריבונאַלען, נידעריגערע, און מיט ווינציגער מאַכט ווי דאָס געריכט פון די פּיערען, אָבער העכער ווי יעדער אַנדער געזעצליכער געריכט אין לאַנד. דאָס איז געווען דער געריכט פון דעם קעניג, איבער וועל־כען דער קעניג האָט געזאָלט זיין פאָרזיצענדער און דער געריכט פון קאַנצלער, איבער וועלכען דער לאָרד קאַנצלער איז געווען פאָרזיצענ־דער. איינע אַ געריכט פון גערעכטיגקייט, די צווייטע אַ געריכט פון רחמנות. דער קאַנצלער האָט געדאַרפט בעטען ביים קעניג באַרמהער־ציגקייט, געטאָן אָבער האָט ער דאָס זעלטען. די צוויי געריכטען וואָס עקזיסטירען נאָך היינט אויך, האָבען פאַרטייטשט געזעצע און האָבען זיי ביז אַ געוויסען גראַד איבערגעמאַכט. די קונסט פון אַ ריכטער באַשטעהט אין דער מאָדעלירונג פון יוריספּרודענץ. אַ אינדוסטריע וואו גערעכטיגקייט קען זיך אויסציהען, ווי מען וויל. מען האָט פאָב־ריצירט געזעצען און מען האָט זיי אָנגעווענדעט אויף וועלכען אופן מען האָט נאָר געוואָלט, אין דעם גרויסען זאַל אין וועסטמינסטער. דער זאַל האָט געהאַט אַ באַלקען פון קאַשטאַנען האָלץ, וואו קיין שפּינוועב האָט ניט געקענט זיין. עס איז אָבער זיכער, אַז דאָס וועט קענען זיין אין די געזעצען.

צו זיצען ווי אַ געריכט און צו זיצען ווי אין אַ פּאַרלאַמענט זיינען צוויי פאַרשידענע זאַכען, אָט די צווייזייטיגקייט גיט מאַכט. דער לאַנגער פּאַרלאַמענט, וואָס האָט זיך אָנגעפאַנגען דעם 3טען נאָ־יועמבער 1640, האָט געוואוסט די רעוואָלוציאָנערע נויטווענדיגקייט פון דעם צווייזייטיגען שווערד. דערפאַר האָבען זיי ערקלערט אַז זיי האָבען ווי אַ פּאַרלאַמענט פון פּיערען געזעצליכע פונקט ווי לעגיסלאַ־טיווע רעכט.

אַט די דאָפּעלטע מאכט האָבען זיי די גאנצע צייט ווי מיר האָבען פריהער געזאָגט, אין דער ראַליע פון ריכטער פארנעמען זיי דעם גרויסען זאַל אין וועסטמינסטער, און ווי געזעצגעבער האָבען זיי אַן אַנדער זאַל.

דער אנדער זאַל, וואָס ווערט אָנגערופען די הויז פון לאָרדס, איז געווען לאנג און שמאַל. די גאנצע ליכט פון דעם זאַל איז געקומען פון פיער טיפע פענסטער אריינגעשניטען אין דאַך פון דער געביידע. אין די אָווענדען האָבען זיי ניט געהאט קיין אנדערע ליכט, ווי פון די צוועלף קאנדעלאבראס וואָס זענען געהאנגען אויף דער וואנט. דער זאַל פון דעם סענאט אין ווענעדיג האָט נאָך געהאט ווינציגער ליכט. אין פינסטערניש פיהלען זיך די אויביגע רויב־פויגעל באַקוועמער.

איבער דעם זאַל וואו די לאָרדען פלעגען זיך צוזאַמענקומען איז געווען א פיעלווינקעלדיגער פלאכער באַלקען מיט א סך באַגילדעטע ארנאמענטען. די קאמאן האָט בלויז געהאט א פלאכען באַלקען, יעדער זאַך האָט זיך זיין באַדייטונג אין אַ מאָנאַרכי. אויף איין ברעג פון דעם גרויסען זאַל איז געווען א טיר, אויף דעם צווייטען, פונקט געגען איבער איז געווען דער טראָהן. א פּאָר טריט פון דער טיר איז געווען א שטאַנג אין דער ברייט. דאָס איז געווען א סאָרט גרענעץ, צווישען דאָס פאָלק און די לאָרדען. ביי דעם רעכטען זייט פון דעם טראָהן איז געווען א גרויסער קאמין, צוויי וואזעס פון מארבעל זענען דאָרט געווען, איינע האָט פארגעשטעלט דעם זיג פון קאטוואולף איבער די בריטאַנען אין דעם יאָהר 572, די אנדערע א געאָמעטרישען פּלאַן פון דאנסטאַבעל, וואָס האָט געהאט בלויז פיער גאסען. דריי טרעפּלאַך האָבען אַרויפגעפיהרט צום טראָהן. דעם טראָהן פלעגט מען רופען: „דער קעניגליכער שטול“, אויף ביידע ווענט וואָס זענען געווען איינע געגען די אנדערע איז געווען באצירט פון גרויסע טאַפּעטען, וואָס קעניגין עליזאבעט האָט געגעבען די הויז פון לאָרדס. אויף די טאַפּעטען איז געווען די גאנצע פּאסירונג פון דער ארמאנדא, (די שפּאנישע ארמאדא, איז געווען די פלאָטע וואָס איז געשיקט געוואָרען פון שפּאַניען צו פארניכטען ענגלאנד, די גאנצע פלאָטע איז געזונקען געוואָרען אין 1558) אָנפאנגענדיג מיט דעם אַרויספאָהרען פון שפּאַניען, ביז זיי זענען געזונקען געוואָרען ביי דעם ענגלישען ברעג. די פאָדער־טייל פון דער שיף איז געוועבט געוואָרען פון גאָלדענע און זילבערנע

פעדים, וואס איז שוין אצינד געווארען שווארץ. דריי רייהען בײנק זענען געשטאנען אויף דעם רעכטען זייט פון דעם טראהן, פאר ביס־קופען, און דריי רייהען בײנק אויף דער לינקער זייט פון דעם טראהן פאר די הערצאגין, מארקיזען און גראפען. פון הינטען איז געווען צוויי בײנק פאר די באראנען.

אויף דער הויכער באנק, ביי דער רעכטער זייט פון דעם טראהן זענען געזעסען די צוויי ארצביסקופען, קאנטאבארי און יארק אויף דער מיטעלסטער באנק די דריי ביסקופען, לאנדאן, דוראם און ווינטשעס־טער. אויף דער לעצטער באנק זענען געזעסען די איבעריגע ביסקו־פען. צווישען דעם ארצביסקופ פון קאנטאבאריי און די אנדערע איז דא דער גרויסער אונטערשייד: וואס ער איז ביסקופ לויט די געטלי־כע באשטימונג און די אנדערע דורך דער געטליכער ערלויבניס. אויף דעם רעכטען זייט פון דעם טראהן האט מען געקענט זעהען א שטול פאר דעם קרוינפרינץ, אויף דעם לינקען זייט צוויי צוזאמענגעלעגטע שטולען פאר די קעניגליכע הערצאגען, און פון הינטען א פלאץ פאר יונגע, נאך ניט קיין מינדיעהריגע פיערען, וואס ווערען נאך ניט צו־געלאזען אין פארלאמענט. און דער גרויסער ענגלישער הערב איז געהאנגען אויף די פיער וועגט, איבער די פיערען און איבער דעם קעניג. אין דעם ברייטען פיערעקיגען פלאץ איז געשטאנען פיער גרוי־סע שטולען, איינער געגען דעם טראהן, דארט איז געזעסען דער גע־זעצליכער ראטגעבער, ער האט געהאט א פלאץ אבער ניט קיין שטי־מע, איינער געגען די הערצאגען, מארקיזען און גראפען, וואו עס איז געזעסען דער אויסלענדישער מיניסטער, איינער געגען די באראנען, וואו עס איז געזעסען דער שרייבער פון דער קרוין, אדער דער שריי־בער פון דעם פארלאמענט. אין מיטען איז געשטאנען א גרויסער טיש, וואו עס איי געלעגען פאפירען, דאקומענטען, רעכענונגען, ביכער, גרויסע זילבערנע טינטערס און לייכטער. די פיערען האבען זיך אויס־געזעצט נאך דער רייהע נאך, ד. ה. נאך דעם דאטום ווען זיי האבען געקראגען די טיטלען, און אויך נאך דעם ראנג פון זייערע טיטלען.

ביי דער טיר איז געשטאנען דער אשער פון דעם שווארצען שטאנג, ניט ווייט פון איהם זיין אפיצער, אויף יענער זייט טיר איז געשטאנען דער טרייער פון דעם שווארצען שטאנג, וועמעס פונק־ציע איז באשטאנען אין דעם וואס יעדען מאל ווען די זיצונג פלעגט

זיך דארפען עפענען פלעגט ער אויסשרייען אין פראנצויזיש : Oyez ! דריי מאָל. ניט ווייט פון דעם שרייער איז געשטאַנען דער רויט־טרע־גער פון דעם קאַנצלער.

אין קעניגליכע צערעמאָניעס האָבען די פּיערען געטראָגען די אַדעלקרוין און די גייסטליכע די הייליגע היט.

די ארצביסקופּען האָבען געטראָגען די הייליגע היט און די קרוין פון א הערצאָג. און די ביסקופּען האָבען געטראָגען די הייליגע היט און דעם קראַנץ פון א באַראָן.

די מאָדנע זאַך איז וואָס אויף דעם זעלבען אופן איז געווען איינ־געריכטעט דער פארצייטיגער פראנצויזישער פּאַרלאַמענט פון די ערשטע צוויי דינאַסטיעס. הינקאָמער באשרייבט אין דעם יאָהר 853 דעם פּאַרלאַמענט וואָס איז געזעסען אין וועסטמינסטער אין דעם אכטצעהנטען יאָהרהונדערט. באשרייבונג וואָס איז געמאַכט געוואָ־רען ניין הונדערט יאָהר פריהער.

וואָס איז געשיכטע? אן עכא פון דער פארגאַנגענהייט און דער צוקונפט. אן אָפּשפּיגלונג פון דער צוקונפט אויף דער פּאַרגאַנגענ־הייט.

דער פּאַרלאַמענט איז געווען פאַרפליכטעט זיך צוזאַמענצוקומען בלויז איין מאָל אין זיבען יאָהר.

די זיצונגען פון די לאָרדען זיינען געווען געהיים אונטער פאַר־מאַכטע טירען, די פון דער קאַמאַן עפענטליך.

די צאָהל פון לאָרדען איז געווען אונבאַגרענעצט, צו מאַכען לאָרדען איז דאָס רעכט פון קעניג.

אין דעם אָנפאַנג פון אכצעהנטען יאָהרהונדערט איז שוין די הויז פון לארדס געווען א גרויסע קערפּערשאַפט, זינד דאַן איז זי נאָך געוואַקסען.

אָפּצושוואַכען די אריסטאָקראַטיע איז א פּאָליטישע נויטווענ־דיגקייט, עליזאבעט איז באַגאַנגען א גרויסען פעהלער באשריינקענ־דיג די לאָרדס אויף בלויז פינף און זעכציג. ווען זיי זענען ווינציגער אין צאָהל, זענען זיי טעטיגער. אין פארזאַמלונגען איז אַזוי, וואָס מעהר מענשען עס זענען דאָ, אלץ ווינציגער קעפּ. דזשיימס דער צוויי־טער האָט דאָס געפיהלט ווען ער האָט פאַרגרעסערט די אויבערשטע הויז צו הונדערט און אכט און ניינציג לאָרדען. אונטער אַננאַ'ן איז די

צאהל פון לארדען אריינרעכענענדיג די גייסטליכע, געווען צוויי הונ־
דערט און זיבען.

ניט ריעכענענדיג דעם הערצאג פון קאמבערלאנד, דער קעניגינס
מאן, איז געווען פינף און צוואנציג הערצאגען, פון וועלכע איינער נאר־
פאלק, האט זיין פלאץ ניט פארנומען, ווייל ער איז געווען א קאטא־
ליק, און פון וועלכע דער יונגער קעמברידזש האט יא פארנומען זיין
פלאץ, טראץ דעם וואס ער איז געווען אן אויסלענדער, ווינטשעסטער,
ווענמען מען האט גערופען דער ערשטער און איינציגער מארקיז אין
ענגלאנד, ווי אסטארגא, דער איינציגער מארקיז אין שפאניען, איז
ניט אנוועזענד געווען ווייל ער איז געווען א יאקאבינער. עס זענען גע־
ווען פינף מארקיזען, דער ערשטער איז געווען לינדזיי, און דער
אינגסטער לאטיאן, זיבען און זיבעציג גראפען; דער ערשטער איז
געווען דערבו, און דער אינגסטער איסליי; ניין וויסקאנטען, דער
ערשטער איז געווען הערפארט און דער אינגסטער לאנסטייל, צוויי
און זעכציג באראנען, דער ערשטער איז געווען אבערגאווועני און דער
אינגסטער הערווי, לארד הערוויי זייענדיג דער אינגסטער באראן,
איז געווען ווי מען האט איהם גערופען: „דער אינגערער ברודער"
פון דער הויז. דערבי איז געווען דער פערטער גראף אונטער דזשיימס
דעם צווייטען איז אונטער אננא'ן געווען דער ערשטער. צוויי נעמען
פון קאנצלער איז אין גאנצען פארשוואונדען געווארען פון דעם צע־
טעל פון באראנען. דער נאמען — ווערלואן, אונטער וועלכען עס
שטעהט בייקאן, און אונטער וועלכען מיר געפינען דזשעפרי. בייקאן
און דזשעפרי, נעמען פון וועלכע עס ווערט אומעטיג. אין 1705 האָ־
בען די זעקס און צוואנציג בישופען בלויז געהאט פינף און צוואנ־
ציג, איין פלאץ, טשעסטער, איז געווען ליידיג.

אין וויכטיגע אנגעלעגענהייטען, ווען מען האט געדארפט לייע־
נען א צושריפט פון דעם קעניג האבען זיך אלע פון דער אויבערשטער
הויז אנגעטהאן אין זייערע באשטימטע פארמעס, און זיי האבען זיך
אויסגעשטעלט ביי דער וואנט, וואו מען האט געקענט זעהען ווי די
שפאנישע פלאטע איז געזונקען געווארען.

## 25טער קאַפּיטעל.

די גאַנצע צערעמאָניע פון גווינפּלענס אויפנאַהמע, פון דעם אַריינגאַנג אין דעם קעניג'ס טויער, ביז זיין אַריינשווערען איז געטהאַן געוואָרען אין א האַלב פינסטערען צושטאַנד.

לאָרד וויליאם קאופּער האָט ניט ערלויבט אז זיי זאָלען איהם, דעם קאַנצלער פון ענגלאַנד, געבען צו פיעל איינצעלהייטען וועגען דעם אויסזעהען פון דעם יונגען לאָרד פערמיין קלאַנטשאַרלי. ער האָט געהאַלטען אז עס איז אונטער זיין ווירדע צו וויסען אַז א פּיער איז ניט שעהן. און אז מען דאַרף ניט הערען וואס א מענש פון א נידעריגען שטאַנד זאָגט, עס איז זיכער אז א מענש פון פאָלק וואָלט מיט פארגעניגען געזאָגט, "דער מאַן האָט א הויקער". דערפאַר איז צו זיין אַ קאַליקע א באַליידיגונג פאר א לאָרד. צו די פּאָר ווערטער וואָס די קעניגין האָט צו איהם געזאָגט וועגען דעם יונגען לאָרד, האָט ער געענטפערט: „א, לאָרד האָט זיין טיטעל פאר א פּנים". ער האָט נאָר געוואוסט דאָס וואס ער האָט געקענט אַרויסנעהמען פון די פּאַפּירען און דאָקומענטען, וואָס ער האָט געדאַרפט איבערלייענען און אונטערשרייבען.

דער אויסזעהען פון דעם נייעם לאָרד קען נאָך מאַכען א טומעל ווען ער וועט אַריינגעהען אין דעם זאַל, מען דאַרף דאָס פאַרהיטען. דער לאָרד־קאַנצלער האָט אָנגענומען מיטלען, אַזוי ווי ווייט ער האָט געקענט. וואס ווייניגער טומעל, איז די פיקסע אידעע און געזעץ ביי אַלע ערענסטע מענשען. פאַראַכטונג פאר אינצידענטען איז א טייל פון דער ערענסטקייט. עס איז וויכטיג געוועזען אז גווינפּלען'ס אַריינקומען זאָל זיין אַזוי ווייניג באַמערקבאַר ווי מעגליך, אַזוי ווי יעדער אַנדערער מענש.

דערפאַר האָט דער לאָרד קאַנצלער באַשטימט אז זיין אַריינקומען זאָל פאָרקומען אין א זיצונג וואס וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין אָווענט. דערפאַר האָט ער אויסגענוצט זיין רעכט און צוזאַמענגערו־

פען א זיצונג אויף דעם אָווענט, ער האָט, לויט דאָס רעכט, געמאכט אַלע פאָרבאַרייטונגען און האָט איהם פערזענליך אויפגענומען. איי־דער די זיצונג האָט זיך אָנגעפאַנגען.

ווענען דעם צי מען מעג אַריינעמען א לאָרד אויסער דעם זאַל פון די זיצונגען, האָט ער ניט געדאַרפט טראַכטען. ווייל עס זענען שוין געווען פּרעצידענטען. דער ערשטער ירושה־באַראָן, יאָהאַן דע בוטשאַמפּ איז אויפגענומען געוואָרען אויף דעם אופן אין דעם יאָהר 1387, פון ריכאַרד דעם צווייטען. באַראָן קינדערמינסטער איז אויך אזוי אויפגענומען געוואָרען.

אמת, באַנייענדיג דעם פּרעצידענט, האָט זיך דער לאָרד קאַנצ־לער באַשאַפען א נייע אונבאַקוועמליכקייט. ער האָט דאָס דערפיהלט מיט צוויי יאָהר שפּעטער, ווען מען האָט געדאַרפט אויפנעהמען דעם וויסקאָנט נוהעווען, אין דער הויז פון לאָרדען.

זייענדיג אַליין קורצזיכטיג, ווי מיר האָבען שוין פריהער געז־זאָגט, האָט ער אַליין כמעט ווי ניט באַמערקט גווינפּעלינס פּעהלער, די צוויי אַלטע לאָרדען, זיינע באַשיצער, האָבען איהם אויך ניט געז־זעהען. זיי זענען שוין געווען אזוי אַלט אַז זיי האָבען איהם כמעט גאָר ניט געזעהען.

דער לאָרד קאַנצלער האָט זיי טאַקע פאַר דער אורזאַכע אויסגע־קליבען.

נאָך מעהר, דער לאָרד קאַנצלער וואָס האָט בלויז באַמערקט גווינפּעלינס פיגור האָט באַשלאָסען אַז ער זעהט זעהר פיין אויס.

אין דעם מאָמענט ווען די טיר־וועכטער האָבען אויפגעעפענט ביידע זייטען פון דער גרויסער טיר, איז אין זאַל געווען בלויז א פּאָר לאָרדען. די לאָרדען זענען כמעט אַלע געווען אַלטע. אַלטע מענער זענען די פּינקטליכסטע צו קומען צו א פאַרזאַמלונג, ווי זיי פאַר־נאַכלעסיגען די צייט ווען זיי דאַרפען זיך טרעפען מיט דאַמען. מען האָט בלויז געקענט זעהען צוויי הערצאָגען אויף דעם פּלאַץ פון די הערצאָגען. איינער מיט פולשטענדיגע ווייסע האָר, און דער צווייטער א גראָער. טאָמאַס אָסבאָרן, הערצאָג פון לידס און שאַנבערג, דער זוהן פון שאַנבערג, א דייטש פון געבורט, א פראַנצויז דורך ערציהונג און אַן ענגלענדער דורך זיין טיטול, ער האָט, נאָך דעם ווי ער איז פּאַרטייבען געוואָרען פון נאַנטעס, געמאַכט קריעג מיט פראַנקרייך ווי

אַז ענגלענדער, ווי פֿריהער האָט ער ערקלעהרט קריעג געגען ענגלאַנד ווי א פֿראַנצויז. אויף דעם פּלאַץ פֿון די גייסטיגע לאָרדען איז בלויז געווען דער ארצביסקופּ פֿון קאַנטאַבארי פֿון אויבען, און דאָקטאָר סימאָן פּאַטריק ביסקופּ פֿון עלי, רעדענדיג מיט וועלין פֿירפּאַנט, מארקיז פֿון דאָרטשעסטער. טאָמאַס טיין וויסקאַנט ווײמוט איז צו־געגאַנגען צו א קאַנדעלאַברא, און האָט גענומען באַטראַכטען א פּלאַן וואָס זיין ארכיטעקט האָט איהם געגעבען, א פּלאַן פֿון א נייער סטעזשקע אין זיין גאָרטען. אויף דעם פּלאַץ פֿון די גראַפֿען זענען געווען א פּאָר אַלטע לאָרדען, ווי עסעקס, אָזעלסטאָן, בעריגריז, אַס־באַרן, ציילסטיין. גראַף ראַשפּארד, ארום וועמען עס זענען געווען א פּאָר יונגע לאָרדען, פֿון די וואָס האָבען שוין מעהר קיין פּאַרוקען ניט געטראָגען. עס איז דאָרט אויך געווען פּרינץ דעווערן און גראַף הערע־פאַרד. אויף דעם פּלאַץ פֿון די מאַרקיזען איז געווען טאָמאַס גריי, מארקיז פֿון קענט, לאָרד קאַמערהער פֿאַר דער קעניגין, ער האָט דער־צעהלט דעם מאַרקיז פֿון לינדזי, אַז צוויי פֿראַנצויזען, מאַניסור, לע־סא, פֿריהעריגער אדוואָקאַט פֿון פּאַרלאַמענט אין פּאַריז און מאַניסור ראַוואַנעל, האָבען געוואונען דעם געווינס פֿון דער גרויסער ענגלישער לאָטעריי פֿון 1614. דער גראַף פֿון ווימים האָט געלייענט א בוך, יאַ־יאַן קאַמפּבעל גראַף פֿון גרינוויטש, וואָס איז באַריהמט פֿאַר זיין לאַנגער קין, זיין לוסטיגקייט און זיינע זיבען און אכציג יאָהר, האָט געשריבען צו זיין געליעבטע. לאָרד שאַנדאָס האָט זיך גערייניגט די נעגעל.

אַזוי ווי די זיצונג וואָס האָט געדאַרפֿט פֿאָרקומען איז געווען א קעניגליכע, און די קרוין וועט זיין פֿאַרטראַטען דורך צוויי קאָמיסאַ־רען, עס זענען אַנגעשטעלט געוואָרען צוויי באַזונדערעטיר־היטערס. און א באַנק באַצויגען מיט פֿייער־קאָליר סאַמעט איז אוועקגעשטעלט געוואָרען געגען טראָהן.

דערווייל האָט דער קאַנצלער פֿאַרנומען זיין פּלאַץ אויף דעם ערשטען שטול געגען דעם טראָהן, די אויפֿזעהער פֿון דעם זאַל האָ־בען פֿאַרנומען זייערע פּלעצער, אַנדערע זיצענדיג און אַנדערע שטע־הענדיג. דער ארצביסקופּ פֿון קאַנטאַבארי האָט זיך אויפֿגעשטעלט און געזאָגט די תּפֿלה, און די זיצונג האָט זיך אַנגעהויבען. גווינפּלען איז געווען אין זאַל א לאַנגע צייט איידער אימיצער האָט איהם

דערזעהען. דער צווייטער פלאץ, פון די באראנען, וואו ער האט גע־דארפט זיצען איז געיועזן ניט ווייט פון איהם. די צוויי לארדען, זיינע באשיצער, זענען שוין געזעסען. ער האט זיך אוועקגעזעצט צווישען זיי וואס האט איהם כמעט פאלשטענדיג באהאלטען. קיינער איז פריהער ניט געווארענט געווארען, דער שרייבער האט געלייענט די דאקומענטען אויף א נידעריגען קול, כמעט ווי געמורמעלט, און דער לארד קאנצלער האט געמאלדען וועגען דעם אריינקומען פון דעם נייעם לארד און קיינער האט זיך ניט צוגעהערט צו זיי. יעדער איינער האט גערעדט, אין הויז האט געהערשט אזא טומעל, אין וועלכען עס ווערט אפגעטהאן אלע טונקעלע ארבייטען און שפעטער וואונדערען זיך די מיטגלידער ווי דאס איז גאר מעגליך, אז אזוינס זאל אפגעטאן ווערען.

גווינפעלין איז א שווייגענדיגער געזעסען, אהן א הוט, צווישען די צוויי אלטע פיערען, לארד פיטצוואלטער און לארד אראנדיל.

מיר ווילען אויך זאגען אז בארקילפעדרא האט אין זיין אפיציעלער ערקלעהרונג יא געמאלדען וועגען זיין, גווינפעלינס פארדארבענעם פנים, אבער ער האט צוגעגעבען אז ווען ער וויל, קען ער דעם לאכענדען עפעקט אונטערדריקען און זיין פנים זאל ווערען ערענסט. בארקילפעדרא האט אפילו אביסעל איבערטריבען זיין מעגליכקייט. אבער, פון דעם שטאנדפונקט פון דער אריסטאקראטיע, וואס פאר אן אונטערשייד איז דאס? איז ניט לארד וויליאם קאופער, א גוטער קענער פון געזעץ, דער פארפאסער פון דעם ווערטעל: „אין ענגלאנד איז די צוריק ארויפזעצונג פון א פיער, וויכטיגער ווי די צוריק ארויפזעצונג פון א קעניג.“ שעהנקייט און שטאלץ דארפען אהן צווייפעל זיין צוזאמען, עס איז אונאנגענעהם אז א לארד איז מיאוס. אבער, מיר פרעגען, ווי ווערט דורך דעם זיין רעכט פארקלענערט? דער לארד קאנצלער האט זיך געהיט. און ער האט גוט געטאן. אבער, יא היטען זיך אדער ניט היטען זיך, ווער קען פארווערען א פיער אריינצוקומען אין דעם זאל פון די פיערען? זענען ניט לארדען און קעניגע איבער מיאוסקייט און קראנקייט? איז ניט דער געשריי ווי פון א ווילדע חיה אזוי גע׳ירש׳נט געווארען פון גראף בורטשאן, ווי דער טיטעל זיינער? האט דער מיאוס׳ער בלוט־פלעק פון צעזאר בארזשיא איהם אפגעהאלטען פון צו זיין דער הערצאג פון

וואלענטינאם? איז אפשר יאהאן פון לוקסעמבורג צוליעב זיין בלינד־קייט ניט געווען קעניג פון באהעמיע? האט דער הויקער אפגעהאלטען ריכארד דעם דריטען פון צו זיין קעניג פון ענגלאנד? ווען איינער קוקט זיך גוט איין זעהט ער אז מיאוסקייט און זיין א קאליקע זייענען ווייט פון צו זיין דאס געגענזאץ פון גרויסקייט, און דאן זענען לארדען אזא גרויסע זאך, אז די קלייניגקייטען ארט זיי ניט. ווי דער לעזער זעהט האט גווינפעלין ניט געקענט האבען קיין שטערונגען, און דאס לארד קאנצלערס מיטלען צו פארהיטען איז געווען בלויז נייטיג ווי א טאקטיק, און ניט דורך דעם העלפען איהם אנקומען אין דער הויז פון לארדס.

אריינקומענדיג, האט גווינפעלין, ווי דער קעניג פון דער ארמיי האט איהם אנגעזאגט, סאלוטירט דעם טראהן, דאס זעלבע האבען אויך געטאן זיינע צוויי באגלייטער.

איצט איז אלץ פאראיבער, ער איז שוין א לארד.

די ערהויבונג, וואס אונטער איהרע שטראהלען האט ער אלע מאל געזעהען אורסוסען זיך איינבייגענדיג מיט שרעק, האט דעם אונדער־גרייכבארען שפיץ, האט ער איצטער אונטער זיינע פיס.

ער איז געווען דארט וואו עס איז געווען אומעדיג און אזוי גלענ־צענד.

אן אלטער שפיץ פון דעם פעאדאלען בארג, וואס קוקט אראפ אויף אייראפא שוין זעקס יאהרהונדערט, בלאסע שיין און א וועלט פון שאטענס.

ער איז שוין אריינגעטראטען אין דעם שיין; צוריקקעהרען קען מען איהם שוין ניט.

ער האט זיך דא געפיהלט ווי אין דער היים.

אין דער היים אויף זיין פלאץ, ווי דער קעניג אויף זיין טראהן.

ער איז דא דא, און פון איצט אן קען איהם קיין זאך ניט פאר־ווערען דא צו זיין.

די קעניגליכע קרוין וואס הייגגט דארט, איז די שוועסטער־קרוין צו זיינער, ער איז דער הערשער אויף זיין טראהן.

אין דער געגענווארט פון א קעניג איז ער געווען א לארד. ווינ־ציגער, אבער גלייך.

נעכטען וואס איז ער געוועז? א וואונדערענדער שפּילער, היינט? א פּרינץ.

נעכטען גארניט. היינט אלץ.

ארמוט און מאכט האבען זיך געטראָפען פּנים אל פּנים אין די טיפעניש פון א געדאנק, און א שיקזאל, און פּלוצלונג האבען די צוויי צוזאמענגעשטעלט איין גאנצעס אין א באוווסטזיין, צוויי גייסטער ליידען און פרייד האבען פארנומען דיזעלבע נשמה, און יעדער איי־נער איהם ציהענדיג צו זיך, פּאטעטישע צוזאמענטרעפונג אין א מח, א ווילען, אין די געהירן פון צוויי פיינדליכע ברידער. דער ארימער גייסט און דער רייכער, הבל און קין אין דעם זעלבען מענשען.

---

## 26טער קאַפּיטעל.

ביסלאכווייז זענען די ביינק פון דעם זאל אנגעפילט געווארען. די לארדען האבען אנגעפאנגען אנצוקומען. היינט האט מען געדארפט שטימען וועגען דעם פּראַיעקט צו פארגרעסערען די יעהרליכע הכנסה פון געארג פון דענמארק, הערצאָג פון קאמבערלאנד, דער מאן פון דער קעניגין, אויף הונדערט און פופציג טויזענד פונט שטערלינג. עס איז אויך געמאלדען געווארען וועגען נאך פּראַיעקטען, צו וועלכע די קעניגין האט צוגעשטימט און וועלכע דארפען פארגעבראכט ווערען פון די פארטרעטער פון דער קרוין, וואס האבען די מאכט און אוי־טאריטעט זיי גוטצוהייסען. צוליעב דעם איז די היינטיגע זיצונג א קעניגליכע. די לארדען האבען אלע געטראגען דעם פּארלאמענטארישען מאנטעל איבער זייערע גאס אדער הויף קליידער; די מאנטלען זענען געווען אלע גלייך און אזוי ווי גווינפעלינס, מיט דער אויסנאהם וואס די הערצאָגען האבען געהאט פינף שנירלאך הערמאלין און גאלד, די מארקיזען פיער, די גראפען און די וויסקאנטען צו דריי, און די באַ־ראנען צוויי. די לארדען זענען אנגעקומען גרופּענווייז, זיי האבען זיך

פריהער געטראָפען אין די קאָרידאָרען, און זיי האָבען זיך צורעדט און דאָ האָבען זיי דעם געשפּרעך אָנגעהאַלטען. אנדערע זענען געקומען אַליין, זייערע קליידער זענען געווען ערענסטע, זייער האַלטונג ניט. זייערע געשפּרעכען אויך ניט. אַלע האָבען סאַלוטירט דעם טראָהן, אריינקומענדיג.

די פּיערען זענען אנגעקומען, זיי זענען אריינגעקומען און האָבען פאַרנומען זייערע פּלעצער כמעט ווי גאָר אָהן צערעמאָניעס. דאָס פאָלק איז ניט אנוועזענד געווען, האָט מען זיך פאַרהאַלטען נאַטירליך. לוסעסטער איז אריינגעקומען און געגעבען די האנט ליכפעלדען: דאַן איז אָנגעקומען קארעל מאַרדאנט, גראף פון פעטערבארא, און מאנמוט, דער פריינד פון לאקען, דורך וועמען ער האָט פאָרגעשלאָגען אַז מען זאָל איבערמאַכען די געלטשטיקער; דאַן איז אָנגעקומען קארל לאָנדען, גראף פון לאָנדאָן, איינהערענדיג זיך וואָס לאָרד ברוק זאָגט: און דארמע, גראף פון קירנאוואַן; דאַן ראָבערט סוטאָן, באראָן לעקסינגטאָן, דער זוהן פון לעקסינגטאָן, וואָס האָט געראַטען קארל דעם צווייטען ער זאָל ענטזאגען גריגאָרי לעטי, אַ היסטאָריאגראף, וואָס האָט געוואָלט ווערען אַ היסטאָריקער; און טאָמאָס בעלאסיי, וויסקאַנט פאלקענבערג, דער שעהנער אלטער מאַן; און די דריי פּלימעניקעס צוזאמען, האָארד גראף פון בינדאָן, באער, גראף פון בערגשיר און סטאפארד גראד פון סטאפארד: דאַן יאהאַן לאוואַלאס, באראָן לאוואַלאס, וועמעס פּיערענטום איז אויסגעגאַנגען אין דעם יאָהר 1736. אָט די אַלע מענשען זענען באַריהמט געווען אויף פאַרשידענע אופנים, אין פּאָליטיק, אין מלחמה, און אַסך פון זיי האָבען ענגלאנד פאַרשאַפט כבוד, זענען דאָ אָנגעקומען לאַכענדיג און רעדענדיג. עס איז ווי מיר וואָלטען געזעהען די געשיכטע אַ נאַקעטע.

און ווינציגער ווי אַ האַלבע שעה איז דער זאַל געווען כמעט ווי פול, עס איז געווען קלאָר, די זיצונג איז אַ קעניגליכע, וואָס עס איז געווען ווינציגער קלאָר איז זייער לעבעדיגקייט. דער זאַל איז פריהער געווען אַזאַ אומעדיגער, און איצט איז דאָרט אַזאַ גערויש, ווי אין אַ ביהנשטאָק וואָס מען האָט צושטערט. דאָס האָט אַנגעמאַכט דאָס אָנקומען פון נייע לאָרדען, וואָס האָבען געבראַכט נייעס וואָס די פריהעריגע האָבען ניט געוואוסט.

אַ סך פון די לאָרדען זענען איצט אָנגעקומען פון ווינדזאָר.

שוין עטליכע שעה ווי מען רדעט וועגען גווינפעלינס ערפּאהרונ־גען, א סוד איז ווי א נעץ, מען לאזט איין עקעל אָפּ צופאלט דאָס אין גאנצען. די גאנצע געשיכטע פון א פיער וואָס איז געפונען גע־ווארען אין א וואנדערענדען טהעאטער, פון א פּאיאץ וואס איז דער־קענט געווארען ווי א לאָרד, האט אַנגעמאכט א סענסאציע אין ווינד־זאָר. פּרינצען האָבען דערפון גערעדט און לאקייען, פון קעניגליכען הויף איז די נייעס אנגעקומען אין שטאָט. פּאסירונגען האָבען וואָג און דער געזעץ פון צוציהונג ווערט אויף זיי אַנגעווענדעט. זיי פּאַ־לען אראָפּ אין פּאָלק און בלייבען דארט. זיבען אזייגער האָט נאָך קיינער אין לאָנדאָן דערפון ניט געוואוסט, אכט האָט שוין גאנץ לאָנ־דאָן גערעדט דערפון. די פּאָר פּינקטליכע לאָרדען וואס זענען דאָ גע־ווען ביי דער אנפאנג פון דער זיצונג, זענען געווען די איינציגע וואָס האָבען דאָס ניט געוואוסט, און די ניי אַנגעקומענע לאָרדען האָבען זיי דאָס דערצעהלט, דאָס האָט ארויסגערופען דעם גערודער.

„נו?“ זאָגט דער וויסקאַנט מאנטאקוט צו דעם מאַרקיז פון דאָרטשעסטער.

„וואָס?“

„איז דאָס מעגליך?“

„וואָס?“

„דער מענש וואס לאכט!“

„ווער איז דער מענש וואָס לאכט?“

„ווייסט איהר ניט וועגען דעם מענש וואָס לאכט?“

„ער איז א פּאיאץ, אן אינגעל פון טהעאטער, אן אונמעגליכען פּנים, מען האָט באצאָהלט א פּעני איהם אַנצוקוקען.“

„וואָס איז דען?“

„איהר האָט איהם איצט עמפּאנגען ווי א פּיער פון ענגלאנד.“

„דער מענש וואס לאכט זייט איהר אליין מיין לאָרד.“

„איך לאַך ניט, מיין לאָרד.“

און דער וויסקאַנט האט געמאכט א צייכען צו דעם שרייבער פון פּארלאמענט ער זאָל צוקומען, ער איז אויפגעשטאַנען און צו זיי צו־געגאנגען, ער האָט זיי איבערגעגעבען דעם פאקט וועגען דעם נייעם לאָרד, פּלוס די איינצעלהייטען.

„וואַרט, וואַרט, וואַרט" האָט געזאָגט לאָרד דאַרטשעסטער, „איך האָב גערעדט מיט'ן ביסקופ פון עלי."

דער יונגער גראַף אַנעסליי האָט גערעדט צו דעם אַלטען לאָרד אורו, וואָס האָט נאָך אײנגאַנצען געהאַט צוויי יאָהר צום לעבען, ער איז געשטאָרבען אין 1707.

„מיין לאָרד אורו?"

„מיין לאָרד אַנעסליו?"

„האָט איהר געקענט דעם לאָרד ליניי קלאַנטשאַרלי?"

„אַ מאַן פון די אַלטע צייטען. יע."

„דער וואָס איז געשטאָרבען אין שווייצאַריען?"

„יאָ, אַזוי האָט מען געזאָגט."

„דער וואָס איז געוועזען אַ רעפּובליקאַנער אונטער קראָמוועלען און ער איז געבליבען אַ רעפּובליקאַנער אונטער קאַרל דעם צווייטען?"

„אַ רעפּובליקאַנער? ווער האָט דאָס אייך געזאָגט? ער איז געוועזען בעס. דאָס איז געוועזען אַ פּערזענליכע קריעג צווישען איהם און דעם קעניג. איך ווייס דאָס פון זיכערע קוועלען, אַז לאָרד קלאַנטשאַרלי וואָלט זיך אונטערגעגעבען ווען מען וואָלט איהם געגעבען די שטעלע פון קאַנצלער, וואָס לאָרד פייד האָט געקראָגען."

„איהר פאַרוואונדערט מיך, לאָרד אורו, מען האָט מיר דערצעהלט, אַז לאָרד קלאַנטשאַרלי איז געוועזען אַן עהרליכער מענש."

„אַן עהרליכער מענש! עקזיסטירט דען אַזאַ זאַך? יונגער מאַן! עס זיינען ניטאָ קיין עהרליכע מענשען."

„אָבער קאַטאָ?"

„אַזוי גלויבט איהר אין קאַטאָ'ן, אַ?"

„אָבער אַריסטעס?"

„זיי האָבען גוט געטאָן וואָס זיי האָבען איהם פאַרטריבען."

„און טאָמאַס מור?"

„זיי האָבען גוט געטאָן וואָס זיי האָבען איהם די קאָפּ אָפּגעשניטען."

„איז אייער מיינונג אַז לאָרד קלאַנטשאַרלי?"

„איז געוועזען פון דעם סאָרט. אויסער דעם, אַ מענש וואָס בלייבט אַ פאַרשיקטער איז לעכערליך, ער איז טויט."

„אַז ענטוישטער, אַבער אַמביציעזער מאַן. אַה, ווי איך האָב איהם געקענט, איך בין געווען זיין בעסטער פריינד.“

„ווייסט איהר, מיין לאָרד אורי, אַז ער האָט געהייראַט אין שווייצאַריען?“

„איך האָב עפּעס געהערט וועגען דעם.“

„און דורך דער הייראַט האָט ער אַ געזעצליכען זוהן?“

„יע, אָבער ער איז געשטאָרבען.“

„ניין, ער לעבט.“

„ער לעבט?“

„ער לעבט.“

„ס'איז אונמעגליך.“

„ס'איז אמת, באַוויזען געוואָרען, מיט עדות, באַשטעטיגט.“

„אָבער אין דעם פּאַל ווערט זיין זוהן דער יורש פון דעם טיטול.“

„ער וועט ניט ווערען דער יורש.“

„פאַרוואָס?“

„ווייל ער האָט שוין געקראָגען די ירושה, ס'איז שוין נאָך אַלעמען.“

„שוין נאָך אַלעמען?“

„דרעהט אום אייער קאָפּ, לאָרד אורי, ער זיצט הינטער אייך אין דעם פּלאַץ פון די באַראָנען.“

לאָרד אורי האָט אומגעדרעהט די קאָפּ, אָבער גווינפּעלינס פּנים איז געווען פאַרשטעלט פון זיין וואַלד פון האָר.

„זעה“, האָט דער אַלטער געזאָגט, ניט זעהענדיג מעהר ווי די האָר. „ער האָט שוין אנגענומען די נייע מאָדע, ער טראָגט ניט קיין פּאַרוק.“

גרענטעם האָט גערעדט צו קאָלפּעפּער.

„אָט איז אַ יונג אריינגעפאַלען.“

„ווער?“

„דעוויד דירי מואר.“

„ווי מיינט איהר?“

און הענרי אווערקערק, גראַף פון גראַנטאַם, האָט דערצעהלט, יאהאַן באַראָן קאָלפּעפּער, פון דער אַדמיראַליטעט, דעם פּאַרמעט, די קאָמפּראַטשיקעס. די באַגעגעניש מיט דעם קאָמפּראַטשיקאָ אין סאַוט־

וואקער טורמע, און וועגן דעם וואָס די אַלע פאַקטען זענען אנגענומען געוואָרען פון דעם לאָרד קאַנצלער און דער קעניגין. דער איינשווערען און ענדליך דער ווערען א פּיער, ביי דער ערעפענונג פון דער זיצונג. אוןביידע האָבען זיך אנגעשטריינגט צו זעהען דעם פּנים פון דעם נייעם לאָרד, וועגען וועלכען עס איז אַזוי פיעל גערעדט געוואָרען. און וואָס איז געזעסען צווישען לאָרד פיצוואַלטער און לאָרד ארונדעל, אָבער מיט דעם זעלבען ערפאָלג וואָס לאָרד אורי און לאָרד אנאַסלי.

גווינפּעלין, צי דורך א צופאַל, צי דאָס איז פון פריער באַשטימט געוואָרען, איז געזעסען אין אַזא פּלאַץ, וואו עס איז געווען גענוג שאָטען אז מען זאָל איהם ניט קענען זעהען.

„וואו? וואו איז ער?“

דאָס איז געווען דער געשריי פון יעדען איינעם וואָס איז אנגעקומען, אָבער קיין איינער פון זיי האָט איהם גוט ניט געקענט זעהען, אייניגע וואָס האָבען גווינפּעלינען געזעהען אין דער גרינער קאַסטען, זענען געווען נאָך נייגעריגער, אָבער אומזיסט איז געווען זייער מיה. גווינפּעלין איז געווען ארומגעוויקעלט, ווי מען זאָגט, פון א גרופּע אַלטע און גלייכגילטיגע לאָרדען. גוטע מענשען וועלכע האָבען רומאַטיז, זענען ניט זעהר נייגעריג אויסצוהערען יענעמס מעשות.

זיי האָבען איינע די אנדערע איבערגעגעבען א בריעף פון דריי שורות, וואָס די הערצאָגין זשאָזיאַנע, האָט געשריבען, ווי עס ווערט געזאָגט, צו דער קעניגין איהר שוועסטער, אלס אן ענטפער צו דעם באַפעל פון דער קעניגין אז זי זאָל חתונה האָבען מיט דעם נייעם לאָרד. דער בריעף איז געווען ווי פאָלגט:

„מאַדאַם: דאָס געפעלט מיר זעהר. איך קען האָבען לאָרד דעווידען פאַר א געליעבטען.“ אונטערגעשריבען זשאָזיאַנא. אָט דער בריעף, אַז אמת'ער אדער א פאַלשער האָט אַלעמען באַגייסטערט.

איין יונגער לאָרד, קאַרל אקעמטאָן, באַראָן מאָהון, פון דער גרופּע וואָס האָבען ניט געטראָגען קיין פּארוקען, האָט דעם בריוועל געלייענט און נאָך אַמאָל איבערגעלייענט. ער איז פון איהם געווען גאַר באַגייסטערט. לואיס דוראַס אן ענגלענדער מיט פראַנצויזישען שכל, האָט געקוקט אויף מאָהאָנען און געשמייכעלט.

„נו,“ האָט לאָרד מוהאָן געזאָגט. „דאָס איז א פרוי וועמען איך וואָלט געהייראַט.“

און די שכנים פון די ביידע לארדען האבען געהערט דעם פאל־געגדען דיאלאג.

„היוראטען דער הערצאגין זשאזיאנא? לארד מאדאן?"

„פאר וואס ניט?"

„צום טייפעל."

„איינער וואלט געווען גליקליך."

„עס וואלטען געווען א סך איינערס."

„איז ניט איינער אלעמאל א סך?"

„איהר האט רעכט לארד מאהון, און דער פראגע פון ווייבער האבען מיר מענער אלע מאל דאס וואס אנדערע מענער האבען איבערגעלאזען. ווער האט ווען געהאט אן אנפאנג?"

„אדם ווארשיינליך."

„אפילו ניט ער."

„אמת, ס'איז געווען דער שלאנג."

„מיין גוטער יונג", האט געזאגט לואיס דוראס צום שלום. „אדם איז ניט מעהר ווי א געליענער נאמען. ער האט גענומען די גאנצע מענשליכע ראסע אויף זיינע פלייצעס. דער מאן איז געמאכט געווארען פון דער פרוי דורך דעם טייפעל."

הוגא טשאלמיי, א באדייטענדער אדוואקאט איז אויסגעפרעגט געווארען פון דעם ביסקופ, נאטאניעל קרו, וואס איז געווען א דאפעל־טער פיער, ער איז, ערשטענס געווען באראן קרו, און צווייטענס א גייסטליכער, דער ביכקופ פון דוראם.

„איז דאס מעגליך?" פרעגט קרו.

„אויב נאר ער האט דורכגעמאכט די געוועהנליכע פראצעדור."

„די איינשווערונג פון דעם נייעם לארד, איז ניט פארגעקומען אין דעם זאל פון דער הויז פון לארדען, אבער מען זאגט אז עס איז דא א פרעצידענט."

„יע, לארד בוטשאמפ, איז אזוי איינגעשווארען פון קארל דעם צווייטען, און לארד משעניי, אונטער עליזאבעט, ביידע זענען איינגעשווארען געווארען אויסערהאלב דער הויז."

„און לארד בראגיל אונטער קראמוועלען."

„קראמוועל רעכענט זיך ניט."

„וואס איז אייער מיינונג וועגען דעם?"

„אָה.“

„מיין לאָרד, גראַף פון טשאַלמיי, וואָס פאַר א ראַנג וועט דער יונגער לאָרד פערמיין קלאַנטשאַרלי האָבען אין דער הויז פון לאָרדס?“

„די רעפּובליקאַנער אונטערברעכונג, האָט איבערגעשטעלט אַלע ראַנגען, קלאַנטשאַרלי פאַרנעמט איצט דעם אַכטען פּלאַץ אין דער רייע צו רעדען אדער זאָגען זיין מיינונג.“

„ווירקליך! א פּאַיאַץ פון צירק.“

איך ווער פון דעם אינצידענט, אַלץ אַזעלכען, גאר ניט פארוואונדערט, די זאַכען פּאַסירען, אפילו נאָך ערגער. איז ניט די מלחמה פון די ראָזען ערקלערט געווארען ווען דער טייך אוז אין בעדפאָרד איז אויסגעטריקענט געווארען, דעם ערשטען יאנואר 1399? און איצט פארשטעהט, אויב א טייך קען אויסגעטריקענט ווערען, פארוואָס קען א לאָרד ניט זיין קיין מענש פון דער נידעריגער געזעלשאַפט? אוליי־סעס, דער קעניג פון איטיקאַ, האָט זיך באַשעפטיגט מיט אַלע סאָרטען האַנדעל, פערמיין קלאַנטשאַרלי איז געבליבען א לאָרד, אונטער דער מאַסקע פון א וואנדערענדען שפּילער. גראָבע געוואוינהייטען ריהרען ניט אָן די ריינקייט פון בלוט, אבער דאָס וואָס ער איז איינגעשווארען געווארען אויסערהאַלב דער זיצונג פון פּארלאמענט, טראָץ דעם וואָס דאָס איז געזעצליך, קען ארויסרופען פּראָטעסטען. מיין מיינונג איז אז מען דארף קומען צו א פערשטענדעניס וועגען דעם, אז מען דארף זעהען צו מיר וועלען קענען אויספרעגען דעם לאָרד־קאַנצלער וועגען דעם. אין א פּאָר וואָכען ארום וועלען מיר זעהען וואָס מיר האָבען צו [illegible]“

און דער ביסקופּ האָט צוגעגעבען:

„עס איז קיין אונטערשיד ניט, אזא פּאַל האָט נאָך ניט פּאַסירט זינט דעם גראַף געסבאַדוס.“

גווינפּעלין, דער מענש וואָס לאַכט, טאַדקאַסטער קרעטשמע, די גרינע קאַסטען, „דער צורונענער כאַאָס“, שווייצאַריען, די קאַמפּראַטשיקאַס, דער לעבען אין גלות, די מאַטערנישען, די רעפּובליק, דזשעפּרים, דזשיימס דער צווייטער, די פּלאַש וואָס איז געפּענט געווארען אין דער אדמיראַליטעט, דער פּאָטער לאָרד ליניי, דער געזעצליכער זוהן, לאָרד פערמיין, דער ממזר לאָרד דעוויד, דער מעגליכער קאַמף, די הערצאָגין זשאָרזיאַנאַ, דער לאָרד־קאַנצלער, די קעניגין —

אַט וועגען די אַלע זאַכען האָט מען זיך געהאַלטען אין איין שושקען, אַלע איינצעלהייטען האָט מען ארומגערעדט.

אַלע איינצעלהייטען פון דער פאַסירונג, האָבען פאַראורזאַכט דעם גערויש אין דעם זאַל, גווינפעלין האָט עטוואָס געהערט פון דעם גע־רויש, אָבער ער האָט גאָר ניט פאַרשטאַנען, ער איז די גאַנצע צייט גע־זעסען און איבערגעטראַכט די פּאַסירונגען פון דעם טאָג.

ער איז געווען אויפמערקזאַם, אָבער זיין אויפמערקזאַמקייט איז געווען אין דער טיף, דאָס וואָס פון אויבען אויף איז געווען האָט ער ניט באַמערקט. פון צופיעל אויפמערקזאַמקייט ווערט מען אַפּגעזונ־דערט.

די זיצונג ווערט אָבער ניט אונטערבראָכען פון אַ גערויש אין זאַל, זי ווערט פאַרגעזעצט, פונקט ווי דער שטויב שטערט ניט די סאָלדאַטען אין זייער מאַרשרוט. די ריכטער וואָס קומען אין דער אויבערשטער פּאַלאַטע פון פאַרלאַמענט, נאָר ווי צושויער, ווייל זיי האָבען ניט קיין רעכט צו רעדען, ביז מען פרעגט זיי ניט, האָבען פאַר־נומען זייער פּלאַץ געגען איבער די גייסטליכע. די דריי אויסלענדישע מיניסטאָרען האָבען אויך פאַרנומען זייער פּלאַץ, אַלע געדונגענע אַרויסהעלפער פון די פּיערען, האָבען פאַרנומען זייערע באַשטימטע פּלעצער. די מינדיעהריגע פּיערען האָבען פאַרנומען זייער פּלאַץ היג־טער דעם טראָן.

אין דעם יאָהר 1705, זענען די ניט דערוואַקסענע פּיערען געווען צוועלף אין צאָהל: האַנטינגטאָן, לינקאָן, דאָרסעט, וואָרוויק, באַט, בורלינגטאָן, דערווענטוואָטער, וואָס איז געשטאָרבען אַ טראַגישען טויט, לאַנגעוויל, לאָנסדייל, דאַדלי, וואָרדאָון קאַרטרעט. צווישען זיי זענען געווען אַכט גראַפען, צוויי וויסקאַנטען און צוויי באַראָנען.

יעדער לאָרד האָט שוין פאַרנומען זיין פּלאַץ, אויף די דריי רייען בּיינק.

כמעט ווי אַלע גייסטליכע זענען שוין געווען. די הערצאָגען זענען געווען גאָר צאָהלרייך, אָנפאַנגענדיג מיט קאַרל סיימור, הערצאָג פון סאָמערסעט, און ענדיגענדיג מיט געאָרג אויגוסטוס קורפירסט פון האַ־נאָווער, הערצאָג פון קיימברידזש. ער איז געמאַכט געוואָרען פאַר הערצאָג דער לעצטער, און דערפאַר איז ער אויך דער לעצטער אין ראַנג. אַלע זענען געזעסען אין דער רייע לויט זייער ראַנג: קאַוואַנ־

דיש, דער הערצאָג פון דעוואנשיר, וועמעס פאָטער האָט באהאלטען
האבסען צוויי און־ניינציג יאָהר אין הארדוויק. לענאָקס, הערצאָג פון
ריטשמאנד, די דריי פיטצראמ׳ס, דער הערצאָג פון סאוטעמפּטאָן,
הערצאָג פון גראפטען און דער הערצאָג פון נארטאמבערלענד: באָט־
לער דער הערצאָג פון סרמאָנט; סאמערסעט, הערצאָג פון ביפארד;
בוקלערי, הערצאָג פון סאנט טולבאנס; פאלעט, הערצאָג פון באלטאָן;
אסבארן, הערצאָג פון לידסי; ראיטסלו ראסעל, הערצאָג פון בעדפאָרד,
וועמעס ווערטעל איז אלע אומגליקען איז געווען „וואָס וועט זיין,
וועט זיין", דאָס הייסט זיך אונטערוואַרפען אונטער די אומשטענדען;
שעפילד, הערצאָג פון באקינגהאם; מאנערס, הערצאָג פון רוטלאנד און
נאָך אנדערע.

ניט געקומען זענען: האווארד, הערצאָג פון נארפאלק און טאל־
באָט, הערצאָג פון שרוסבערי. זיי זענען געווען קאַטאָליקען. עס האָט
אויך געפעלט: טשוויטשיל, הערצאָג פון מארלעבארא, וואָס איז אין
יענער צייט געווען אויף דער מלחמה, און האָט פראנקרייך געגעבען
קלעפּ. עס איז דאן נאָך ניט געווען קיין שאָטישער הערצאָג, קווינס־
בארא, מאנטראז און ראקסבארא זענען ערשט צוגעלאָזען געווארען
אין 1707.

---

## 27טער קאַפּיטעל

מיט אמאָל איז געווארען זעהר ליכטיג אין דעם זאָל. פיער דינער
האָבען אריינגעבראכט פיער גרויסע קאנדעלאברעס, וואָס זענען גע־
ווען אנגעפּאקט מיט וואקסענע ליכט. זיי האָבען די קאנדעלאבראס
אוועקגעשטעלט ביי ביידע זייטען פון דעם טראָן. דער טראָן, ווערענ־
דיג באלויכטען האָט געקראָגען דעם קאָליר פון א גלאַנציגען פּורפּור.
ער איז געווען ליידיג אבער גראנדיעז, ווען די קעניגין וואָלט אויף
איהם געזעסען וואָלט זי גאָרניט צוגעגעבען.

דער אשער פון דעם שווארצען שטאנג איז אריינגעקומען, ער האט זיין שטאנג געהאלטען אין דער הויך און ער האט אויסגערופען:
„מיינע לארדען, די פארטרעטער פון איהר מאיעסטעט.“
מיט אמאל איז געווארען שטיל.

א שרייבער מיט א פארוק און א לאנגע פאלערינע איז אריינגעקומען דורך דער גרויסער טיר, ער האט געהאלטען אויף זיינע הענט א קישען באצויגען מיט פורפור סאמעט. אויף דער קישען איז געלעגען פארמעטען. די פארמעטען זענען געווען געזעץ־פראיעקטען, צו יעדען איינעם פון די פראיעקטען איז געווען צוגעטשעפעט א באנד פון זייד אויף אנדערע פון גאלד.

נאך דעם שרייבער זענען נאכגעגאנגען דריי מענשען, זיי זענען געווען אנגעטאן אין מאנטלען פון פיערען, זייערע באפעדערטע היט זענען געווען אויף זייערע קעפ.

די מענשען זענען געווען די קעניגליכע פארטרעטער. דער ערשטער איז געווען דער לארד שאץ־מייסטער פון ענגלאנד, גאדאלפין; דער צווייטער איז געווען לארד פרעזידענט פון דעם געזעץ־ראט; — פעמברוק; דער דריטער איז געווען, לארד פון דעם קעניגליכען זיגעל, — נוקעסעל.

זיי זענען געגאנגען איינער נאכ'ן אנדערען, ווי דער מנהג איז געווען, נים לויט זייער ראנג און טיטול, נאר לויט דער וויכטיגקייט פון זייער שליחות. גאדאלפען איז געווען ערשט, און נוקעסעל דער לעצטער טראץ דעם וואס ער איז געווען א הערצאג.

זיי זענען צוגעגאנגען צו דעם טיש געגען דעם טראן, געמאכט א רעוועראנס צו דעם קעניגליכען שטול, אראפגענומען די היט און זיי אוועקגעלייגט אויף א זייט, זיך געזעצט ביי דעם טיש.

דער לארד־קאנצלער האט געקוקט אויפ'ן אשער פון דעם שווארצען שטאנג און צו איהם געזאגט:
„רופט די קאמאן צום געריכט.“
דער אשער פון דעם שווארצען שטאנג איז ארויס.

דער שרייבער, וואס איז געווען א שרייבער פון דער הויז פון לארדען האט אוועקגעלייגט אויפ'ן טיש די קישען אויף וועלכער עס איז געלעגען די געזעץ־פראיעקטען.

אן אונטערברעכונג האט געפאלגט. וואס האט געדויערט איניגע

מינוט, צוויי דינער האָבען ארייגעטראָגען א שטול און האָבען איהם אוועקגעשטעלט אויף דריי טרעפּ, פאר דעם טיש, דער שטול איז גע־ווען פון דונקעל רויטען סאַמעט באַשלאָגען פון גאָלדענע טשוועקעס.

די גרויסע טיר וואָס איז שוין פארמאַכט געווען, האָט זיך נאָך אַמאָל געעפענט, און א שטימע האָט אויסגערופען:

„די איבערגעגעבענע קאַמאַן פון ענגלאַנד.“

דאָס איז געווען דער אשער פון שווארצען שטאָנג. וואָס האָט געמאָלדען, אז די צווייטע הויז פון פארלאַמענט איז שוין דאָ.

די לאָרדען האָבען אנגעטאָן די הים.

די מיטגלידער פון דער הויז פון קאַמאַן, זענען ארייגעקומען, פאר זיי איז געגאַנגען דער פאָרזיצענדער, אלע מיט אָפּגעדעקטע קעפּ.

זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט פאר דעם טיש. זיי זענען געווען אנ־געטאָן אין געוועהנליכע קליידער, די מעהרסטע פון זיי, אין שווארצען מיט א שווערד ביים זייט.

דער פאָרזיצענדער, דער זעהר עהרענהאפטער זשאָן סמיט, קאַ־וועליער, פארטרעטער פון דעם אַנטאַוער באַצירק, איז ארויף צום שטול וואָס איז געשטאַנען אין מיטען ביים טיש, ער האָט געטראָגען א לאַנגען שווארצען מאַנטעל פון סאַמעט, מיט ברייטע ארבעל און בענדלאַך באַצירט מיט גאָלד פון פאָרענט און פון הינטען, און מיט א קלענערען פּארוק ווי דער לאָרד־קאַנצלער. ער איז געווען מאַיעסטעטיש אבער פון א נידעריגען שטאַנד.

אלע, דער פאָרזיצענדער און די מיטגלידער פון דער קאַמאַנס, זענען געשטאַנען מיט אָפּגעדעקטע קעפּ פאר די פּיערען וואָס זענען געזעסען, און געטראָגען זייערע הים.

צווישען די מיטגלידער פון דער נידעריגער הויז זענען באַקאַנט געווען, דער הויפּט ריכטער דזשאָזעף דזשעקעל, פלוס דריי אדוואָקאַ־טען פון איהר מאַיעסטעט. הופּער, פּיים, און פאַרקער. דזשיימס מאָנ־טאַגו, דער גענעראַל פּראָקוראָר און דער הויפּט אדוואָקאַט סימאָן האר־קוט. מיט דער אויסנאַם פון א פּאָר אונטער־באַראָנען און ריכטער, און ניין לאָרדען דורך העפליכקייט, הארטינגאָטן, ווינדזאָר, מאָודס־טאָק, מאַרדאָנט, גרענבײ, סקודעמאָר, פּיטסהאַרדינג, הייד און בערקלי זענען אלע געווען פון דעם פאָלק, א מין אומעדיגער און שווייגענדער וואָלקען.

ווען דער גערויש פון זייער אריינקומען איז שטיל געווארען, האט דער שרייער פון שווארצען שטאנג אויסגערופען: “Oyez.”

דער שרייבער פון דער קרוין איז אויפגעשטאנען, ער האט אויפ־געהויבען פאנאנדערגעוויקעלט און געלייענט דעם ערשטען פארמעט וואס איז געלעגען אויף דער קישען. דאס איז געווען א צושריפט פון דער קעניגין. מעלדענדיג וועגען איהרע פארטרעטער אין פארלאמענט וועלכע זענען —

דא האט דער שרייבער אויפגעהויבען זיין קול.

„סידני, גראף פון גאדאלפין.“

דער שרייבער האט זיך פארנייגט פאר דעם לארד גאלדאפין, לארד גאלדאפין, האט אויפגעהויבען זיין הוט, און דער שרייבער האט פארגעזעצט:

„טאמאס הערצערט, גראף פון פעמברוק און מאנטאגאמערי.“

דער שרייבער האט זיך פארנייגט פאר לארד פעמברוק, לארד פעמברוק האט אנגעריהרט זיין הוט, דער שרייבער האט פארגעזעצט:

„יאהאן האליס, הערצאג פון נוקעסעל.“

דער שרייבער האט זיך פארנייגט פאר לארד נוקעסעל, לארד נוקעסעל האט א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ.

דער שרייבער פון דער קרוין האט זיך אוועקגעזעצט. דער שריי־בער פון פארלאמענט איז אויפגעשטאנען, זיין ארויסהעלפער הינטער איהם,ביידע מיט'ן פנים צום טראן און מיט'ן הינטען צו די מיט־גלידער פון דער קאמאן.

אויף דער קישען איז געלעגען פינף געזעץ־פראיעקטען, די פינף פראיעקטען זענען אפגעשטימט געווארען אין דער קאמאן, גוט געהיי־סען געווארען פון די לארדען, מען האט נאר געדארפט די צושטימונג פון דער קעניגין.

דער שרייבער פון פארלאמענט האט געלייענט דעם ערשטען פראיעקט.

דאס איז געווען א באשלוס פון דער קאמאן, צו רעכענען דער רעגירונג די געלט וואס האט געקאסט פאר באצירונגען אין דעם קע־ניגליכען פאלאץ. די סומע האט באטראפען א מיליאן פונט שטער־לינג.

נאך דעם וו ידער שרייבער האט געענדיגט לייענען, האט ער זיך

טיעף פארנייגט פאר'ן טראָן, און האלב אויסדרעהענדיג זיין קאָפּ צו די מיטגלידער פון קאמאן האט ער געזאגט.

„די קעניגין עמפּפאנגט אייער געשאנק. אזוי בלייבט דאס."

ער האט אנגעפאנגען לייענען דעם צווייטען פּראָיעקט.

דאָס איז געווען א געזעץ פאראורטיילענדיג צו טורמע און געלט שטראף יעדען איינעם וואס וועט זיך ענטזאגען צו דינען אין דער בירגער מיליץ. די בירגער מיליץ איז אן אונבאצאהלטע ארמיי, וועלכע האבען אונטער דער קעניגין עליזאבעט, ביי דער אנקומען פון דער ארמאדא צונויפגעשטעלט אן ארמיי פון אכציג טויזענד פוס־געהער און פערציג טויזענד קאוואלעריע.

דער שרייבער האט נאך אמאל געמאכט א רעווערענס צום קעניגליכען שטול און דאן האט דעם שרייבערס ארויסהעלפער געזאגט צו די מיטגלידער פון קאמאן:

„די קעניגין שטימט צו."

דער דריטער פּראָיעקט איז געווען צו פארגרעסערען דעם איינקונפט פון די ביסקופּען ליטשפילד און קאווענטרי, וואס איז איינער פון די רייכסטע גייסטליכע אין ענגלאנד, צו פארמעהרען די קירכען געזעצע, „כדי" זאגט דער פּראָיעקט: „צו פארזארגען אונזער הייליגע רעליגיע."

דער פערטער פּראָיעקט איז געווען פאר נייע שטייערען פאר'ן בודזשעט. איינער אויף פּאפּיר, איינער אויף פּאָסט־קארטען, וואס האבען געדארפט זיין אכט הונדערט אין לאנדאן, און דער שטייער זאָל באטרעפען צוויי און פופציג פראנק א יאָהר פאר יעדער איינער. איינער אויף אדוואקאטען, שטאטס פּארוואלטער און פּראָקוראָרען. אכט און פערציג פראנק א יאָהר פארדינען איינעם. איינער אויף לעדער, איינער אויף זייף, איינער אויף וויין, אויף מעהל, אויף גרויפּען און האבער, וואס קען באנייט ווערען יעדע פיער יאָהר. „ווייל די נויטען פון דעם שטאט, שטעהט אין פּראָיעקט, וועט זיך רעכענען מיט דער אנטוויקלונג פון קאמערץ."

דער פינפטער פּראָיעקט האט פארבאָטען אריינצונעמען אין א שפּיטאָל יעדען איינעם וואס וועט נים קענען איינלייגען איין פונט שטערלינג פאר זיין בעגרעבעניש אין פאל ער שטארבט. די לעצטע

דריי פראיעקטען ווי די ערשטע צוויי זענען גוטגעהייסען געווארען פון דעם טראָן מיט די ווערטער, „די קעניגין שטימט צו.“

דאן האָט דער לאָרד קאנצלער זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט: „זאָל געטאן ווערען ווי עס איז אבגעשטימט.“

דערמיט האָט זיך געענדיגט די קעניגליכע זיצונג.

דער פארזיצענדער פון דער אונטערשטער הויז, האָט פארנויגענדיג זיך פאר דעם קאנצלער, אראָפּגעשטיגען הינטערוויילעכטס פון דעם שטול. אלע מיטגלידער פון דער קאמאן האָבען זיך טיף פארנייגט, אין דער צייט ווען די לאָרדען האָבען גענומען פארהאנדלען ווייטערדיגע פראגען, ניט אכטענדיג אויף זיי, זיי האָבען פארלאָזען דעם זאל.

---

## 28טער קאפּיטעל

די טירען זענען ווידער געווען פארמאכט, דער אשער פון דעם שווארצען שטאנג האָט ווידער פארנומען זיין פּלאץ, ביים טיר. די לאָרדען פארטרעטער פון דער קעניגין האָבען פארלאָזען זייערע ביז איצטיגע פּלעצער און האָבען פארנומען פּלעצער לויט זייער טיטול און ראנג, און דער לאָרד-קאנצלער האָט גענומען רעדען:

„מיינע לאָרדען, די הויז האָט זיך שוין פון עטליכע טעג פארנומען מיט דער באטראכטונג פון דעם פּראיעקט צו פארגרעסערען די געהאַלט אויף הונדערט און פופציג טויזענד פונט שטערלינג א יאהר. פון דעם פּרינץ, דער מאן פון דער קעניגין. די פראגע איז שוין דעבאטירט און געשלאָסען געווארען. איצט וועלען מיר דאס אפשטימען. שטימען וועט מען ווי דער מנהג איז, אנפאנגענדיג פון דעם איינגערען ברודער אויף דעם פּלאץ פון די באראנען. יעדער לאָרד, ווען זיין נאָמען ווערט אויסגערופען, ענטפערט „צופרידען“ אדער „ניט צופרידען“ און ער וועט האָבען א רעכט צו ערקלערען די אורזאכע פאר וואס ער

שטימט אזוי, אויב ער וועט דאָס פאַרלאַנגען. שרייבער רופט אוים צום שטימען."

דער שרייבער פון פאַרלאַמענט איז אויפגעשטאַנען, גענומען א גרויסען בוך, וואָס איז אויפגעהויבען געוואָרען אויף א געגילדעטען טישעלע, דאָס איז געווען דער בוך פון די פּיערען.

דער אינגערער ברודער פון דער הויז איז אין יענער צייט גע־ווען יאהאַן הארוויי, וועלכער איז געוואָרען א באַראָן אין דעם יאָהר 1703 און פון וועמען עס זענען שפּעטער ארויסגעקומען די מאַרקיזען פון בריסטעל.

דער שרייבער האָט אויסגערופען:

„מיין לאָרד, יאהאַן הארוויי."

אַן אַלטער מאַן אין א בלאָנדען פּאַרוק איז אויפגעשטאַנען און געזאָגט.

„צופרידען."

און ער האָט זיך צוריק אוועקגעזעצט.

דעם שרייבערס ארויסהעלפער האָט פאַרצייכענט זיין שטימע.

דער שרייבער האָט פאָרגעזעצט.

„מיין לאָרד פרענסים סיימור, באַראָן קאַנוויי פון קילטוטלא."

„צופרידען", האָט האַלב אויפהויבענדיג זיך געמורמעלט א יונ־גערמאַן וואָס האָט קיין אַהנונג ניט געהאַט אַז פון איהם וועלען ארויס קומען די מאַרקיזען פון הערטפאָרד.

„מיין לאָרד, יאהאַן לעוועסאָן, באַראָן גאָער," האָט דער שריי־בער פאָרגעזעצט.

דער באַראָן פון וועמען עס איז שפּעטער ארויסגעקומען די הער־צאָגען פון סוטערלאַנד איז אויפגעשטאַנען און זיך צוריק אוועקזע־צענדיג האָט ער געזאָגט:

„צופרידען."

דער שרייבער האָט פאָרגעזעצט.

„מיין לאָרד הענעג פינטש, באַראָן קורענסיי."

דער עלטער פאָטער פון דעם גראַף פון אַליספאָרד, ניט ווינציי־גער יונג און ניט ווינציגער עלעגאַנט פון דעם עלטער פאָטער פון די מאַרקיזען פון הערטעפאָרד איז אויפגעשטאַנען און אויסגעשריען:

„צוגעשטימט."

און ווען ער האָט פארנומען זיין פּלאַץ האָט דער שרייבער אויס־גערופען דעם פינפטען באראָן:

„מיין לאָרד יאהאן באראָן גרענוויל."

„צופרידען". ער איז אויפגעשטאַנען און זיך באַלד צוריקגעזעצט, דער טיטול פון לאָרד גרענוויל פון פּאַטרידזש האָט קיין צוקונפט ניט געהאַט, ער איז אָפּגעשטאָרבען אין 1709.

דער שרייבער האָט אויסגערופען דעם זעקסטען באראָן:

„מיין לאָרד מאַנטאַגו, באראָן האַליפאַקס."

„צופרידען," האָט געזאָגט לאָרד האַליפאַקס, און ער האָט צוגע־געבען:

„פּרינץ געאָרג פון דענעמארק, קריגט אַ געהאַלט ווי דער מאַן פון איהר מאַיעסטעט, ער קריגט נאָך איינעם ווי דער פּרינץ פון דענ־מארק, און נאָך איינעם אַלס דער הערצאָג פון קאַמבערלאַנד, און איי־נעם ווי דער לאָרד הויפּט אדמיראַל פון ענגלאַנד און אירלאַנד, אבער ער קריגט גאר ניט ווי אַ הויפּט גענעראַל. דאָס איז אונגערעכט, אַ סוף מוז קומען צו דער אונאָרדנונג, דאָס פאַדערט די אינטערעסען פון דאָס ענגלישע פאָלק."

לאָרד האַליפאַקס האָט באַדויערט די קריסטליכע רעליגיע, פאר־דאַמט דעם פּאַפּסט און געשטימט פאר דעם פּראָיעקט.

לאָרד האַליפאַקס האָט זיך אַוועקגעזעצט און דער שרייבער האָט פארגעזעצט.

„מיין לאָרד קריסטאָפער, באראָן בערנאַרד."

לאָרד בערנאַרד האָט זיך אויפגעשטעלט און אויסגערופען:

„צוגעשטימט."

און ער האָט זיך ווידער אַוועקגעזעצט.

אין דער צייט וואָס לאָרד בערנאַרד האָט זיך אַוועקגעזעצט, האָט דער שרייבער קוקענדיג אין בוך זיך אביסעל אָפּגעהאַלטען, ער האָט אָנגעטאָן די ברילען זיך נאָך אַמאָל איינגעקוקט און ענדליך אויסגערופען:

„מיין לאָרד פערמיין קלאַנטשארלי, באראָן קלאַנטשארלי פון הונקערוויל."

גווינפעלין איז אויפגעשטאַנען.

„ניט צוגעשטימט", האָט ער געזאָגט.

אַלע קעפּ האָבן זיך צו איהם אומגעדרעהט. גווינפּעלין איז געשטאַנען. די לייכטער וואָס זענען געשטאַנען אויףביידע זייטען פון דעם טראָן האָבן גוט באַלויכטען זיין פּנים, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק אין דער דונקעלהייט פון דעם זאַל, ווי אַ מאַסקע פאַר אַ הינטערגרונד פון רויך.

גווינפּעלין האָט אָנגעשריינגט זיין גאַנצע קראַפט, און מיט דער הילף פון אַ קאָנצענטרירטען ווילען, איז איהם געלונגען צו מאַכען זיין פּנים ערענסט פאַר אַ מאָמענט, פאַר אַ מאָמענט האָט זיין פּנים ניט געלאַכט, דאָס האָט לאַנג ניט געקענט אָנהאַלטען, אונגעהאַרכזאַמקייט צו אונזערע נאַטירליכע אדער אין געוויסע פעלע געקינסעלטע אייגענשאַפטען קענען לאַנג ניט אָנהאַלטען. די וואַסער פון דעם ים ווידערשטעהט צייטענווייז דעם גראַוויטאַציאָנס געזעץ, עס קלייבט זיך צוזאַמען אין אַ כוואַליע און פאַרמירט אַ באַרג, אָבער עס מוז באַלד צוריק אַראָפּפאַלען, אַזוי האָט גווינפּעלין געדאַרפט קעמפען. אין אַ מינוט ווען ער איז ערענסט, און מיט דער גאַנצער אינטענסיוויטעט פון זיין ווילען קען ער דאָס אויספיהרען, אָבער אויף ניט לענגער ווי די צייט וואָס פאַרנעמט דאָס דורכגעהן פון אַ בליץ. ער האָט איבערגעדעקט זיין פּנים מיט דעם ערענסטען וואוּאַל פון זיין נשמה; זיין אונהיילבאַרען געלעכטער האָט ער געצאַמט, פון דעם פּנים וואָס זיי האָבן פאַר איהם אויסגעשניטען האָט ער פאַרטריבען די פרעהליכקייט. ער איז נאָך מיאוסער געוואָרען.

„ווער איז דער מאַן?“ האָט מען פון אַלע זייטען אויסגעשריען.

אַן אונבאַשרייבליכער שוידער איז דורכגעלאָפען דורך אַלעמען. דער וואַלד האָר, די שוואַרצע גריבער אונטער די ברעמען, דער טיפער קוק פון די אויגען וואָס מען האָט ניט געקענט זעהען, דער ווילדער אויסזעהען פון דער קאָפּ, וואָס האָט אויף אַן אַבשטויסענדען אופן צוזאַמענגעמישט ליכט און שאָטען, איז געווען ערשטוינענד, דאָס האָט אַלץ איבערגעטראָפען. עס מאַכט ניט וואָס זיי האָבן פריהער געהערט פון גווינפּעלינען. עס איז געווען אַן אויסערגעוועהנליכע טהאַט, אפילו די וואָס האָבן געוואוסט וואָס זיי קענען ערוואַרטען האָבען דאָס ניט ערוואַרטעט. זאָל זיך דער לעזער פאָרשטעלען אַ בילד, אויף אַ באַרג וואו נאָר געטער געפינען זיך ביי דער סעודה אין אַ טיף בלויער נאַכט, וואו אַלע אַלמעכטיגע זענען פאַרזאַמעלט, שווימט אַרויס דער פּנים

פון פראמעטייאוס, אין גאנצען צוריסען און אויסגעפרעסען פון דער רויב־פויגעל, ווי א בלוטיגע לבנה אויף דעם האריזאנט. וואס פאר א ויזיא, אלט און יונג האבען געקוקט אויף גווינפעלינען מיט אפענע מיילער.

אן אלטער מאן וואס איז באליבט געווען ביי דער גאנצער הויז, איינער וואס האט א סך איבערגעלעבט און א סך געזעהען, און וואס איז באשטימט געווארען פאר א הערצאגטום. טאמאס, גראף פון ווארטאן, האט זיך אויפגעשטעלט און פול מיט שרעק האט ער אויסגעשריען:

„וואס באדייטעט דאס? ווער האט דעם מאן דא אריינגעלאזען. זאל ער גלייך ארויסגעפיהרט ווערען."

און חוצפה'דיג זיך ווענדענדיג צו גווינפעלינען, האט ער געפרעגט:

„ווער ביזטו? פון וואנען קומסטו?"

גווינפעלין האט געענטפערט.

„פון דער טיפעניש."

און צוזאמענלייגענדיג די הענט האט ער געקוקט אויף די לארדען.

„ווער איך בין? איך בין דער עלענד, מיינע לארדען, איך האב אייך עטוואס צו זאגען."

א שוידער איז דורכגעלאפען, גווינפעלין האט פארגעזעצט:

„מיינע לארדען. איהר זייט הויך, דאס איז גוט, מיר מוזען גלויבען אז גאט האט זיינע אורזאכען פאר דעם. איהר האט מאכט, רייכטום, פרייד, די זון איז באוועגלאז אין אייערע ספערען, איהר האט מאכט וואס איז אונבאגרענעצט, פרייד מיט קיינעם ניט צו טיילען, פון די ליידען פון אנדערע ווייסט איהר ניט. אבער עטוואס איז דא אונטער אייך און אפשר איבער אייך. מיינע לארדען איך קום דא אייך צו דערצעהלען א נייעס: „א מענשליכע ראסע עקזיסטירט."

פארזאמלונגען זענען ווי קינדער, פאסירונגען זענען ביי זיי ווי שפיעלצייג, און זיי האבען דאס אין דער זעלבער צייט ליעב און האבען מורא דערפאר, עס זעהט אוים צייטענווייז, ווי א ספרוזשינע וואלט זיך באוועגט און ווי א טייפעל וואלט פון א לאך ארויסגע־

שפּרונגען. אזוי איז געווען מיראבא אין פראַנקרייך, ער איז אויך א מיאוסקייט געווען.

אין דעם מאָמענט האָט גווינפּעלין געפיהלט אין איהם א מאָדנע ברייטקייט. א גרופּע מענשען צו וועמען איינער רעדט איז ווי א פּיר־ראמידע. ער שטעהט, אזוי צו זאָגען, אויף א בארג פון מענשליכע נשמות, ער פיהלט ווי מענשליכע הערצער ציטערען אונטער איהם. גווינפּעלין איז שוין מעהר ניט געווען דער מענש וואס איז אין די פריהעריגע אוועבדען, פאר א ווייל, געווען כמעט ווי געמיין. דער טשאד פון דער פלוצלונדיגער ערהויבונג וואס האָט איהם אונרוהיג געמאכט, האָט זיך אויסגעריינינגט, און ער האָט מיט אמאָל דערפיהלט ווי אלץ ווערט קלאָר ביי איהם, און אין דעם פּלאַץ וואו גווינפּעלין איז פון פוסטער גאוה פארפיהרט געוואָרען, האָט ער איצטער דערזעהן זיין פליכט.

געשרייען האָט מען געהערט פון אלע זייטען.

„הערט! הערט!"

דערווייל, מיט איבער מענשליכער קראפט, איינהאלטענדיג אויף זיין פּנים דעם ערענסט, דורך וועלכען די מאסקע פון געלעכטער האָט זיך געוואָלט דורכשפּאַרען, ווי א ווילדער פערד וואס האלט ביים אַרויסרייסען זיך, האָט ער פאַרגעזעצט:

„איך בין דער וואס קומט פון דעם אָפּגרונד. מיינע לאָרדען, איהר זייט די גרויסע און די רייכע. דאָס איז געפעהרליך. איהר פּראָפּיטירט דורך דער נאכט. אבער היט זיך, עס איז דאָ א גרויסע קראפט — דער פריהמאָרגען. דער פריהמאָרגען קען ניט אונטערגעהען. ער מוז קומען, ער קומט, און אין זיך טראָגט ער די אונפארמיידליכע ליכט פון טאָג. ווער וועט איהם פארווערען אַריינזעצען דער זון אין הימעל? די זון הייסט דאָס רעכט, איהר זייט פּריווילעגירט. היט זיך. דער אמת'ער באלעבאס פון הויז וועט באלד אָנקלאַפּען אין טיר, ווער איז דער פאָטער פון פּריווילעגיע? צופאל. ווער איז דער זוהן? באטרוג. ניט דער צופאל און ניט באטרוג וועלען בלייבען, א שלעכטער מאָר־גען איז פארביידע אָנגעגרייט. איך בין אייך געקומען וואָרנען, איך בין געקומען אייער גליק פארדאמען, ער איז געמאכט פון דאָס גליק פון אנדערע. מיינע לאָרדען, איך בין דער פארצווייפעלטער פאַר־טיידיגער, און איך פארטיידיג א פארלאָרענע זאך, די זאך וועט גאָט

געווינען, איך בין נים מעהר ווי די שטימע, די מענשליכע ראַסע האָט אַ מויל און איך בין דער געשריי, איהר זאָלט מיר אויסהערען, איך קום עפענען פאַר אייך, פּיערען פֿון ענגלאַנד, דעם גרויסען געריכט פֿון דאָס פֿאָלק, דער זעלבסט־הערשער, וואָס איז דער אָפּפער, דער פֿאַראורטיילטער וואָס איז דער ריכטער. אסך זאַכען האָב איך אייך צו זאָגען. די מאַסע וועגט מיר אָ. פּ. וואו זאָל איך אָנהויבען? איך ווייס ניט, איך האָב מיין באַשולדיגונגס־אַקט צונויפגעזאַמעלט אין דער גרויסער וועלט פֿון מענשליכע ליידען, וואָס זאָל איך מיט דעם טאָן? איך ווער צודריקט אונטער איהר שווערקייט. איך וואַרף אָן די מענשליכע ליידען אָהן אָרדנונג, וואו זאָל איך אָנפאַנגען? האָב איך דאָס פֿאַראויסגעזעהען? ניין, איהר זייט ערשטוינט, איך אויך. נעכטען בין איך געווען אַ פּאַיאַץ, היינט בין איך אַ לאָרד. אַ געוואַלדיגע שפּיל, פֿון וועמען? פֿון דעם אונבאַקאַנטען. לאָמיר זיך שרעקען מיינע לאָרדען, די גאַנצע גליק פֿון דער וועלט איז פֿאַר אייך, פֿון דער גרויסער וועלט האָט איהר בלויז די יום־טובים. דערוויסט זיך אַז עס איז אויך דאָ אַ שאָטען. צווישען אייך רופֿט מען מיר לאָרד פֿערמיין קלאַנטשאַרלי, אַבער מיין אמת'ער נאָמען איז דער נאָמען פֿון אַן אָרימאַן, גווינפּעלין, איך בין אַן אומגליקליכער מענש. וואָס איז אויסגעשניטען פֿון די שטאָף פֿון גרויסע, אומגליקליך האָט מיר אַ קעניג געמאַכט צוליעב זיין פֿאַרגעניגען, דאָס איז מיין געשיכטע. אסך פֿון אייך האָבען געקענט מיין פֿאָטער, איך האָב איהם ניט געקענט. אויף זיין פֿעאָדאַלען זייט ריהרט ער אייך אָן, איך האַלט זיך אָן זיין גלות־לעבען. וואָס גאָט האָט געטאָן איז גוט. מיר האָט מען אין אָפּגרונד אַראָפּגעוואָרפען. מיט וואָס פֿאַר אַ צוועק? כדי איך זאָל דעם אָפּגרונד זעהען. איך בין אַ שווימער און איך לאָז זיך אַראָפּ צום גרונד פֿון ים און ברייגג פֿון דאָרטען אַרויף פּערעל, אמת'ען. איך רעד ווייל איך ווייס, און איהר זאָלט מיר אויסהערען, מיינע לאָרדען. איך האָב אַלץ דורכגעלעבט, איך האָב אַלץ געזעהען. ליידען? ניין, דאָס איז ניט דער וואָרט, אָה, איהר גליקליכע. איך בין אויפגעוואַקסען אין אָרעמקייט, איך האָב געציטערט פֿון קעלט אין ווינטער, איך האָב געליטען פֿון פֿאַראַכטונג, איך האָב געליטען פֿון דער כאָלעריע, איך האָב געליטען פֿון שאַנדע. און איך וועל דאָס דאָ פֿאַר אייך אויסברעכען. איך האָב ניט אין גאַנצען געוואָלט אַז מען זאָל מיר דאָ וואו איך בין

איצט, ווייל איך האָב אנדערע פּליכטען אין אַן אנדער פּלאַץ, מיין הארץ איז מיט אנדערע מענשען. וואָס איך האָב איבערגעלעבט, דאַרף איך ניט אַרען, ווען דער מאַן, וועמען איהר רופט דער אַשער פון דעם שוואַרצען שטאַנג איז מיר געקומען נעהמען, אין דעם נאָמען פון דער קעניגין האָב איך דעם ערשטען מאָמענט, איהם געוואָלט ענטזאגען, אבער, ווי עס זעהט אויס, האָט מיר די אונזעהבארע האַנט פון גאָט מיר געפיהרט צו אייך, און איך האָב געפאָלגט, איך האָב דערפיהלט אז איך מוז זיין צווישען אייך, פאַר וואָס? צוליעב מיין אָרעמקייט פון נעכטען, איך האָב, דורך דעם ווילען פון גאָט, גע־לעבט צווישען די ליידענדע, כדי איך זאָל קענען רעדען צו די איבער־זעטיגטע. אָה, האָט רחמנות, איהר קענט ניט די פאַטאַלע וועלט צו וועלכע איהר מיינט, אַז איהר באַלאַנגט: איהר זייט אַזוי הויך, אַז מען רעכענט אייך אויסער איהר. איך וועל אייך דערצעהלען ווי זי זעהט אויס: איך ווייס דאָס פון ערפאַהרונג. איך בין איצט געקומען פון אונטער דעם דרוק, איך קען אייך דערצעהלען וויפיעל איהר וועגט. אָה, איהר הערשער, ווייסט איהר וואָס איהר זייט? זעהט איהר וואָס איהר טוט? ניין, אָה, ווי שרעקליך אַלץ איז. איין מאָל ביי־נאַכט, אַ שטורעמדיגע נאַכט, זעהר יונג, פאַרלאָזען, אַליין אין דער אונענדליכער וועלט, בין איך אַריין אין דער פינסטערניש, וואָס איהר רופט אַן געזעלשאַפט. די ערשטע זאַך וואָס איך האָב דערזעהען איז געווען דער געזעץ, אין דער פאָרמע פון אַ תליה, די צווייטע זאַך וואָס איך האָב דערזעהען איז געווען רייכטום, אייער רייכטום, אין דער פאָרמע פון אַ פרוי, אַ טויטע פרוי, טויט פון קעלט און הונגער: די דריטע איז געווען די צוקונפט אין דער פאָרמע פון אַ שטאַרבענדע קינד; דאָס פערטע איז געווען די גוטסקייט, דעם אמת די גערעכטיגקייט, אין דעם פערזאָן פון אַ וואַגאַבונד, וועמעס איינציגער פריינד און חבר איז געווען אַ וואָלף.“

אין דעם מאָמענט האָט גווינפּלין געפיהלט ווי ער איבערפילט מיט צערטליכקייט און טרערען וואַרגען איהם אין האַלז.

צוליעב דעם, עס איז שוידערליך צו דערצעהלען, האָט ער געמוזט אָנפאַנגען לאַכען.

אין אַ סעקונדע איז דאָס איבערגעגאַנגען אויף אַלע פאַרזאַמעלטע — אַ וואָלקען איז געהאַנגען איבער דער פאַרזאַמלונג, עס וואָלט אפשר

אויסגעבראכען אין א סקאנדאל, און עס האט אויסגעבראכען אין א געלעכטער, אז אויסברייטענדע משוגעת האט אלעמען ארומגענומען. א פארזאמלינג פון הערשער ווילען גאר ניט קיין בעסערע זאך ווי אמוזירט צו ווערען, און אויף דעם אופן האבען זיי זיך שוין אפגערעכענט פאר זייער ערענסטקייט.

א געלעכטער פון קעניגע איז עהנליך צו א געלעכטער פון געטער: עס האט שטענדיג אין זיך א טייל שלעכטסקייט, זיין שטשירען מיט די צייז האט נאך דעם געלעכטער שארפער געמאכט, זיי האבען געקלאפט מיט די הענט ווען ער האט גערעדט, זיי האבען איהם באליידיגט, ער איז באפאלען געווארען פון א שטורעם פון פרעהליכע אויסגעשרייען.

„בראווא, גווינפעלין! — בראווא, פאר דעם מענש וואס לאכט! בראווא, פאר דער גרינער קאסטען, בראווא פאיאץ פון טארינצו פעלד. — דו האסט אונז איצט געגעבען א פארשטעלונג. אזוי איז גוט! פלאפעל ווייטער, אט איז א פרעהליכער יונג, ווי גוט די חיה לאכט, צו געזונט פאר דעם לארד פאיאץ. רעד ווייטער, ניין! ניין! יע, יע.“

דער לארד קאנצלער איז געוועזן זעהר אונרוהיג.

א טויבער לארד, דזשיימס באטלער, הערצאג פון ארמאנד, האט געמאכט א טרובע פון זיין האנט און צוגעלעגט צו זיין אויער, ער האט געפרעגט ביי דעם הערצאג פון סאנט אלבאנס:

„ווי האט ער געשטימט?“

הערצאג סאנט אלבאנס האט געענטפערט:

„ניט צופריעדען.“

„איך מיין אזוי, מיט אזא אויסזעהען.“

קריג צוריק די אויבערהאנט אויף אן אנטלויפענדע מענגע — און פארזאמלונגען זענען מענגעס, — אויב דו קענסט. שעהן רעדען העלפט אביסעל, אויב דאס ביסעל איז ניט גענוג, שטורעמט די מענגע אויף ביז זיי זעצען אוועק דעם רעדנער, די צוהערער האבען דעב ־עדנער פיינט, די מענשען ווייסען דאס ניט, צו האלטען די לייצעב פעסט, מיינט מען, איז דער איינציגער מיטעל, און דאס איז א טעות. :ווינפעלין האט אויך געמאכט דעם פארזוך.

„אזוי!“ האט ער אויסגעשריען. „איהר באליידיגט ליידען. שטיל זאל זיין, פיערען פון ענגלאנד, ריכטערס. הערט זיך צו צו דעם גע־

בעט. אה, איך בעט אייך האָט רחמנות, רחמנות אויף וועמען? רחמנות אויף אייך אליין, ווער איז אין געפאהר? איהר. זעהט איהר ניט, אַז איהר זייט אויף אַ וואַגשאַל, אוּן אויף איין זייט ליגט אייער מאכט און אויף דער צווייטער אייער פעראַנטוואָרטליכקייט, גאָט יועגט אייך אה, לאַכט ניט, פאַרטראַכט זיך, אַט דער וויגען זיך פון גאָט׳ס וואָג איז דער ציטערען פון דעם געוויסען. איהר זייט ניט קיין פארברעכער, איהר זייט ווי אלע מענשען ניט בעסער און ניט ערגער, איהר מיינט, אַז איהר זייט געטער, ווערט מאָרגען קראַנק און איהר וועט זעהען ווי אייער געטליכקייט וועט ציטערן פון פיבער, מיר זענען אלע גלייך. איך ווענדע זיך צו עהרליכע מענשען, דאַ איז דאַ אַזעלכע, איך ווענדע זיך צו דער אידעאַליסטישער אינטעליגענץ, דאַ זענען אַזעלכע דאַ. איך ווענדע זיך צו די ברייטע נשמות, דאַ זענען אַזעלכע דאַ. איהר זייט פאַטערס, זיהן און ברידער, און אייערע גע־פיהלען ווערען אמאָל אַנגערירט. דער פון אייך וואָס האָט היינט גע־קוקט אויף זיין קינד שלאָפענדיג, איז אַ גוטער, הערצער זענען אלע גלייך. די מענשהייט איז ניט מעהר ווי אַ הארץ. צווישען די אונטער־דריקער און די אונטערדריקטע איז ניטאָ קיין אנדער אונטערשייד ווי די אומגעבונג וואו זיי געפינען זיך. אייערע פיס טרעטען איבער קעפּ, ס׳איז ניט אייער שולד, עס איז די שולד פון דער געביידע וואָס הייסט געזעלשאַפט, שלעכט געבויט, איין שטאָק צוקוועטשט דעם אַנדערען. הערט מיר אויס, וואָס איך האָב צו זאָגען. אה, אַזוי ווי איהר זייט מעכטיג, זייט ברידערליך. אַזוי ווי איהר זייט גרויס, זייט גוט. ווען איהר וואָלט נאָר געוואוסט וואָס איך האָב געזעהען. גאָט, וואָס פאַר אַ מאַטערניש אונטען איז! די מענשליכע ראַסע לעבט אין אַ קערצער, וויפיעל פאַראורטיילטע זענען אונשולדיג! עס פעהלט ליכט, עס פעהלט לופט, עס פעהלט טוגענד. זיי האָבען ניט, און זיי וואַרטען. שטעלט זיך פאַר זייער פאַרצווייפלונג. דאָס זענען מענשען וואָס לעבען אין טויט. קליינע מיידלאַך ווערען פּראָס־טיטוטקעס צו אכט יאָהר, און שטאַרבען אַלטערהייד ווען זיי זענען צוואַנציג, אין די טורמע מאַטערנישען, זיי זענען שוידערליך, איך רעד אביסעל צואוואַרפען און איך קלייב ניט מיינע ווערטער. איך זאָג דאָס וואָס איך קען זיך מאָמענטאַל דערמאָנען. נעכטען ערשט, האָב איך, וואָס שטעהט דאָ פאַר אייך, געזעהען אַ מענש אין קייטען

נאקעט מיט שטיינער אויף זיין בויך. ער איז אויסגעגאנגען פון דער מאטערניש. האט איהר דערפון געוואוסט? ניין, ווען איהר וואלט גע־וואוסט וואס עס פאסירט וואלט איהר ניט געוואגט גליקליך צו זיין. איז ווער פון אייך געווען אין נוקעסל אויף דעם טייך? דארט זענען די מענשען אין די מינען, וואס גריזשען קוילען, אום אפצונארען זייערע מאגענס. ווארט! אין דער פראווינץ לאנקאשיר, אין פון דער שטאדט ביבעלטשעסטער געווארען א דארף דורך הונגער, מיין מיינונג איז, אז דער פרינץ פון דענמארק דארף ניט קיין הונדערט טויזענט פונט שטערלינג א יאהר מעהר. איך וואלט בעסער אריינגענומען דעם אומ־גליקליכען אלטען מאן אין שפיטאל און ער זאל ניט דארפען באצאהלען פאר א באגרעבניש אין פאראויס. אין קארנאוואל, אין סטראטמאר אזוי ווי אין סטאטבריהאם זיינען די ליידען פון די ארימע שוידער־ליך, אין סטראטפארד קענען זיי ניט אויסטריקען די בלאטעס, ווייל זיי האבען ניט קיין געלט. די טוד־וועבערייען זענען פארמאכט אין גאנץ לאנקאשיר, אלץ איז אומעטום אפגעשטעלט. ווייסט איהר אז די הערינג פישער פון הארלעד, עסען גראז ווען זיי קענען ניט כאפען גענוג פיש? ווייסט איהר אז אין בורטען־לאזארם ווערען די קרעציגע פארפאלגט און געשאסען אויב זיי קריכען ארויס פון זייערע לעכער? אין אליסבארא, פון וואנען איינער פון אייך איז א לארד, איז די מגיפה א באשטענדיגע, אין קאווענטרי, וואו איהר האט איצט פאר־גרעסערט די קאטעדראלע און ווענעם ביסקופ איהר האט רייך געמאכט, האבען זיי ניט קיין בעטען אין זייערע ביידלאך, און זיי שלאפען אין גריבער, פון קינדווייז אז שלאפען זיי אין קברים. דאס האב איך אליין געזעהען. מיינע לארדען, ווייסט איהר ווער עס באצאהלט די שטייער פאר וועלכע איהר שטימט? די וואס געהען אויס. גאט, איהר נארט זיך אליין אפ, איהר זייט אויף א פאלשען וועג, איהר פארגרעסערט די ארעמקייט פון די ארעמע, כדי צו פאר־גרעסערן די רייכטום פון די רייכע, איהר דארפט טהאן דאס פאר־קעהרטע. וואס! נעמען פון דעם שווערען ארבייטער און געבען צו דעם ליידיג־געהער? נעמען פון די אפגעריסענע און געבען צו די פארפוצטע? נעמען פון די אויסגעהונגערטע און געבען צו א פרינץ? אה, יע, איך האב אביסעל פון די אלט רעפובליקאנער בלוט אין מיינע יידערען. איך שרעק זיך דערפאר. איך פאראורטייל קעניגע! און ווי

אונגווירדיג די פרויען זענען. א טרויעריגע געשיכטע האָט מען מיר דערצעהלט. אה, איך האָב קאַרל דעם צווייטען, א פרוי וועמען מיין פאָטער האָט ליעב געהאט האָט זיך איבערגעגעבען צו דעם קעניג — ווען מיין פאָטער איז געווען א פאַרטריבענער — די פּראָסטיטוטקע! קאַרל דער צווייטער, דזשיימס דער צווייטער. איינער איז גאָר נישט דער צווייטער אַן אינטריגאַנט. וואָס איז דען אַ קעניג? איינער וואָס איז שוואַך און צופּוילט און איז אַן אָפּפער פון קראַנקהאַפטיגקייט. וואָס איז דען דאָ נוטעס אין אַ קעניג? איהר שטאָפּט אַן דעם פּאַראזיט. איהר מאַכט אַן עלעפאַנט פון א ווארעם. האָט רחמנות אויף די אָרימע, איהר מאַכט די שטייערען שווער, צוליעב דעם קעניג, היט זיך מיט די געזעצען וועלכע איהר מאַכט. היט זיך פאַר די וועלכע איהר אונטערדריקט. לאָזט אראָפּ אייערע אויגען, קוקט ביי אייערע פיס. אַה, איהר גרויסע, דאָרט זענען קליינע, האָט רחמנות, יע, רחמנות אויף זיך אַליין, די מאַסען ליידען און די נידעריגע ווען זיי שטאַרבען, פאַראורזאַכען דעם טויט פון די הויכע אויך. טויט איז דער סוף וואָס קלייבט ניט פון קיין קלאַסען. ווען די נאַכט קומט קען קיינער ניט זעהען די ליכט פון טאָג. זייט איהר איגאָיסטען? טוט עטוואָס פאַר אַנדערע, ווען א שיף זינקט, קען קיינער ניט זיין גלייכגילטיג. דאָס האָב איך אויסגעפונען, דער אָפּגרונד איז פאַר אַלעמען.“

דער געלעכטער איז נאָך שטאַרקער געוואָרען.

נאָך אַלעמען איז בלויז זיין רחמנות בעטען געווען גענוג, אז די פאַרזאַמלונג זאָל זיך קייקלען פון געלעכטער.

עס איז ניטאָ קיין וועהטאָג וואָס ערנידעריגט מעהר, וואָס רופט אַרויס אַזאַ שטאַרקען כעס, ווי דאָס קאָמישע פון אויסענווייניג און דאָס טראַגישע אינווייניג. גווינפּעלין האָט דאָס איצט געפיהלט. זיינע ווערטער האָבען געוואָלט ווירקען אין איין זין, זיין פּנים האָט געווירקט פאַרקערט, א שוידערליכע לאַגע. מיט אַמאָל איז זיין קול געוואָרען האַרט.

„די מענער זענען לוסטיג, ס'איז גוט אַזוי. איראָני און ליידען שטעהען פנים אל פנים. דער סוף פון שפּאַט איז דער קאַמף פון טויט. זיי זענען אַלמעכטיג. עס איז אזוי, זאָל זיין אזוי. מיר וועלען זעהען. אה, איך בין איינער פון זיי. איך בין אויך איינער פון אייך, אה, איהר אָרימע! א קעניג האָט מיר פאַרקויפט, אן אָרימאַן האָט מיר גענומען.

ווער האָט מיר מיין פּנים אזוי געמאכט? א פּרינץ. ווער האָט מיר געהיילט און געשפּייזט? א האלב פארהונגערטער וואגאבונד. איך בין לאָרד קלאנטשארלי, אבער איך פארבלייב גווינפּעלין. איך בין מיט די גרויסע, אבער איך באלאנג צו די נידעריגע, איך בין צווישען די וואָס האָבען פארגעניגען און מיט די וואָס ליידען. אה, די געזעל־שאַפט איז א פאלשע, עס וועט קומען א צייט, ווען מיר וועלען האָבען אַן אמת'ע געזעלשאפט, דאַן וועלען שוין מעהר ניט זיין קיין לאָרדס. עס וועלען זיין פרייע, לעבעדיגע מענשען. עס וועלען שוין מעהר ניט זיין קיין הערען, עס וועלען זיין פאטערס. עס וועלען שוין מעהר ניט זיין קיין שלעכטס, קיין אונוויסענהייט, קיין חיות, קיין קעניג, קיין הויף־מענשען, קיין לאַקייען — ליכט! אבער דערווייל בין איך דא, איך האָב א רעכט און וועל דאָס אויסנוצען. איז דאָס א רעכט? ניין, אויב איך נוץ דאָס אויס פאַר זיך. יע, אויב איך נוץ דאָס אויס פאר אנדערע, איך וועל רעדען צו די לאָרדען, אויב איך בין שוין יע איינער פון זיי. אה, מיינע ברידער פון הינטען, איך וועל זיי דער־צעהלען פון אייערע ליידען, איך וועל זיך אויפהויבען מיט א פּאַק שמאַטעס פון פאָלק, אין מיין האנט, און איך וועל אויסשאָקלען די ליידען פון די שקלאַפען אויף די קעפ פון די הערען, און זיי, די גליק־ליכע און צופרידענע, וועלען שוין קיין מאָל פון דער ערינערונג ניט קענען פטור ווערען. און זיי וועלען געריינינגט ווערען, זיי, די פּרינצען פון דעם שמערץ פון די אָרימע, און ערגער וועט זיין פאר זיי, אויב זיי זענען ווערים, און ערגער וועט זיין פאר זיי ווען זיי וועלען אריינ־קומען צו די לייבען."

גווינפּעלין האָט דערזעהען ווי די אונטערשרייבער שטעהען אויף זייערע קניה און שרייבען. (די אונטערשרייבערס האָבען זיך אין דער אנוועזענהייט פון די לאָרדען ניט געטאָרט זעצען).

„וואָס פאר א מענשען זענען די דאָרטען וואָס שטעהען אויף די קני? וואָס טוט איהר דאָרטען? שטעהט אויף, איהר זייט מענשען!"

דער ווענדען זיך צו די נידעריגע מענשען, וועמען א לאָרד דאַרף אפילו ניט באמערקען, האָט נאָך צוגעגעבען צו זייער פרייד. פריהער האָבען זיי געשריען „בראוואָ!" איצט האָבען זיי געשריען „הורא!" פריהער האָבען זיי געקלאַפּט מיט די הענט, איצט האָבען זיי גענומען טופּען מיט די פיס. מען האָט געקענט מיינען, אז מען געפינט זיך

אין דעם גרינעם קאַסטען, נאָר דער אונטערשייד איז געווען וואָס אין
־עם גרינעם קאַסטען איז דער געלעכטער געווען אַ לויב פאַר גווינפּע־
לינ׳ען און דאָ אַן ערנידערונג. די פאָלגע פון אַפּלאַכען איז צו טוי־
טען, דער געלעכטער פון מענשען טוט צייטענווייז, אַלץ וואָס נאָר
מעגליך איז צו טויטען.

דער געלעכטער איז געוואָרען אַ געפעהרליכער. וויצען האָבען זיך
געשאָטען פון אַלע זייטען. די נאַרישקייט פון פאַרזאַמלונגען קען מען
זעהען אין זייער וויץ. זייער טעמפּער און נאַרישער געלעכטער, ווישט
אָפּ די פאַקטען, אַנשטאַט זיי צו אונטערזוכען, און פאַרדאַמט פראַגען
אַנשטאַט לייזען זיי. אַ פּאַסירונג איז אַ פראַגע־צייכען, צו לאַכען
דערפון איז ווי לאַכען פון אַ רעטעניש. דער ספינקס וואָס לאַכט ניט,
פאַרשטעהט דאָס ניט.

ווידערשפּרעכענדע אויסגעשרייען האָט מען געקענט הערען:

„גענוג, גענוג, נאָך, נאָך אַביסעל!"

וויליאַם פאַרמער. באַראָן לימפּסטער, האָט אויפגעוואָרפען גווי־
פּעלינ׳ען וואָס ריי־קווינסי האָט אויפגעוואָרפען שעקספּיר׳ן.

„וואַנדערענדער שפּילער".

לאָרד וואוגאַן, דער ניין און צוואַנציגסטער אויף דעם באַנק פון
באַראָנען האָט אויסגעשריען:

„אַט זענען מיר צוריק אין דער צייט ווען חיות האָבען געקענט
רעדען, צווישען מענשליכע מיילער רעדט אַ חיה׳שע."

„הערט זיך צו צו בלעמ׳ס עזעל" האָט צוגעגעבען לאָרד יאַרמוט.

„דער ווידערשפּעניגער ליניי ווערט באַשמוצט אין זיין קבר, דער
זוהן איז די שטראָף פון דעם טאַטען." האָט געזאָגט לאָרד אַהו, בישאָפּ
פון ליכטפילד און כאָווענטרי.

„ער זאָגט אַ ליגען!" האָט געזאָגט לאָרד טשאָלמיי, דער באַ־
ריהמטער יוריסט. „וואָס ער רופט אַן מאַטערניש איז בלויז דער גו־
טער וועהטאָג, אין ענגלאַנד איז ניטאָ קיין מאַטערניש."

טאָמאַס ווענטוואָרט, באַראָן ראַבי האָט זיך געווענדעט צום
קאַנצלער:

„מיין לאָרד קאַנצלער, לייזט אויף די זיצונג."

„ניין, ניין, ניין, זאָל ער פאַרזעצען, ער אַמוזירט אונז, הוראַ! היפּ! היפּ! היפּ!"

אַזוי האָבען געשריען די יונגע לאָרדען, זייער פרייד איז געווען אַ פייערדיגע, ספּעציעל פיער זענען געווען אין דער העכסטער שטופע פון פרייד און האַס. דאָס זענען געווען לאָרענס הייד, גראַף פון ראָטשעסטער. טאָמאַס טופטאַן, גראַף פון טאַנעט, און דער וויסקאַונט האַטען, און דער הערצאָג מאָנטאַגו.

„אין דיין קאַנורע אַריין, גווינפּעלין!" האָט געזאָגט ראָטשעסטער.

„אַראָפּ מיט איהם, אַראָפּ מיט איהם, אַראָפּ מיט איהם." האָט אויסגעשריען טאַנעט.

וויסקאַונט האַטען האָט אַרויסגענומען אַ פּעני פון זיין קעשענע און דאָס אַ וואָרף געטאָן אויף גווינפּעלינען.

און יאָהאַן קאַמבעל, גראַף פון גרינוויטש: סאַוועדזש, גראַף פון ריווערס: טאָמסאָן, באַראָן העווערשאַם: וואַרינגטאָן, עסקריק, ראַלעסטאָן, ראָקינגהאַם, קאַרטערעט, לאַנגדייל, באַרקעסטער, מאַניאַרד. האָדסאָן, קאַווענדיש, בורלינגטאָן, ראָבערט דאַרסיי, גראַף האָלדערנעס, אָטער ווינדזאָר, גראַף פון פּליימוט — האָבען אַפּלאָדירט.

גווינפּעלין האָט גערעדט, אָבער אין טומעל האָט איהם קיינער ניט געהערט. די איינציגע צוויי ווערטער וואָס מען האָט געקענט הערען איז געווען: „היט זיך!"

ראַלף, הערצאָג פון מאָנטאַגו, וואָס האָט ניט לאַנג צוריק געענדיגט אָקספאָרד אוניווערזיטעט, און ביי איהם האָט זיך נאָך ניט גוט צוּוואַקסען די וואָנסען, האָט זיך אויפגעהויבען פון דעם פּלאַץ וואו ער איז געזעסען, דער נייַנצעהנטער צווישען די הערצאָגען, און האָט זיך מיט פאַרלייגטע הענט אַוועקגעשטעלט געגען גווינפּעלינען. און אַ מעסער איז אַלעמאָל דאָ אַ ווינקעל וואָס שנייט מעהר ווי אַנדערע טיילען, און אַ וואָרט, אַ שטימע, אַ באַטאָנונג פון אַ וואָרט, וואָס באַליידיגט מעהר ווי די אַנדערע, מאָנטאַגו האָט זיך אַוועקגעשטעלט געגען איהם און לאַכענדיג איהם גלייך אין פּנים, האָט ער מיט אַזאַ טאָן צו איהם אויסגעשריען:

„וואָס זאָגסטו?"

„איך זאָג נביאות“ האָט גווינפּלען געענטפערט.

דער געלעכטער האָט איבער א נייס אויסגעבראָכען. און אונטער דעם געלעכטער האָט געקאָכט א כעס. איינער פון די מינדיעהריגע פּיערען: ליאָנעל גראַנדפילד, גראַף פון דארסעט און מיטעל עסעקס, האָט זיך געשטעלט מיט די פיס אויף זיין שטול און מיט אַן ערענסטען פּנים, ווי עס פּאַסט א צוקונפטיגען געזעץ מאכער, און ניט זאָגענדיג קיין וואָרט, האָט ער געקוקט גווינפּלינען גלייך אין פּנים, און האָט געקוועטשט מיט די אַקסלען, קוקענדיג אויף איהם, האָט זיך דער בּיס־קוף פון סאַנט אספא. איינגעבויגען צו דעם אויער פון דעם ביסקוף פון סאַנט דעוויד, וואָס איז געזעסען ביי זיין רעכטער זייט און אָנ־ווייזענדיג אויף גווינפּלינען האָט ער געזאָגט: „קוקט אַן דעם תם“ און אָנווייזענדיג אויף דעם יונגען לאָרד, האָט ער געזאָגט: „קוקט אַן דעם חכם“.

ווידערשפּרעכענדע אויסגעשרייען האָט מען געהערט דורך דעם טומעל — „מאנסטער, וואָס באַצוועקסטו דאָ? — א באַליידיגונג, ער באַליידיגט די הויז! — וואָס פאַר אן אויסנאַהם איז דער מענש? — שאַנדע, שאַנדע, — ענדיגט די זיצונג, — ניין, זאָל ער ענדיגען, — רעד, פּאַיאַץ!“

לאָרד לואיס פון דוראַס האָט אויסגעשריען, „אַה, ווי גוט עס איז צו לאַכען! מיין ספּלין איז אויסגעהיילט. איך שלאָג פאַר מיר זאָלען איהם אָפּשטימען א דאַנק מיט די פאָלגענדע ווערטער: די הויז פון לאָרדען, שיקט איבער א דאַנק דער גרינער קאַסטען.“

גווינפּלען, ווי דער לעזער וועט זיך ערינערען, האָט ערוואַרטעט אַן אַנדער אויפנאַהמע.

יעדער איינער וואָס איז ווען געגאַנגען אין טיפע טרוקענע זאַמד, וואָס האָט ווען געקלעטערט אויף אַ גליטשיגען סלופּ איבער א שווינד־לענדע הויך, וואָס האָט געפיהלט ווי זיין לעצטער אַנהאַלט פאַר־שווינדעט פון איהם, די הענט, די קני, די פיס, וואָס גליטשען זיך אַראָפּ אַנשטאַט אַרויף אין דעם געפעהרליכען אַפּגרונד, ער גליטשט זיך, זינקט אַראָפּ, אַנשטאַט אַרויף שטייגען העכער, דער וואָס האָט אַזוי געפיהלט, האָט איבערגעלעבט דאָס וואָס גווינפּלען האָט איצט איבערגעלעבט.

ער האט געפיהלט ווי די ערד וואקעלט זיך הינטער איהם. און זיינע צוהערער זענען דער שפיץ פון דעם אפגרונד.

אלע מאל געפינט זיך איינער וואס זראגט ארויס א פראזע, וואו אלץ איז רעזומירט.

לארד סקארסדייל האט אין זיין אויסגעשריי רעזומירט וואס אלע אין דער פארזאמלונג האבען געפיהלט.

„צו וואס איז דער מאנסטער דא געקומען?"

גווינפלען האט זיך צוזאמענגעצויגען און פול מיט פאראכטונג האט ער געקוקט אויף זיי.

„צו וואס איך בין דא געקומען? איך בין דא געקומען צו זיין שרעקליך, איך בין א מאנסטער, זאגט איהר, איך בין דאס פאלק. בין איך אן אויסנאהם? ניין, איך בין די גאנצע וועלט. איהר זייט די אויסנאהם, איהר זייט דער חלום, איך בין די ווירקליכקייט, איך בין א מאן. איך בין דער שרעקליכער מענש וואס לאכט. וואס לאכט פון וואס? פון אייך, פון זיך אליין, וואס איז זיין געלעכטער? אייער פארברעכען און זיין מאטערניש, דעם פארברעכעןווארפט ער אייך אין פנים, מיט דער מאטערניש שפייט ער אויף אייך. איך לאך, דאס הייסט איך וויין."

ער האט זיך אפגעשטעלט, זיי זענען שטיל געווארען, דער געלעכטער האט נאך אנגעהאלטען, נאר אויף די נידעריגע טענער. ער האט געמיינט אז ער האט באנייט די אויפמערקזאמקייט, ער האט אפגעאטעמט און ווייטער גערעדט.

„דער געלעכטער וואס ליגט אויף מיין פנים, איז ארויפגעלייגט געווארען פון א קעניג, דער געלעכטער דריקט אויס אוניווערזאלע איינזמאקייט: — דער געלעכטער מיינט, האס, איינגעהאלטענע רוד היגקייט, צארן, פארצווייפלונג — דער געלעכטער איז די פאלגע פון מאטערניש — דער געלעכטער איז אן ארויפגעצוואונגענער. אויב דער טייפעל וואלט געהאט דעם געלעכטער, וואלט ער פארדאמט גאט. אבער דאס אייביגע איז ניט ענליך צו דאס שטערבליכע. זייענדיג דער אלמעכטיגער, איז ער יושר'דיג: גאט האט פיינט די טהאטען פון די קעניגע. אה, איהר האלט מיר פאר אן אויפנאהם! איך בין דער סימבאל, אה, אלמעכטיגע ווערים וואס איהר זייט, עפענט אויף אייערע אויגען. איך בין די פארקערפערונג פון אלצדינג, איך שטעל פאר מיט

זיך די מענשהייט ווי די הערען האבען איהר געמאכט. וואס מען האט מיר געטהאן, האט מען אויך די מענשליכע ראסע געטהאן. זיי האבען צוקאליעטשעט, רעכט, גערעכטיגקייט, אמת, שכל, פארשטאנד, ווי זיי האבען צוקאליעטשעט, רעכט, גערעכטיגקייט, אמת, שכל, פארשטאנד, ווי זיי האבען צוקאליעטשעט מיינע אויגען. אויערען און נאז, ווי אין מיר האבען זיי אויך אין דער מענשליכער ראסע, געמאכט א ברונעם פון האס, פון שמערץ, און אויפ'ן פנים א מאסקע פון צופרידענהייט. וואו דער פינגער פון גאט איז אוועקגעלעגט געווארען, איז געקומען די לאפע פון דעם קעניג. אונגעהויערער אבערגלויבען. ביסקופען, פיערען, פרינצען, דאס פאלק איז דער גרויסער ליידענדער וואס לאכט לפנים. מיינע לארדען איך זאג אייך אז איך בין דאס פאלק. היינט אונטערדריקט איהר מיך, היינט לאכט איהר פון מיר, אבער די צוקונפט איז דער צוגעהענדער אייז, דאס וואס איז געווען א שטיין ווערט א כוואליע, דאס וואס זעהט אויס ווי פארפרארענע אייז וועט איבערפליסען דעם ברעג, איין שפאלט און צו אלץ וועט נעהמען א כוף. די צייט וועט קומען ווען אייער אונטערדריקונג וועט קאנוואולסיוו איבערגעבראכען ווערען, ווען אייער געלעכטער וועט באגעגענט ווערען פון א דונער. די צייט איז שוין דא, די שטונדע האט שוין געשלאגען, דו, אה, מיין פאטער ביזט געווען פון דער צייט. די שטונדע פון גאט איז געקומען און מען האט איהר גערופען רעפובליק: עס איז אונטערדריקט געווארען, זי וועט זיך אבער אומקערען. דערווייל געדיינק, אז די רייהע פון קעניגע, באוואפענט מיט שווערדען איז אונטערבראכען געווארען פון קראמוועלען. וואס איז געווען באוואפענט מיט א האק. ציטערט. דער סוף קומט אן, די נעגעל וואס מען האט אפגעשניטען, וואקסען צוריק ארויס, די צונגען וואס מען האט אויסגעשניטען, ווערען פארוואנדעלט אין צונגען פון פייער, צואווארפען פון ווינד, שרייען זיי אין דער אונענדליכקייט: די, וואס זענען הונגעריג ווייזען זייערע ציין. דער גן־עדן וואס איז געבויט אויף דעם גיהנום וואקעלט זיך. מענשען ליידען, מענשען ליידען, מענשען ליידען און דאס וואס עס איז פון אויבען בייגט זיך, און דאס וואס איז פון הונטען גענעצט. די פינסטערניש וויל פארביטען ווערען אויף ליכט. די פאראורטיילטע טראכטען פון די אויסערוועהלטע, דאס פאלק קומט. איך זאג אייך אז די מענשען געהען, דער

סוף פאנגט זיך אָן, דאָס איז דער רויטער זונען־אויפגאַנג פאַר א קאַ־
טאַסטראָפע — דאָס איז אין דעם געלעכטער פון וועלכען איהר לאַכט.
לאָנדאָן איז אייביג יום־טוב׳דיג? צוגעגעבען, ענגלאַנד פרעהט זיך?
יע, אבער הערט, אלץ וואס איהר זעהט איז איך, איהר האָט יום־
טובים, דאָס איז מיין געלעכטער, דאָס פאָלק איז פול מיט פרייד דאָס
איז מיין געלעכטער, איהר האָט חתונות, שמחות, קראָנאַציעס, —
דאָס איז אלץ מיין געלעכטער, ביי אייך ווערען געבאָרען פּרינצען —
דאָס איז מיין געלעכטער. איבער אייך איז דער דונער — דאָס איז
אויך מיין געלעכטער."

ווי קען מען זיך איצט איינהאַלטען? דער געלעכטער האָט זיך
ווידער אָנגעפאַנגען, דעם מאָל שטאַרקער ווי די פריהעריגע געלעכ־
טערס. פון אלע לאַוואָס, וואָס פליהען ארוים פון דעם פייער־שפייענ־
דען בארג, די מויל, איז דער געלעכטער, דער ערגסטער. קיינער קען
ניט ביישטעהן דעם נסיון צו מאַן שלעכטס שפּאַסענדיג,
מענשען, ווען זיי קומען זיך נאָר צוזאַמען, צו ווי א
מענגע, צו ווי א פאַרזאַמלונג, האָבען גלייך דעם תליון צווישען
זיך, סאַרקאַזם. קיין אינקוויזיציע קען אזוי ניט מאַטערען דעם מענ־
שען, ווי דער שפּאַס. די מאַטערניש האָט גווינפּלען איצט געפיהלט.
די פרייד איז פאַר איהם געווען ווי ער וואָלט פאַרוואָרפען געוואָרען
מיט שטיינער. ער איז געווען ווי א ציעל אין וועלכען מען שיסט, זיי
האָבען געקלאַפּט מיט די הענט, געטופּעט מיט די פיס, אויפגעשפּרונ־
גען; זיי האָבען געוואָלט ער זאָל דאָס איבער׳חזר׳ען. זיי האָבען זיך
איינע די אַנדערע אָנגעכאַפּט און געטאַנצט. די ערענסטקייט און גלאַנץ
פון דעם פּלאַץ האָט ניט געהאָלפען, די לאָרדען האָבען געלאַכט, די
גייסטליכע האָבען געלאַכט, די ריכטער האָבען געלאַכט. ביי די אַלטע
איז אויסגעגליכען געוואָרען די קנייטשען, ביי די יונגע איז געוואָרען
קנייטשען. דער ארצביסקופּ פון קאַנטאבארי, האָט מיט׳ן עלענבויגען
געשטורכעט דעם ארציביסקופּ פון יאָרק, הענרי קרעמטאָן דער ביס־
קופּ פון לאָנדאָן, א ברודער פון דעם גראַף פון נאָרטעמפּטאָן, האָט
זיך געהאַלטען ביי די זייטען. דער לאָרד קאַנצלער האָט אַראָפּגעלאָזען
זיין קאָפּ, וועלענדיג באַהאַלטען דעם לוסט צו לאַכען, די סטאַטוע פון
רעספּעקט, דער אשער פון דעם שוואַרצען שטאַנג, האָט געלאַכט.

גווינפּלען איז געוואָרען בלייך. ער האָט זיינע הענט צוזאַמענ־

געלייגט אויפ'ן ברוסט, און אַרומגערינגעלט פון די אַלע יונגע און אַלטע פּנים'ער, אויף וועלכע עס איז געלעגען אויסגעגאָסען די גרויסע פרייד, און אין דעם מומעל פון געלעכטער, הענט־קלאַפּעריי, טופּענ־דיג מיט די פיס, פון וועלכען ער איז געווען דער מיטעלפּונקט, אין מיטען פון דער אונגעהייערער פרייד, איז אין זיין האַרץ א קבר וע־וועז, אַלץ איז שוין פאַריבער, ער קען שוין מעהר זיין פּנים ניט קאָנטראָלירען, און זיינע צושויער אויך ניט.

קיינמאָל איז נאָך דער אייביג פאַטאַלער געזעץ, די פאַרבינדונג פון דאָס קאָמישע און ערענסטע, געלעכטער מיט טרערען, פּאַראַדי, און פאַרצווייפלונג, דער ווידערשפּרוך פון דאָס וואָס זעהט אויס און דאָס וואָס איז, אויסגעבראָכען אין אַזאַ שטורעם. קיין מאָל איז נאָך שאַרפער ניט באַלויכטען געוואָרען די מענשליכע נאַטור.

גווינפּעלין איז געווען א צושויער צו זיין אייגענעם פאַלען, דורך אַז אויסברוד פון געלעכטער. העלפען האָט מען ניט געקענט. מען קען נאָך אמאָל אויפשטעהן ווען מען פאַלט, עס איז אָבער שווערער אויפ־צושטעהען, ווען מען ווערט אויסגעלאכט. דער זינלאָזער שפּאָט מאכט איהם צום נאַר. איצט קען ער שוין גאָר ניט טאָן. ער קען שוין די פאַר־זאמלונג ניט איינשטילען. דאָס וואס איז געווען א טריאומף אין דער גרינער קאסטען איז געוואָרען א קאַטעסטראָפע דאָ אין דער הויז פון לאָרדס, און אַפּלויז דאָרט איז א קללה דאָ, ער האָט געפיהלט פּונקט דאָס פאַרקערטע פון זיין אויסזעהען. אויף דער זייט פון דער מאַסקע האָבען די מענשען געהאט פאַרגעניגען פון איהם, אויף יענער זייט האָבען זיי איהם פיינט געהאט. זיי האָבען געהאט פאַרגעניגען פון גווינפּעלינען און האָבען געהאסט לאָרד פערמיין קלאַנטשאַרלי, ער האָט געפיהלט ווי ער וואָלט געשטאָכען געוואָרען דורך דער פּלייצע. דער מזל אונזערער גיט אונז אונערוואַרטעטע קלעפּ. שפּעטער וועט יאַלץ ערקלערט ווערען, אבער דער ווייל איז דער שיקזאַל פאַרעטע־ריש. ער האָט ערוואַרטעט צו שטייגען, דער געלעכטער האָט איהם אַראָפּגעשלעפּט, עס איז דאָ א טרויעריגע פראַזע „זיך אויסניכטערען. גווינפּעלין האָט זיך פאַרטראַכט.

דער געלעכטער איז מיט'ן פלוס, א פרעהליכע פאַרזאַמלונג איז ווי א שיף וואָס האָט פאַרלאָרען דעם קאָמפּאַס, זיי האָבען שוין מעהר

ניט געוואוסט וואו זיי געהען, אָדער וואו זיי זענען. איצט האָט מען שוין געמוזט שליסען די זיצונג.

דער לאָרד קאַנצלער „צוליעב דעם אינצידענט" האָט אָפּגעלייגט די פאַרזעצונג פון דעם אָפּשטימען ביז מאָרגען. די לאָרדען האָבען גע־מאַכט זייער רעווערענס צום קעניגליכען שטול און האָבען פאַרלאָזען דעם זאַל, זייער געלעכטער האָט מען פון ווייטען געקענט הערען. דער זאַל האָט אויסער דער הויפּט טיר געהאַט נאָך אסך באהאַלטענע טי־רען דורך וועלכע מען האָט געקענט ארויסגעהען. אין די ווענט וואָס זענען געווען באדעקט מיט טאַפּעטען, דורך די ארנאמענטען, און דורך די בילדער.

אין א קורצע צייט איז דער זאַל געווען כמעט ווי ליידיג. דאָס איז געמאַכט געוואָרען אזוי שנעל אז מען האָט דאָס אליין ניט באמערקט. דער פּלאַץ וואו עס איז אזא טומעל געווען, איז איצט געווען שטיל און פאַרלאָזען.

פאַרזונקען אין מחשבות פיהרט ווייט אַוועק, מיט דער צייט איז מען ווי אין אַן אַנדער וועלט. גווינפּלען האָט מיט אמאָל אויפגע־וואַכט. ער איז געווען איינער אליין אין דעם זאַל, ער האָט אפילו ניט במערקט אַז די זיצונג איז אונטערבראָכען געוואָרען. אַלע פּיערען זע־נען ווי פאַרשוואונדען געוואָרען, אפילו זיינע צוויי אַלטע באשיצערס. דאָ און דאָרטען זענען נאָך געבליבען א פּאָר דינער וואָס האָבען גע־וואַרט ביז „דער לאָרד" וועט אַוועקגעהען און זיי וועלען אויסלעשען די ליכט. ער האָט מעכאַניש גענומען זיין הוט, איהר אַרויפגעלייגט אויף זיין קאָפּ, און לאנגזאם גענומען געהערען צו דער גרויסער טיר וואָס איז געשטאַנען אָפען, אין דעם מאָמענט ווען ער איז ארויסגע־טראָטען פון דער טיר האָט איהם א דינער אראָפּגענומען דעם מאַנטעל פון פּאַרלימענט, ער האָט דאָס כמעט ווי ניט באמערקט.

א מאָמענט שפּעטער איז ער שוין געווען אין דער גאַלעריי.

די דינער וואָס זענען געווען אין זאַל האָבען באמערקט מיט פאַר־וואונדערונג, אז דער לאָרד איז ארויסגעגאנגען און זיך ניט פאַרנויגט פאַר'ן טראָהן.

# 29טער קאַפּיטעל.

אין דער גאַלעריי איז שוין מעהר קיינער ניט געוועזן. גווינפּעלין האָט דורכגעוואַנדערט דורך דעם גרויסען פּירעקיגען פּלאַץ, וואו ער איז איינגעשוואָרען געוואָרען; דער טיש און די שטולען זענען שוין דאָרט מעהר ניט געווען. קאַנדעלאַבראַס האָבען נאָך דאָ און דאָרט גע־ברענט, אום צו באַלייכטען דעם וועג אַרויסצוגעהן. א דאַנק די ליכט האָט ער לייכט געקענט געפינען דעם אַרויסגאַנג דורך די אַלע צימערן, סאַלאָנען און גאַלערייען, דורך וועלכע ער איז געפיהרט געוואָרען פריי־הער פון דעם קעניג פון דער אַרמיי און דעם אַשער פון שוואַרצען שטאַנג. ער האָט קיינעם ניט געטראָפען אויפ'ן וועג אויסער עפּעס אַן אַלטען לאָרד וואָס האָט זיך קוים געשלעפּט.

מיט אַמאָל האָט זיך דורך דער שטילקייט פון די פאַרלאָזענע צימערן דורכגעריסען א געררויש, ווי עפּעס אַן אונדייטליכער רעדען, און דערגרייכט זיינע אויערען. ער האָט זיך אומגעקעהרט צו דער ריכטונג פון וואַנען דער גערויש איז געקומען, און מיט אַמאָל האָט ער זיך געפונען אין א גרויסען דונקעל באַלויכטענעם קאָרידאָר, וואָס איז געווען איינער פון די אַרויסגענגע פון דער הויז. מען האָט געקענט זע־העז א גרויסע אָפענע גלעזערנע טיר, א רייהע טרעפּ, לאַקייען מיט פאַקלען אין די הענט, און די גאַס וואו עס האָבען געוואַרט א פּאָר קאַרעטען, פון דאַנען האָט ער געהערט דעם גערויש.

הינטער דער טיר, אונטער דער לאַמטערנע פון דעם קאָראַדאָר איז געווען א גרופּע טומעלדיגע יונגע לייט, וואָס האָבען גערעדט און געמאַכט געסטיקולאַציעס. גווינפּעלין איז צוגעגאַנגען נעהענטער דורך דער פינסטערניש.

עס איז געווען א קריעג, אויף איין זייט זענען געשטאַנען א צע־הען—צוועלף יונגע לאָרדען וואָס האָבען געוואָלט אַרויסגעהען, און אויף דער צווייטער זייט, ביי דער טיר, איז געשטאַנען א מאַן מיט א הוט אויפ'ן קאָפּ, ווי זיי אַלע, שטאָלץ און מיט א חוצפּה'דיגען שטע־רען, ער האָט זיי ניט געלאָזען אַרויסגעהן.

ווער איז דער מאַן געווען? טאָם־זשים־דזשעק.

צווישען די לאָרדען זענען נאָך געווען אַזעלכע וואָס האָבען גע־טראָגען דעם מאַנטעל פֿון די פּיערען, אַנדערע האָבען איהם שוין אויס־געטאָן און זיי האָבען געטראָגען די געוועהנליכע קליידער.

טאָם־זשים־דזשעק האָט געטראָגען אַ הוט מיט פעדערען, ניט וויים ווי ביי די פּיערען, נאָר גרין באַשפּרינקעלט מיט אָראַנזש קאָ־ליער. ער איז געווען באַצירט פון קאָפּ ביז די פיס מיט ליענטעס, באַנדען און געשטריקטע שפּיצען, מיט זיין לינקער האַנט האָט ער פעסט געהאַלטען די הענטעל פון זיין שווערד, וואָס איז איהם פון דער זייט נאָכגעהאַנגען.

ער האָט דאָס גערעדט, ער האָט די אַלע יונגע לאָרדען אָפּגעהאַל־טען און זיי ניט געלאָזען אַרויסגעהען. און גווינפּעלין האָט נאָך גע־הערט דאָס פאָלגענדע:

„איך האָב אייך געזאָגט, אַז איהר זייט פייגלינגע, איהר ווילט איך זאָל צוריקציהען מיינע ווערטער, גוט, איהר זייט ניט קיין פייג־לינגע, איהר זייט אידיאָטען. איהר האָט זיך אַלע געשטעלט געגען איינעם, דאָס איז ניט פייג, גוט, דאַן איז דאָס אידיאָטסמוּאָ. מען האָט צו אייך גערעדט און איהר האָט ניט פאַרשטאַנען. דאָ זענען די אַלטע טויב אויף די אויערען און די יונגע אויפ׳ן מאָרד. איך בין אַזוי פיעל איינער פון אייך, אַז איך קען אייך זאָגען דעם אמת וועגען אייך אַליין, דער נייגעקומענער איז אינבאַקאַנט, און ער האָט אַסך געפּלוי־דערט, איך גיב דאָס צו, אָבער צווישען דער פּלוידעריי זענען געווען אמת׳ען, עס איז געווען פאַרפּלאָנטערט, ניט גוט פאַרדייט, שלעכט געזאָגט, צוגעשטימט. אָבער אַ מענש וואָס האָט נעכטען געמאַכט גריי־מאַסען אויף אַ באַליגאַן, דאַרף ניט רעדען ווי אַריסטאָטעל אָדער ווי דאָקטאָר גילבערט בורנעט, ביסקופּ פון סאַליסבאַרי, די ווערים, די ליי־בען, די באַמערקונג צ' דעם אונטערשרייבער, דאָס איז שלעכטער גע־שמאַק. צוגעגעבען! ווער זאָגט דען פאַרקעהרט? עס איז געווען אַ זינלאָזע, ניט קיין איינהייטליכע רעדע, אָבער אמת׳ע פאַקטען האָבען דאָ און דאָרט אַרויסגעקומען. ס׳איז שווער צו רעדען סיסטעמאַטיש, ווען מען פאַנגט ערשט אַן. איך וואָלט געוואָלט זעהען צו איהר ווער דאָס בעסער מאַכען, וואָס ער האָט געזאָגט וועגען די קרעציגע פון בארטאַן לאַזאַר איז אונבאַשטרייטבאַר אמת, נאָכמעהר, ער איז ניט

דער ערשטער מענש וואָס האָט גערעדט נאַרישקייטען, קורץ, מיינע לאָרדען, איך האָב ניט ליעב צו זעהען ווי אַסך פאַלען אַן אויף איינעם, און איך פאַרלאַנג פון אייך די ערלויבעניש צו האַנדלען ווי אַ באַליידיגטער. איהר האָט מיר געמאַכט פיהלען שלעכט און איך בין אין כעס. איך גלויב ניט פיעל אין גאָט. אַבער וואָס עס קען מיר מאַכען גלויבען אין איהם, איז ווען ער טהוט גוטס. און אַ גוט טהאַט פון איהם טרעפט ניט אַלע ווײלע. איצט אָבער בין איך דאַנקבאַר דעם אַלמעכטיגען גאָט, אויב ער עקזיסטירט. איך בין דאַנקבאַר פאַר דער ארויסשלעפונג פון דעם פיער פון ענגלאַנד, פון זיין אונערטרעגליכען צושטאַנד, און וואָס ער האָט איהם צוריק זיין ירושה איבערגעגעבען. ניט טראַכטענדיג צו דאָס איז פאַר מיר גוט צו ניט. איך רעכען, אַז עס איז גוט. וואָס פון דער לויז ווערט פלוצלונג אַן אַדלער, און פון גווינפעלינען אַ קלאַנטשאַרלי. מיינע לאָרדען, איך פאַרבאָט אייך צו האָבען אַן אַנדער מיינונג ווי די וואָס איך האָב. איך באַדויער וואָס ליאים דע דוראַס איז דאָ ניט דאָ, איך וואָלט איהם מיט פאַרגעניגען באַליידיגט. מיינע לאָרדען, פערמיין קלאַנטשאַרלי איז געווען דער לאָרד און איהר די פּאַיאַצען. און וועגען זיין געלעכטער, ער איז אין דעם ניט שולדיג. איהר האָט געלאַכט פון דעם געלעכטער, מען לאַכט ניט פון קיין אומגליק. איהר זייט אייזלען — און שלעכטע אייזלען. אויב איהר רעכענט אַז פון אייך קען מען ניט לאַכען, האָט איהר אַ טעות. איהר זייט מיאוס און איהר האָט קיין געשמאַק אין קליידען זיך.

„מיין לאָרד האַוורעשאַם, איך האָב געזעהען אייער געליעבטע, זי איז אַבשטויסענד, זי איז אַ הערצאָגין, אַבער אַ גאַסען־פרוי אויך. מיינע הערען לאָרדס, איך זאָג אייך נאָך אַמאָל, איך וואָלט אייך ווירקליך וועלען הערען זאָגען פיער ווערטער איינע נאָך די אַנדערע. אַסך מענשען פּלאַפּלען, זעהר ווייניג רעדען. איהר שטעלט זיך פאָר, אַז איהר ווייסט עפּעס, ווייל איהר האָט אייערע פוילע פיס דורכגעשלעפּט דורך אָקספאָרד און קעמברידזש, און דערפאַר וואָס, איידער איהר זייט געוואָרען פּיערען אין וועסטמינסטער, זייט איהר געווען אייזלען אין די אוניווערזיטעטען! אָט בין איך און איך וויל אייך קוקען גלייך אין די פּנימ'ער. איהר האָט איצט באַליידיגט דעם נייעם פּיער. אַ מאַנסטער? אפשר, אַבער צווישען ווילדע חיות, איך וואָלט

בעסער געוואָלט זיין ווי ער און ניט ווי איהר. איך בין אנוועזענד גע־וועזען אויף דער זיצונג, און אויף מיין פּלאַץ, ווי א מעגליכער יורש פון א לאָרד, האָב איך אַלץ געהערט. איך האָב ניט געהאַט דאָס רעכט צו רעדען, אבער איך האָב דאָס רעכט פון אַן אַדעליגען. אייער לוסטיגע האַלטונג איז מיר דערווידער, און זייענדיג אונצופרידען, וועל איך געהען צו דעם באַרג פענדלעהיל און אויפקלייבען פּלאַנצונגען — וואַלקען־פּלאַנצונגען, וואָס ווען מען רייסט זיי אויס, ווערט מען פון דעם דונער דערשלאָגען.

דאָס איז די אורזאַכע וואָס איך וואַרט דאָ פאַר אייך ביי דעם אַרויסגאַנג. עס איז נייטיג געוועזן צו זאָגען א פּאָר ווערטער, און מיר ־אַרפען מאַכען פאַרבאַרייטונגען. ווייסט איהר, אַז איהר האָט מיר גאַנץ שטאַרק אַנגעגריפען? מיינע לאָרדען, איך בין פעסט באַשלאָסען צו הרג'ענען איינינגע פון אייך. אַלע וואָס זענען דאָ דאָ, טאָמאַס טופּ־טאַן, גראַף פון טאַנעט; סאַוועטש, גראַף ריווערס; קאַרל ספּענסער, גראַף פון סודערלענד; לאָרענס הייד, גראַף פון ראָטשעסטער; איהר, באַראָנען, גריי פון ראָלסטאָן; קערי האַדסאָן, עסעריק, ראַקינגהאַם, דו, קליינער קאַרטערעט, דו, ראָבערט דאַרסי; גראַף פון האָלדער־נעס, דו, וויליאַם, וויסקאָנט האַטען, און דו, ראַלף, הערצאָג פון מאָנ־טאַגו, און אַלע אַנדערע וואָס וועלען דאָס פאַרלאַנגען, פאָדער איך אַרויס, און פאַרלאַנג אַז איהר זאָלט זיך אָנגרייטען מיט סעקונדאַנ־טען, און איך וועל וואַרטען פאַר אייך, איך דעוויד, דירי מואר אַז אַפיצער פון דער פּלאַטע, וויל זיך טרעפען מיט אייך פּנים אל פּנים, ברוסט צו ברוסט, היינט אָוועט, מאָרגען פריה, דעם גאַנצען טאָג, ביי דער ליכט פון דער זון אָדער ביי פאַקעל ליכט, ווען איהר ווילט אפילו גלייך אויפ'ן אָרט, ווען, וואו און ווי איהר ווילט, אומעדום וואו עס איז נאָר דאָ פּלאַץ פאַר צוויי שווערדען אין דער לייננג, און איהר וועט טאָן א גוטע זאַך ווען איהר וועט איבערקוקען אייערע פּיסטאָלעטען, און די שפּיצען פון די שווערדען, וויל מיין אבזיכט איז אַפּצורייניגען אייער פּיערענטום.

אַגלע קאַוואַנדאַס, גיב אַכטונג און מאַך דעם לעצטען חשבון. מאַרמאַדוק לאַנגדייל, איהר וועט טאָן גוט אויב איהר וועט טאָן ווי אייער עלטער־זיידע האָט געטאָן, מען זאָל הינטער אייך טראָגען איי־ער טרונע. געאָרג בוט, גראַף פון וואָרינגטאָן, איהר וועט מעהר אייער

לאנד אין טשעסטער שוין ניט קענען זעהען, און איהר לארד וואגהאן, איהר זייט יונג גענוג צו באליידיגען און צו אלט צו ענטפערען פאר די באליידיגונגען. איך וועל פאדערן חשבון פון זיין פלימעניק ריכארד וואגהאן, איהר יאן קאמבעל, גראף פון גרינוויטש, אייך וועל איך הרג'ענען ווי אכאן האט גע'הרג'עט מאטאסען, אבער עהרליכער ניט פון הינטען, זייענדיג געוואוינט צו ווייזען מיין שווערד דעם פנים און ניט די פלייצע, דאס איז שוין געענדיגט מיינע לארדען, און איצט באנוצט זיך מיט כשוף אויב איהר מיינט דאס וועט אייך העלפען. געהט צו א וואר־זאגער, טוט זיך אן אין קמיעות, היינגט זיי ארום אייער האלז. בעט ביי גאט אדער ביים טייפעל, איך וועל זיך מיט אייך שלאגען, געבענטשט צו פארשאלטען. און איך וועל אייך ניט אונטערזוכען צו איהר טראגט אויף זיך קמיעות אדער אנדערע צויבער, רייטענדיג אדער צו־פוס, אין דער אפענער גאס, אויב איהר ווילט, אין פיקאדילי, אדער טשארינג־קראס, און זיי וועלען ארויסרייסען די פלאסטער פון דער גאס פאר אונזער קאמף, ווי זיי האבען ארויסגעריסען די פלאסטער פון דעם הויף אין לאווער צוליעב דעם דועל צווישען גייז און באסאמפערו. פארשטעהט איהר? אלע וויל איך זאלען קומען, דארמע, גראף פון קארנארוואן, איך וועל זעהען אז איהר זאלט ארפשלינגען מיין שווערד ביז דער הענטעל, ווי מאראלעם האט געטאן צו לול־מארעוואו. און דאן, מיין לארד, וועלען מיר זעהען צו איהר וועט לאכען, איהר בורלינגטאן, וואס מיט אייערע זיבעצעהן יאהר זעהט איהר אויס ווי א מיידעל, איהר וועט קענען אויסקלייבען צווישען די סטעזשקעס אין אייער פאלאץ אין מידעלעסעקס, און די שעהנע גערטנער פון לאנטאסבארא, פאר אייער קבר, איך מוז אייך זאגען, מיינע לארדען, אז מיר פאסט ניט אז מענשען זענען באליידיגענד אין מיין אנוועזענהייט, און איך וועל אייך דערפאר באשטראפען מיינע לארדען. עס מאכט מיר פיהלען שלעכט וואס איהר האט געלאכט פון פערמיין קלאנטשארלי, ער איז ווערט מעהר פון אייך, ווי קלאנטשארלי, איז ער פון דער זעלבער אדעל ווי איהר, און ווי גווינפעלין האט ער געדאנקען און איהר ניט. זיין זאך ווערט מיין זאך, זיין וואונד ויערט מיין וואונד, און אייער שפאט מיין צארן, מיר וועלען זעהן ווער עס וועט בלייבען לעבען, ווייל איך רוף אייך צום טויט, פארשטעהט מיר גוט. און מיט וואס פאר א וואפען איהר ווילט

און אויף וועלכען אופן איהר ווילט. איהר וועט אליין קענען אויס־קלייבען דעם טויט וואָס איהר האָט ליעב. שלאָגען קענען מיר זיך מיט וועלכע וואפען איהר ווילט. מיר קענען זיך שלאָגען מיט שווער־ד'ען, ווי פּרינצען, אָדער זיך באקסען ווי פּראָסטע מענשען פון פאָלק!"

צו דעם שטורעמדיגען אויסברוך פון ווערטער, האָבען די גאַנצע גרופּע יונגע לייט געענטפערט מיט א חוצפה'דיגען שמייכעל. „צו־געשטימט", האָבען זיי געזאָגט.

„איך קלייב אויס פּיסטאָלעטען", האָט געזאָגט בורלינגטאָן. — „איך" האָט געזאָגט עסעריק, „קלייב אויס דעם פערצייטיגען קאמף, אויף א קליינעם פּלאַץ, מיט שטעקענס און קינדזשאַלען." „איך" האָט געזאָגט האָלדערנעס. „קלייב אויס דעם דועל מיט צוויי מעסערס א שלאַנקען און א קורצען. האַנט צו האַנט". „לאָרד דעוויד" האָט געזאָגט גראף פון טאַנעט. איהר זייט א שאָטלענדער, דערפאַר וועל איך אויס־קלייבען דעם קליימאָר". (א פאַרצייטיגער שאָטישער לאַנגער שווערד.) „איך דעם שווערד" האָט געזאָגט באקינגהאם. „איך וויל זיך באָקסען", האָט געזאָגט הערצאָג ראַלף.

גווינפּלען איז ארויסגעטראָטען פון דעם שאָטען.

ער איז צוגעגאַנגען צו דעם מענש, וועמען ער האָט ביז איצט גערופען טאָם־זשים־דזשעק, און אין וועמען ער האָט איצט געכומען דערזעהען עטוואס אַנדערש.

„איך דאַנק אייך, אבער דאָס איז דורכאויס מיין זאַך."

אַלע קעפּ האָבען זיך צו איהם אומגעדרעהט. ער איז צוגעגאַנגען נעהענטער, ער האָט געפיהלט ווי ער איז צוגעצויגען געוואָרען צו דעם מענשען, וועמען ער האָט געהערט ווי מען רופט לאָרד דעוויד, און וועלכער איז געווען זיין פאַרטיידיגער. מעהר אָבער האָט לאָרד דעוויד זיך צוריקגעצויגען.

„וואָרט", האָט לאָרד דעוויד געזאָגט, „דאָס זייט איהר, איהר זייט דאָס, גוט וואָס איהר זייט געקומען, דאָס איז א גוטער צופאַל. מיט אייך האָב איך אויך א חשבון. איהר האָט פריהער גערעדט פון א פרוי, וואס נאָך דעם ווי זי האָט געליעבט לאָרד ליניי קלאַנטשאַרלי האָט ליעב געהאט קעניג קאַרל דעם צווייטען."

„ס'איז אמת."

„סער, איהר האָט באַליידיגט מיין מוטער."

„אייער מוטער? אין דעם פאַל, איך האָב דאָס פאַרשטאַנען, זיי־נען מיר דאָך—"

„ברידער". האָט לאָרד דעוויד געענדיגט.

און ער האָט פאַרגעזעצט:

„מיר זענען ברידער, און דערפאַר איז דאָס מעגליך, אז מיר זאָלען זיך שלאָגען, ווייל שלאָגען קענען זיך נאָר גלייכע, און ווער נאָך איז אזוי גלייך ווי ברידער? מאָרגען שיק איך אייך מיינע סעקונדאַנ־טען, און מיר וועלען זיך איינע די אנדערע די העלזער איבערשניידען."

## 1טער קאַפּיטעל.

ווען די גלאָקען פון דער קירכע פון דעם הייליגען פּאוועל האָבען אויסגעשלאָגען צוועלף ביינאכט, איז א מאַן, וואָס איז איצט אריבער דעם לאָנדאָן בריק, אריין אין די שמאָלע געסלאך פון סאוטוואַק. די לאָמטערנעס זענען שוין געווען אויסגעלאָשען, אין יענער צייט פּלעגט מען אין לאָנדאָן ווי אין פּאריז אויסלעשען די ליכט עלף דעם זייגער, דאָס האָט געהייסען פארלעשען די ליכט ווען עס איז געווען אם נייטיגסטען. די גאַסען זענען געווען פינסטער און פארלאָזען, אז עס ברענט ניט קיין לאָמטערנעס געהען ווייניג מענשען אין די גאַסען. דער מאַן איז גענאַנגען שנעל. ער איז געווען מאָדנע געקליידעט, צי געהען צו פוס אין נאכ אַזוי שפּעט און זיין אָנגעטאָן אין א מאַנטעל פון געטריקענטען זייד, א שווערד ביי דער זייט און א הוט מיט ווייסע פעדערען און אַהן א ראָק, איז געווען א מאָדנער גאַנג. די וועכטער וואָס האָבען איהם געזעהען פארבייגעהענדיג, האָבען געזאָגט: „דאָס איז אַן אדעליגער וואָס האָט זיך געוועט." און זיי האָבען זיך אָוועקגעשטעלט אויף א זייט.

דער מאַן איז געווען גווינפּעלין.

ער איז געלאָפען.

וואָס איז מיט איהם געווען?

ער האָט ניט געוואוסט. די נשמה, ווי מיר האָבען פריהער געזאָגט, האָט איהרע שטורמען. שוידערליכע שטורעם-ווינטען וואו אַלץ מישט זיך צוזאַמען. הימעל, ים, טאָג, נאכט, לעבען, טויט אין אַן אונפארשטענדליכען שרעק. די ווירקליכקייט ווערט אונפאַרשטענדליך. מען ווערט געדריקט פון זאכען אין וועלכע מען גלויבט ניט. פון גאַרנישדיגקייט ווערט א הוריגאַן, דער הימעל ווערט בלייך, די אונענדליכקייט לעהר. מען ווייס ניט וואס עס טוט זיך מיט אונז. מען פיהלט ווי מען שטאַרבט אָפּ. מען ביינקט נאָך א שטערן. וואס איז דאָס געווען וואָס גווינפּעלין האָט דורכגעפיהלט? א פארלאַנג צו זעהען דיאַ'ן.

ער האָט שוין מעהר קיין זאך ניט געפיהלט אויסער דעם. קומען צוריק צו דער גרינער קאַסטען, צו די טאדקאסטער קרעטשמע, די ליכטיגע העלע, וואָס איז אזוי פול פון דעם גוטמוטיגען, גוטען גע־לעבטער פון די פּראָסטע מענשען, צו זעהען אורסוסען און האמאן נאָך אמאָל, צו זעהען דיאָ'ן צוריק לעבעדיג ווערען!

די אויסניכטערונג איז ווי א בויגען, וואָס ווארפט מיט א שטאַר־קער קראַפט דעם מענשען — די פייל — צו דאָס אמת'ע. גווינפּלען האָט זיך געאיילט. ער איז צוגעקומען צו טארינצופעלד. ער איז שוין מעהר ניט געגאנגען, ער איז געשלאָפען. זיינע אויגען האָבען געזוכט אין דער פינסטערניש פאַר איהם, זיין קוק איז געגאַנגען פריהער ווי ער. ער האָט געזוכט מיט די אויגען, וואָס פאר א מינוט וועט דאָס זיין ווען ער וועט דערזעהען די קרעטשמע.

ער איז ארויסגעקומען אויף דעם אָפענעם פעלד. פאַר איהם איז געשטאַנען די קרעטשמע, וואָס איז געווען, ווי דער לעזער וועט זיך דערמאָנען, די איינציגע הויז אויף דעם פעלד.

ער האָט געקוקט. ניטאָ קיין ליכט, א שווארצע מאַסע.

ער האָט א ציטער געטאָן, דאן האָט ער געזאָגט צו זיך, אז עס איז שפּעט, אַז די קרעטשמע מוז שוין זיין פאַרמאַכט, אז עס איז גאָר פּשוט, אלע שלאָפען שוין, אז ער דארף נאָר אויפוועקען ניקעלסען אָדער דעם אינגעל, אז ער מוז נאָר צוגעהען און אָנקלאַפּען אין טיר.

ער איז, אָהן אָטעם צוגעלאָפען צו דער קרעטשמע, מען קעמפט אין זיך, דער קאמף קומט פאַר אין די אונזעהבארע קאָנוואולסיעס פון דער נשמה, מען ווייס שוין ניט צי מען לעבט צי מען איז טויט, און מען פיהלט פאַר די וואָס מען ליעבט, אלע מינים צערטליכע געפיה־לען: אט אזוי דערקענען זיך די נאָהענטע הערצער. אויף דעם אומ־גליק פון לעבען שווימט אַרום די צערטליכקייט. ניט אויפוועקען דיאָ'ן צו פּלוצלונג דאָס איז געווען זיין ערשטער געדאַנק.

ער איז צוגענאַנגען נאָהענט צו דער קרעטשמע, מיט אזוי ווינציג גערויש ווי עס איז נאָר מעגליך געווען. ער האָט דאָרט געוואוסט יע־דען ווינקעלע. ער האָט געוואוסט אז דער אינגעל שלאָפט אין א קאַ־נורע, ביי דעם שיינק. די קאַנורע האָט געהאט א פענסטער, ער איז צוגעגאנגען צו דעם פענסטער, ער האָט לייכט אנגעקלאַפּט אין שויב אבער הויך גענוג צו אויפוועקען דעם אינגעל.

עס איז געווען שטיל, קיינער האָט זיך אין דער קאַנורע ניט באַ־וועגט. „ווען מען איז יונג האָט מען א האַרטען שלאָף" האָט גווינ־פּלין צו זיך געזאָגט. ער האָט נאָך אַמאָל אָנגעקלאַפּט אין שויב אַבי־סעל שטאַרקער. קיינער האָט ניט געענטפערט.

ער האָט גענומען קלאַפּען שטאַרקער און שטאַרקער, קיינער האָט זיך אין יענעם ווינקעל ניט געריהרט, דאַן, אַביסעל אויפגערעגט איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר און גענומען קלאַפּען.

קיינער האָט ניט געענטפערט.

ער האָט געטראַכט, ניט אָהן שרעק, „דער ניקעלס איז אַלט. קינדער האָבען א האַרטען שלאָף און אַלטע מענשען א שווערען. מען דאַרף קלאַפּען שטאַרקער."

ער האָט געקלאַפּט, געקראַצט, געטופּעט, ער האָט זיך פאַר־טראַכט, זיך דערמאָנט וואָס האָט אַמאָל פּאַסירט אין ווייַמוט, ווען ער איז נאָך א אינגעל געווען און ער האָט געטראָגען דיא'ן אויפ'ן האַנט. ער האָט זיך פאַרטראַכט איבער דער עהנליכקייט פון דער לאַגע.

ער האָט נאָך אַמאָל גענומען קלאַפּען, שטאַרק, ווי א לאָרד.

אַלץ איז געבליבען שטיל, קיין זאַך האָט זיך ניט געריהרט.

ער האָט געפיהלט ווי ער ווערט פאַרצווייפעלט.

ער האָט זיך שוין מעהר ניט געהיט, ער האָט געשריען: „ני־קעלס! ניקעלס!".

אין דער זעלבער צייט האָט ער געקוקט אין פענסטער צו זעהען אויב מען צינדט אָן א ליכט.

קיין זאַך ניט, ניט קיין שטימע, ניט קיין קלאַנג, ניט קיין שימער פון א ליכט.

ער איז צוגעגאַנגען צו דעם טויער און גענומען קלאַפּען, ער האָט איהם מיט אַלע זיינע כחות געשטופּט און געטרייסעלט און געשריען „האָמאָ! אורסוס!"

דער וואָלף האָט ניט געברומט.

א קאַלטער שווייס האָט איהם אויסגעשלאָגען אויפ'ן שטערען.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט, די נאַכט איז געווען א פינסטערע, אָבער עס זענען געווען גענוג שטערען ער זאָל קענען זעהען דעם פעלד. קיין איינע פון די ביידלעך, וואו די צירקען זענען געווען איז ניט גע־ווען. דער גאַנצער פעלד איז געווען ליידיג. עס איז געווען א טרויעריגע

בילד אַלץ איז פאַרשוואונדען, די וואַגאַבונדען פון טויזענד געגענדען, וואָס זענען דאָ געקומען, זענען שוין איצט ניט געווען. אַלץ איז פאַר־שוואונדען און אונבאַשרייבליך שוואַרצע נאַכט האָט אַלץ צוגעדעקט.

אַן אונרוהיגקייט האָט איהם אַרומגענומען, וואָס באַדייטעט דאָס? וואָס האָט פּאַסירט? איז דאָ שוין קיינער מעהר ניט דאָ? איז זיין פריהערינגער לעבען צופאַלען אין רואינען הינטער איהם? וואָס האָט מיט זיי פּאַסירט? אַה, גוטער גאָט! ער איז אַרויפגעפאַלען אויף דער הויז ווי אַ שטורעם, ער האָט געקלאַפּט אין טיר און טויער, אין די פענסטער, אין די לאַדענס, אין די ווענט, מיט זיינע הענט, מיט זיינע פיס, מיט אַלע זיינע פאַרצווייפעלטע כחות, ער האָט גע־שריען, האַמאָ, אורסוס, ניקעלס, פיבי, ווינאָס. פון צייט צו צייט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, זיך איינגעהערט, די הויז איז געבליבען שטום און טויט. אַז אויסגעמאַטערטער האָט ער נאָך אַמאָל גענומען קלאַפּען, שרייען, רופען, אָבער מעהר ווי עכאָס האָט זיין קול ניט אַרויסגערופען.

נאָך אַ געוויסער מאָס פון שרעק ווערט מען שרעקליך, דער וואָס האָט פאַר אַלץ מורא, האָט פאַר קיין זאַך ניט קיין מורא, ער קען שוין קעמפען מיט אַ ספינקס, זידלען דאָס אונבאַוואוסטע, ער האָט באַנייט דעם טומעל אין אַלע מעגליכע פאָרמען, אָפּהאַלטענדיג און ווי־דער אָנפאַנגען, אָהן אויפהער האָט ער געשריען, באַליידיגענדיג די טראַגישע שטילקייט.

ער האָט אַ הונדערט מאָל אויסגערופען די אַלע נעמען וואָס האָ־בען דאָרט געדאַרפט זיין אויסער דיאַ'ן, אַ פאַרזיכטיגקייט, וואָס איז אפילו פאַר איהם אַליין ניט קלאָר געווען, אינסטינקטיוו האָט ער זיך געהיט.

שרייען מאַטערט אויס, ער האָט געזאָגט צו זיך אַליין: איך מוז אַריינגעהן אין הויז" אָבער ווי? ער האָט אויסגעבראָכען אַ שויב אין דעם אינגעלס צימער מיט זיין קולאַק, ער האָט זיך צושניטען זיין האַנט, ער האָט אפילו דעם וועהטאָג ניט געפיהלט, ער האָט אויפגע־ריסען די קייטעל, געעפענט דעם פענסטער, ער האָט געזעהען אַז דער שווערד וועט איהם שטערען האָט ער איהם אַראָפּגעריסען, אוועקגע־וואָרפען אויף דער ערד, דאַן האָט ער זיך אויפגעהויבען און טראָץ

דעם וואָס דער פענסטער איז געווען שמאָל, איז ער דורך איהם דורכ־געקראָכען. ער איז אריין געגאַנגען אין דער קרעטשמע.

ער האָט געזהען דעם אינגעלס בעט אָבער דער אינגעל איז דאָרטען ניט געווען.

פון דעם וואָס דער אינגעל איז אין זיין בעט ניט געווען האָט ער פאַרשטאַנען אַז הער ניקעלס איז אויך אין זיינער ניטאָ, אין הויז איז געווען פינסטער. מען האָט געפיהלט אין דער פינסטערער הויז די גע־היימניספולע אונבאַוועגליכקייט פון דעם גאָרניט, און דעם דונקעלען שרעק וואָס מען פיהלט ווען קיינער איז ניטאָ. גווינפּעלין, איז אין קאַנוואולסיווען שרעק דורכגעגאַנגען דעם שיינק צימער, ער האָט גע־קלאַפּט אין טיש, געטראָטען אויף די גלאָזוואַרג, איבערגעקערט די טישען, שיעור ניט געפאַלען איבער א באַנק, האָט זיך צוגעשלאָגען צו דער טיר פון הויף איהר אויפגעבראָכען, די טיר האָט א סקריפּע געטאָן, ער האָט דערזעהען דעם הויף, זיך איינגעקוקט. די גרינע קאַס־טען איז דאָרט ניט געווען.

---

## 2טער קאַפּיטעל.

גווינפּעלין איז ארויסגעקראָכען פון הויז, ער האָט אַנגעפאַנגען צו זוכען אויף אַלע זייטען פון דעם פעלד, ער איז אומעטום געגאַנגען, וואו נעכטען איז געווען א ביידעל, א וואָגען, א שטיבעל, איז איצט קיין זאַך ניט געווען, אַלץ איז פאַרשוואונדען, ער האָט אַנגעקלאַפּט אין צוויי דריי ביידלעך, טראָץ דעם וואָס ער האָט גוט געוואוסט אַז דאָרטען וואוינט מען ניט, ער האָט אומעטום געקלאַפּט, וואו עס האָט אויסגעזעהען ווי א פענסטער, ווי א טיר האָט ער אַנגעקלאַפּט, קיינער האָט ניט געענטפערט, עטוואס עהנליכעס צום טויט האָט באהערשט דעם פּלאַץ.

עס איז קלאָר געווען אַז די פּאָליציי האָט אַלץ אונטערדריקט

און די מענטשען פארמריבען, עס איז געווען, ווי מיר וואָלטען דאָס היינט אָנגערופען אַן אַבלאָווע, טאַרניצו פעלד איז געווען מעהר ווי פארלאָזען, עס איז געווען טויט, מען האָט געפיהלט די צייכענס פון אַ פעסטער אייזערנער האַנט, זיי האָבען אזוי צו זאָגען, אויסגעקערט די קעשענעס פון דעם פעלד און אַלעס אויסגעליידיגט.

גווינפעלין נאָך דעם ווי ער האָט אומעטום אויסגעזוכט, איז אַראָפּ פון פעלד, און איז אריינגעגאַנגען אין איינער פון די געדרעהטע געסלעך וואָס האָבען געפיהרט צו דער טעמזע.

ער האָט זיך געדרעהט דורך די געסלעך און דורכגענגע, וואו עס איז נאָר געווען ווענט און ווענט ביז ער איז אריינגעקומען אין אַ גע־סעל וואו ער האָט דערפיהלט די פרישקייט פון דעם טייך, ער האָט געהערט דעם מילדען רוישען פון דעם שטראָם, און פּלוצלונג איז ער געבליבען שטעהן ביי אַ געלענדער, דאָס איז געווען דער געלענדער פון דעם עפּראַק־שטיין.

דער געלענדער איז צוגעקומען צו אַ שמאָלען פּלאַץ וואו שיפען פלעגען לאַנדען. אונטער דעם געלענדער איז געווען די הויכע וואַנט פון דעם עפּראַק־שטיין וואָס איז צוגעקומען ביז'ן וואַסער.

גווינפעלין האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם געלענדער ארויפגע־לייגט אויף איהם די עלענבויגענס אריינגענומען די קאָפּ צווישען די הענט, און קוקענדיג אויפ'ן וואַסער האָט ער זיך פארטראַכט.

האָט ער אַ קוק געטאָן אויפ'ן וואַסער? ניין. אויף וואָס האָט ער געקוקט? אויף דער פינסטערניש, ניט אויף דער פינסטערניש אויסער איהם נאָר אין איהם אינוויינינ.

דער טרויעריגער נאַכטיגער לאַנדשאַפט אויף וועלכען ער האָט זיך אפילו ניט אומגעקוקט, ווייל זיין בליק האָט גאָר ניט געקענט זעהן וואָס איז אויסער איהם. אונטער דעם עפּראַק־שטיין איז קיין זאַך ניט געווען אויסער דעם שטראָם, נאָר די שמאָלע שטיקעל לאַנד וואו די שיפען פלעגען לאַנדען האָט זיך אריינגעשניטען אין דעם שטיין אַבי־סעל ווייטער פון דעם פּלאַץ וואו גווינפעלין איז געשטאַנען, דאָרט איז אַלע מאָל געווען אַ גערודער פון די שיפען, אַנדערע זענען אָנגע־קומען, און אַנדערע זענען אָפּגעפאָהרען, קיינער איז ניט געגאַנגען און מען האָט קיינעם ניט געהערט רעדען, אַ גוטע געוואָהנהייט ביי די מאַטראָזען איז דאָס וואָס זיי שלאָפען אזוי פיעל ווי זיי האָבען נאָר

געקענט און אויפשטעהן נאָר ווען זיי האָבען געמוזט. אויב איינע פון די שיפען האָט נאָך היינט ביינאַכט געדאַרפט אָפּפאָהרען, איז אָבער קיינער פון די מאַנסלייט נאָך ניט אויפגעשטאַנען.

די גרויסע שוואַרצע הילזען, וואו מען וויקעלט אַרום די שטריק פון אַ שיף ווען מען בינט איהר צו האָט מען כמעט ווי ניט געזעהען. דאָ און דאָרטען האָט אַ רויטע ליכט דורכגעשניטען דעם נעבעל.

גווינפּעלין האָט גאָר ניט געזעהען. אויף וואָס ער האָט געקוקט איז געווען דער שיקזאַל.

ער האָט געטראַכט אַ ווילדע וויזיאָן, פאַר דער אונערשעפּליכער ווירקליכקייט.

עס האָט זיך איהם געדוכט ווי ער וואָלט נאָך אַלץ געהערט הינ־טער איהם אַן ערד ציטערניש, דאָס איז געווען דער געלעכטער פון די לאָרדען.

ער איז איצט אַרויסגעקראָכען פון דעם געלעכטער, ער איז אַרויס־געקראָכען מיט אַ פּאַטש אין פּנים, אַ פּאַטש פון וועמען? פון זיין ברודער.

און אַרייסקריכענדיג פון דעם געלעכטער, און זיך פאַרבאַהאַל־טענדיג ווי אַ פאַרוואונדעטער פויגעל אין איהר נעסט, אוועקפליענ־דיג פון האַס און זוכען ליעבע. וואָס האָט ער געפונען? שאָטענס. קיינעם ניט. אַלע אוועק.

די שאָטענס האָט ער פאַרגליכען מיט דעם טרוים וואָס ער האָט זיך פאַרגעשטעלט.

וואָס פאַר אַ חורבן!

גווינפּעלין איז איצט אָנגעקומען אויף דעם ברעג פון אונגליק, פּוסטקייט. די גרינע קאַסטען איז אוועק, דאָס האָט געמיינט אַז די וועלט איז אונטערגעגאַנגען.

זיין נשמה האָט זיך שוין פאַרשלאָסען.

ער האָט געטראַכט.

וואָס האָט געקענט פּאַסירען? וואו זענען זיי? מען האָט זיי געוויס ערגעץ פאַרשלעפּט. מיט איהם האָט פּאַסירט איין אומגליק, ער איז געוואָרען גרויס, מיט זיי אייך איינער, פאַרניכטונג. עס איז געווען קלאָר אַז ער וועט זיי שוין מעהר קיין מאָל ניט זעהען. אימי־צער האָט זיי פון איהם אוועקגענומען, און אין דערזעלבער צייט איז

אַז אײזערנע האַנט אַרויפגעלײגט געוואָרען אויף דעם גאַנצען פּע״ד, וואו אַזוי פיעל מענשען פּלעגען קומען. אַלע האָבען דאָרט געליטען אַנפּאַנגענדיג מיט נילעלסען, דאָס איז וואַרשיינליך געטאָן געוואָרען כּדי קײנער זאָל איהם ניט קענען געבען קיין אינפאָרמאַציע. אָט די שטאַרקע סאָציאַלע קראַפט, וואָס האָט איהם ערנידעריגט אין דער הויז פון לאָרדען. אָט זיי דאָ אין זײערע אָרימע הײזלעך צודריקט, זיי זענען פאַרלאָרענע, דיא איז א פאַרלאָרענע, פאַרלאָרען פאַר איהם אויף אײביג, אַלמעכטיגער אין הימעל! וואו איז זי? און ער איז דאָרט ניט געוועזען איהר צו פאַרטיידיגען!

טראַכטענדיג כּכדי, וועגען דער אבוועזענהייט פון דער, וועמען מען האָט ליעב, איז זעלבסט מאַטערניש, ער צווינגט די מאַטערניש אַרויף אויף זיך יעדען מאָל ווען ער איז צוגעקומען צו א פּונקט אין זיין געדאַנק. האָט ער זיך דערמאָנט אין יענעם מאַן וואָס האָט געזאָגט אַז זיין נאָמען איז באַרקילפעדראַ. דער מאַן האָט עטוואָס דונקעלעס אַנגעשריבען אין זײנע געהירען, עס האָט זיך איצט אומגעקערט, און דאָס איז געשריבען געוואָרען מיט א טינט וואָס איז אַזוי שוידערליך, אַז עס איז שוין איצט געוואָרען בוכשטאַבען פון פייער, גווינפּעלין האָט זיך דערמאָנט אַז די ווערטער וואָס זענען איצט פאַר איהם קלאָר געוואָרען, וואָס האָבען אויפגעפלאַמט אין דער טיפעניש פון זיין געדאַנק: „דער שיקזאַל עפענט אויף איין טיר און פאַרמאַכט א צווייטע.“

איצט איז שוין אַלץ געענדיגט, די לעצטע שאָטענס רוהען אויף איהם, יעדער מענש האָט אין זיין שיקזאַל א סוף פון דער וועלט פאַר איהם אַליין. דאָס רופט מען אַ פאַרצווייפלונג. די נשמה איז פול פון פאַלענדע שטערען.

זעהט זיין לאַגע!

דער רויך איז פאַרשוואונדען, ער האָט געלעבט אין דעם רויך, עס איז איהם פינסטער געוואָרען אין די אויגען פון איהם, עס איז אַריין אין זײנע געהירען. ער איז געוואָרען בלינד פון אויסווענדיג, און שכּור אינוויינדיג, דאָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג, וויפיעל צייט מען דאַרף אַז א רויך זאָל פאַרשווינדען, דאַן האָבען זיי זיך צוזאַמען געמישט, דער רויך און זיין לעבען — ערוואַכענדיג פון זיין טרוים, האָט ער געזעהען אַז ער איז אַליין.

אַליץ איז פאַרשוואונדען, אַליץ איז אוועק, אַליץ איז פאַרלאָרען. נאַכט, גאָרניט. דאָס איז זיין האָריזאָנט געווען. ער איז געווען אַליין.
אַליין האָט נאָך אַ באַדייטונג, טויט.
פאַרצווייפלונג רעכענט, עס מוז אונטערציהען דעם סך־הכל, קיין זאַך פאַרשווינדעט ניט פון איהר, עס רעכענט אַלעס צוזאַמען, עס וואַרפט ניט אוועק קיין יאָהר־הונדערטער, עס דערנעהענטערט זיך צו גאָט מיט אַ דונער און אַ שפּילקע שטאָך. עס וויל וויסען, עס וויל וויסען וואו עס האַלט מיט'ן מזל, עס טראַכט, וועקט, חשבון'ט.
אומעדיגער אויסערליכער קעלט, פון אונטער וועלכע ברענענדיגע שטיקער לאַוואַ פליסען.
גווינפּעלין האָט זיך אַליין באַטראַכט און האָט באַטראַכט זיין מזל.
א בליק אין דער פאַרגאַנגענהייט, א פּינקטליכע צוזאַמענרעכענונג ווען איינער איז אויף אַ שפּיץ פון אַ באַרג, קוקט ער אין אָפּגרונט ווען איינער איז אַראָפּגעפאַלען אין אָפּגרונט קוקט ער אויפ'ן הימעל, און זאָגט צו זיך אַליין: „איך בין דאָרט געווען!"
גווינפּעלין איז געווען אויפ'ן סאַמע גרונט פון אונגליקליכקייט, ווי שנעל דאָס איז פאַרגעקומען. מיאויסע פּינקטליכקייט פון אומגליק. עס זעהט אויס צו זיין אַזוי שווער אַז מען וואָלט זיך געדאַרפט פאַרשטעלען אַז עס באַוועגט זיך אַביסעל לאַנגזאַמער, אַבער עס איז ניט אַזוי. עס ווייזט אויס ווי שניי זייענדיג קאַלט האָט די פּאַראַליזירענדע ווירקונג פון ווינטער, און די אונבאַקוועמליכקייט פון טויטען לייליך. דעם ליגען דערפון קען מען זעהען פון דעם פּלוצלינגען אנקומען פון אומגליק, דער אומגליק האָט גווינפּעלינען ארויסגעריסען ווי אַ בוים, צוריסען ווי מען צורייסט אַ שמאַטע, אַראָפּגעקייקעלט זיך ווי אַ שטיין.
גווינפּעלין האָט געטראַכט וועגען זיין פאַלען, ער האָט זיך געשטעלט פראַגען און געענטפערט. ליידען פאַרשט אויס, קיין ריכטער קען ניט אויספרעגען און אויספאָרשען אַזוי גוט ווי ליידען.
וויפיעל חרטה איז דאָ אין זיין פאַרצווייפלונג? ער האָט געוואָלט וויסען. ער האָט אַנאַליזירט זיין געוויסען, איהם צוברעקעלט אויף שטיקלעך.
זיין אַבוועזענהייט האָט פאַראורזאַכט אַ קאַטאַסטראָפע. אויף

וויפיעל איז ער שולדיג געוועז אין זיין אבוועזענהייט? אויף וויפיעל האָט זיך דאָס געוועגדעט אין איהם? איז ער געוועז פריי צו האנדלען ווי ער האָט געוואָלט? ניין. ער האָט געפיהלט ווי א געפאנגענער. וואָס האָט איהם געפאנגען און וואָס האָט איהם אפגעהאלטען? א טורמע? ניין. קייטען? ניין. וואָס איז דאָס געוועז? ער איז געוועז ווי צומישט ווי פאר'כשופ'ט פון דעם גלאַנץ.

צו וועמען האָט דאָס דען ניט געטראָפען? מען זעהט אויס ווי פריי, און אין דער זעלבער צייט פיהלט מען ווי געבונדען? עס איז געוועז ווי א נעץ וואָלט פאר איהם אויסגעשפרייט געווארען. דאָס וואָס איז פון אנפאנג א נסיון ווערט שפעטער א געפאנגענשאַפט.

אָט טאקע דערפאר האָט איהם זיין געוויסען געמאַטערט. ער האָט זיך פשוט אונטערגעגעבען ביי דער ערשטער געלעגענהייט. ניין, נאָך מעהר ער האָט דאָס עמפאנגען מיט אָפענע ארעמס.

אז ער איז טיילוויין געוועז געצוואונגען און ערשטוינט איז געוועז אמת. אָבער ער, פון זיין זייט, האָט גאָר ניט געטאָן צו שטערען די פאסירונגען. עס איז געוועז זיין שולד, וואָס ער האָט זיך געלאָזען אוועקפיהרען, עס איז אָבער געוועז זיין שוואכקייט וואָס ער האָט זיך פארשכור'ט. עס איז געוועז א מאָמענט אן ענטשידענער מאָמענט, ווען די פראגע איז איהם געשטעלט געווארען, ווען באַרקילפעדרא האָט איהם געשטעלט פנים אל פנים מיט דעם פראָבלעם און האָט געלאָזען אויסוועהלען, מיט איין וואָרט וואָלט ער דאָס דאָן אויסגעפיהרט, ער האָט געדאַרפט זאָגען „ניין" און ער האָט געזאָגט „יע".

פון דעם „יע" וואָס ער האָט ארויסגעזאָגט ווען ער איז געוועז צוטומעלט, האָט אלץ נאָכגעפאָלגט. געווינפעלין האָט דאָס פארשטאַנען און זיין חרטה איז געוועז שטאַרק.

„נאָך אלעמען", האָט ער צו זיך געזאָגט, „איז דאָס געוועז אזוי אונגערעכט אנצונעמען דאָס וואָס איהם האָט געקומט? קריגען זיין ירושה, האָבען זיין הויז, ווערען א פאטריצירדער מיט דעם ראנג פון זיינע עלטערען, און זייענדיג א יתום, קריגען דעם טיטול פון זיין פאָטער? וואָס האָט ער געקראָגען? דאָס וואָס איהם האָט געקומט, און געקראָגען האָט ער דאָס ווי א לוין פאר זיינע יאהרענלאנגע ליידען.

דאן האָט ער געפיהלט ווי אלץ איז איהם דערווידער, וואָס פאר א

נארישער לוין, וואָס פאר א מצואה ער האָט געכאפּט, וואס פאר א
שלעכטער צופאל. ער האָט פארלאָרען זיין פארבינדונג מיט דער גאָט־
הייט. וואס? אום כדי ער זאָל האָבען אן איינקונפט פון פערציג טויז־
זענד פונט א יאָהר; אום צו האָבען זיבען אדער אכט טיטלען, צעהן
אדער צוועלף פּאַלאַצען אין שטאָדט א שלאָס, און אויף זיין גוט, א
הונדערט לאקייען, א כסטאָדע הינט, קארעטען, אום צו ווערען א גע־
זעצגעבער און ריכטער, אום צו טראָגען אַ קרוין און אַ פּורפּורנעם
מאַנטעל ווי א קעניג, אום צו זיין אַ באַראָן און מאַרקיז, אום צו זיין
א פּיער פון ענגלאנד, האָט ער אוועקגעגעבען אורסוסעסביידעל און
־יא׳ס שמייכעל. פאר דעם אלעמען האָט ער אוועקגעגעבען גליק. ער
האָט אוועקגעגעבען א פּערעל פון ים. אה, משוגעת, ווי שוואך ער איז
געוועזן, ווי פאר׳שכור׳ט, דאָ האָט ער זיך דערמאָנט אַז אין דעם פיבער
פון רייכטהום, וואָס איהם האָט ארומגענומען איז ניט אלץ געווען אונ־
געזונט. עס וואָלט אפשר געווען עגאָיסטיש ווען ער ענטזאגט זיך דער־
פון, ווען ער איז פּלוצלונג געווארען א לאָרד, וואָס האָט ער געקענט
טאָן? פון די קאָמפּליצירטע פּאסירונגען איז ער ווי טעמפּ געווארען.
דאָס האָט מיט איהם פּאסירט, דאָס פליכט אויף געגענגעזעצטע אופנים
פליכט פון אַלע זייטען מיט אַמאָל, פּיעלפאכע פליכט און כמעט ווי
ווידערשפּרעכענד — אין אזא לאַגע איז ער געוועזן. עס איז געוועזן
דער ניט וויסען וואָס צו טאָן וואָס האָט איהם ווי פּאַראַליזירט, ווי א
ביישפּיל קען דינען זיין רייזע פון זיין הויז אין ווינדזאָר, צו דער הויז
פון לאָרדען, צו וועלכע ער האָט גאָר קיין ווידערשטאַנד ניט געמאַכט.
דאָס וואָס ווערט אנגערופען: שטייגען אין לעבען, מיינט איבערביי־
טען דאָס פּשוטע אויף אונרוהיגען שרעק, וואו איז די גלייכע ליניע?
יועמען איז מען שולדיג די ערשטע פליכט? צו דעם שכן? צו דער
מענשליכע ראסע? געהט מען ניט איבער פון דער קליינער פאמיליע
צו דער גאנצער מענשהייט? מען שטייגט, און מען פיהלט ווי א גע־
וויכט וועגט אראָפּ די עהרליכקייט. וואָס העכער מען שטייגט אלץ
מעהר פארפליכטונגען פיהלט מען, וואָס גרעסער די רעכט איז אלץ
מעהר פליכטען האָט מען. מען ווערט פארצווייפעלט, וואָס מען קען
זיך קיין איין וועג ניט אויסקלייבען, און אריינגעהענדיג אין איינעם
פון די וועגען, האָט מען אלץ מורא, אפשר איז דאָס ניט די ריכטיגע?
וואו געהט מען? אפשר בלייבען! געהן? בלייבען, וואָס קען מען טאָן?

עס איז ניט גוט וואס אונזער מזל שטעלט אונז אוועק וואו א סך ווע־
גען פאנגען זיך אן, און מען קען זיך אליין ניט אויסקלייבען.

ווען א מענש האט א אידעע, ווען ער איז די פארקערפערונג פון
א פאקט, ווען ער איז א סימבאל און אין דער זעלבער צייט א מענש
פון פלייש און בלוט, איז ניט די פאראנטווארטליכקייט א שווערערע?
דערפאר האט גווינפעלין געפיהלט נאך אונרוהיגער, דערפאר האט ער
געפאלגט, ווען מען האט איהם געהייסען פארנעמען זיין פלאץ. דער אי־
בערלייגטער מענש איז אפט דער געהארכזאמסטער. עס האט זיך איהם
אויסגעדאכט אז ער האט געהערט דעם באפעל פון פליכט. איז ניט דער
ארייננעהן אין א פאלאץ וואו מען קען קעמפען פאר די אונטער־
דריקטע, די פארווירקליכונג פון זיין גרעסטען טרוים. ווען מען האט
איהם געהייסען רעדען, איהם איינעם פון די אויסערוועהלטע אונטער
נעמען די מענשליכע ראסע קרעכצט שוין זעקס טויזענד יאהר, האט
ער געהאט א רעכט צו ענטזאגען זיי?

אין דער אונקלאהרער און קאפדרעהענדער דעבאטע פון זיין גע־
וויסען, וואס האט ער געזאגט? ער האט געזאגט: „דאס פאלק איז
שטום, איך וועל ווערען דער פארטהיידיגער פון דאס פאלק, איך וועל
רעדען פאר די שטומע, איך וועל רעדען פון די קליינע צו די גרויסע,
פון די שוואכע, צו די מעכטיגע, דאס מוז זיין מיין צוועק. גאט וויל
וואס ער וויל און ער טוט דאס. עס איז זיכער ערשטוינענד, וואס די
פלאש פון הארדקוואנאן, וואס האט אין זיך געהאט דעם כשוף צו
פארוואנדלען גווינפעלינען אין לארד קלאנטשארלי, זאל ארום שווימען
אין דעם אפענעם ים פופצעהן לאנגע יאהר, אין אלע שטורעמען און
ווינטען, און די פלאש זאל בלייבען גאנץ. איך פארשטעה פארוואס,
דאס איז דער סוד פון דעם שיקזאל. איך האב דעם שליסעל און עפען
אויף די קעסטעל פון דעם רעטעניש. מען האט מיר אויסגעוועהלט,
איך האב א מיסיאן, איך וועל זיין דער לארד פון די ארימע, איך וועל
זיין דער מויל פון אלע שטומע און פארצווייפעלטע, איך וועל ער־
קלערען זייער שטאמלען, איך וועל ערקלערען זייער קרעכץ, זייער
געשריי, דעם געשריי פון דער מאסע, דעם פארוואורף וואס איז שלעכט
ארויסגערעדט געווארען, די אונפארשטענדליכע שטימען, איך וועל זיי
העלפען, איך וועל זיי פארשטענדליך מאכען, איך וועל זיין דאס

וואָרט פון דאָס פאָלק, דורך מיר וועלען זיי קענען פאַרשטעהן. איך וועל אַלץ זאָגען, דאָס איז מיין אויפגאַבע.“

יע, רעדען פאַר די שטומע איז גוט, אָבער רעדען צו טויבע איז טרויעריג. דאָס איז געווען די צווייטע טייל פון זיין ערפאַהרונג.

גאָט, ווי ער האָט זיך פאַרפיהרט, ווי ער האָט זיך אָפּגענאַרט.

אָט די גוטע זאַכען וואָס ער האָט געוואָלט טאָן, די הויכע צוועקען, אַלץ איז צופאַלען אונטער איהם.

ווי ער איז געפאַלען, אַריינגעפאַלען אין דעם שוים פון געלעכטער.

ער האָט געמיינט אַז ער איז שטאַרק, ער וואָס איז אַזוי לאַנג געשוואומען, און אויפמערקזאַם זיך צוגעקוקט, אין דעם ים פון מענשליכע ליידען, ער וואָס האָט פון דעם טרויער אַרויסגעבראַכט אַ וויי־טאָגדיגען אויסגעשריי, ער איז געזונקען געוואָרען פון דער שיף פון קליינליכען רייכטהום, ער האָט געמיינט אַז ער וועט ראַבע נעמען און ער איז געוואָרען אַ פּאַיאַץ. ער האָט זיי געוואָלט טרעפען מיט אַ דונער און ער האָט זיי געקיצעלט. אנשטאָט מיט געפיהל האָט ער ערוועקט שפּאָט, ער האָט געוויינט, אינווייניג און זיי זענען געווען פרעהליך. און אונטער דער פרייד איז ער אונטערגעגאַנגען, געשטאָרבען.

פון וואָס האָבען זיי געלאַכט? פון זיין געלעכטער.

אָט אַזוי וועט דער אונפאַרצייהליכער פאַרברעכען פון וועלכען ער יועט דאַרפען ליידען זיין גאַנצען לעבען בלייבען אַן אורזאַכע פאַר פרייד פאַר אַלע מענשען. אָט דער שטשירען מיט די ציין, וואָס איז אַ בראַנד־מאַרק , אַ סימבאָל פון אונטערדריקונג. אָט די מאַסקע פון פרייד וואָס איז געמאַכט געוואָרען דורך ליידען אויף דעם פאַרלאַנג פון אַ קעניג, אַ סימבאָל פון פאַרברעכען וואָס ווערט באַגאַנגען פון אונטערדריקער אויף די פעלקער, דאָס האָט איהם באַזיגט, פון דער באַשולדיגונג געגען דעם פאַרברעכער איז פאַראורטיילט געוואָרען דער אָפּפער. דער קעניג מיט זיינע אַרויסהעלפער, נאָך דעם ווי ער האָט געקראָגען די אויבערהאַנט אויף זיין פאָטער, האָט געקראָגען די אויבער האַנט אויף איהם. צוליעב דאָס שלעכטס וואָס איז באַגאַנגען געוואָרען האָט מען ניט געוואָלט אויסהערען די אָנקלאַגע אויף דאָס שלעכטע וואָס ווערט באַגאַנגען. אויף וועמען האָבען די לאָרדען זייער כעס אויסגעלאָזען, אויף דעם פאַרברעכער? ניין אויף דעם אָפּפער, דאָ

איז דער טראָן, דאָ דאָס פאָלק, דאָ דזשיימס דער צווייטער, דאָ גווינ־
פעלין. איז דאָס מעגליך אַז שטעהענדיג אַזוי פּנים אל פּנים האָבען
זיי דעם פאַרברעכען ניט געזעהען? עס איז געווען אַ באַליידיגונג און
אַ פאַרברעכען. אין וואָס איז די באַליידיגונג געווען? אין דעם פאַר־
וואורף, און וואָס איז דער פאַרברעכען באַשטאַנען? אין די ליידען.
זאָל זיך דאָס ליידען באַהאַלטען אין די לעכער און שווייגען, אויב ניט
איז דאָס פּאַראַט. זענען די מענשען וואָס האָבען גווינפּעלינען גע־
שלעפּט אויפ'ן קרימינעלען שליטען פון סאַרקאַזם, געווען פאַרברע־
כער? ניין, זייער חסרון איז געווען, וואָס זיי זענען גליקליך, זיי זענען
געווען תליונים אליין ניט ווייסענדיג דערפון, זיי זענען געווען אין אַ
גוטער שטימונג, און גווינפּעלין איז געקומען אויפגעעפענט זיין ברוסט
ארויסגעריסען זיין האַרץ און לעבער, און זיי האָבען געשריען: „שפּיל
דיין קאָמעדיע!" עס איז האַרצברעכענד, אָבער ער האָט אַליין גע־
לאַכט. די שוידערליכע קייטען וואָס האָבען געבונדען זיין נשמה און
האָבען אָפּגעהאַלטען זיינע געדאַנקען זיך אויפצוהויבען איבער זיין
צורה. ער איז געווען צוקאַליעטשעט ניט נאָר אויפ'ן פּנים נאָר אויך
אין געדאַנק און ווען זיין באַוואוסטזיין איז געוואָרען אין כעס, האָט
זיין פּנים געלאַכט. ער איז געווען דער מענש וואָס לאַכט, און ער
טאָר ניט רעדען פון אַ וועלט וואָס וויינט, זיינע ליידען ווערען דער־
טרונקען אין אַ וועלט פון געלעכטער. ער האָט אין זיך געטראָגען
דעם אומגליק, און ער איז שטענדיג געווען ארומגערינגעלט פון פרייד
איראָניע און לוסטיגקייט. ער האָט מיטגעפיהלט מיט אַלע אונטער־
דריקטע פון וועמען ער איז געווען די פאַרקערפּערונג און זיי האָבען
געלאַכט. ער איז געווען אַן אונגעהייערער פּאַיאַץ. ווי מאָדנע דער
שיקזאַל האָט זיך געשפּיעלט מיט איהם; ער איז ארויס פון טורמע
געוואָרען אַ גאָט, זיך אויפגעהויבען פון די נידעריגסטע שיכטען ביז
דעם טראָן, און נאָך דעם ווי ער האָט אַמוזירט די אָרעמע, איז ער
געקומען פרעהליך מאַכען די רייכע! די גאַנצע גוטסקייט, ענטוזיאַזם,
האַרץ, נשמה, צרון, כעס, ליעבע, ליידען, וואָס ער האָט אין זיך גע־
האַט, האָט זיך געענדיגט מיט — אַן אויסברוך פון געלעכטער. און
ער האָט באַמערקט, ווי ער האָט די לאָרדען געזאָגט, אַז ער איז קיין
אויסנאַם ניט. אַז דאָס איז דער נאָרמאַלער, געוועהנליכער, אוניווער־
זאַלער פאַקט, דער גרויכער אַליז באַהערשענדער פאַקט, אַזוי אַלגעמיין

אין דער רוטינע פון לעבען איז ער אַז קיינער באַמערקט איהם שוין ניט. דער שטאַרבענדער לאַכט, דער שקלאַף לאַכט, דער סאָלדאַט לאַכט, דאָס גאַנצע פאָלק לאַכט: די מענשליכע געזעלשאַפט איז אַזוי צוזאַמענגעשטעלט, אַז אַלע אומגליקען, קאַטאַסטראָפען, פעסטען, פיבערן, אַלע ליידען וועלען אויפגעלייזט אין דער שוידערליכער גרי־מאַסע פון פרייד. ער איז געווען די גרימאַסע, דער געזעץ פון הויבען, פון דער אונבאַקאַנטער מאַכט וואָס רעגירט אונז, האָט געוואָלט, אַז אַ זעהבאַרער, באַוועגליכער גייסט, אַ גייסט פון פלייש און בלוט, זאָל איינזאַמלען אין זיך די מאַנסטערהאַפטע פּאַראָדי פון דער וועלט, דעם געלעכטער. ער איז געווען דער גייסט.

העלפען קען מען דאָס שוין ניט. ער האָט געשריען „רחמנות פאַר די ליידענדע!" אומזיסט. ער האָט געוואָלט דערוועקען רחמנות אין זיי, און ער האָט דערוועקט שרעק. אַזוי איז אַלע מאָל ווען אַ גייסט ערשיינט.

די האַרצברעכענדע זאַך איז געווען וואָס ער איז געווען אַ מענש אַזוי גוט ווי אַ גייסט. אויסערליך אַ גייסט און אינערליך אַ מענש. אפשר מעהר מענש פון יעדען איינעם, ווייל אין די צוויי זייטען פון זיין לעבען איז געווען פאַרקערפּערט די גאַנצע מענשהייט. ווי אונצו־שיידבאַר זיין לעבען איז געווען, וואָס איז ער געווען? אַן אומגליקלי־כער? ניין, ווייל ער איז געווען אַ לאָרד. וואָס איז ער געווען? אַ לאָרד? ניין, ווייל ער האָט באַקעמפט, ער איז געווען דער ליכט בריינ־גער. ער איז געווען דער שטן, זיכער, אבער לוציפער, ער איז געקומען אַן אומגליקליכער מיט אַ פאַקעל אין האַנט.

אומגליקליך? צוליעב וועמען? צוליעב די אומגליקליכע. דערפאַר האָבען זיי איהם צוריקגעטריבען, אַריינקומען צו זיי? קיין מאָל ניט! די שטערונג וואָס איז געלעגען אין זיינע אידעען איז געווען נאָך ער־גער. זיין רעדע האָט געמאַכט נאָך אַ שוידערליכען איינדרוק ווי זיין פּנים. ער האָט קיין איין געדאַנק ניט געהאַט וואָס קען איהם צולאָ־זען צו דער וועלט פון די מעכטיגע. צווישען מענשען און זיין פּנים איז געווען אַ מאַסקע: צווישען דער געזעלשאַפט און זיינע אידעען — אַ וואַנט. לעבענדיג פון קינדהייט אַן אַלץ וואַנדערענדער שפּילער, צווישען דער גרויסער, גראָבער, לעבעדיגער מאַסע, האָט ער פאַרלאָרען

דעם זין, דעם ספּעציעלען זין פאַר די רעגירענדע קלאַסען, פון אויבען איז ער געווען אונמעגליך, ער איז אַרויסגעקומען טריפענדיג מיט וואַסער, פון דעם ברונעם פון אמת, ער האָט מיט זיך געטראָגען דעם אומגליק פון דעם אפּגרונד. ער איז געווען אָפּשטויסענד פאַר די פּרינ־צען וואָס זענען פערפּימירט מיט פאַלשקייט. דער אמת איז אַ באַליי־דיגונג פאַר דעם וואָס לעבט אין אַן אויסגעטראַכטע וועלט, דער וואָס דורשט נאָך חניפה, קען ניט פאַרדייען דעם אמת. דאָס וואָס ער, גווינפּעלין, האָט געבראַכט, האָט דאַרט ניט באַלאַנגט. וואָס איז דאָס געווען? שכל, חכמה, יושר, זיי האָבען איהם צוריק געוויזען מיט פאַראַכטונג.

גייסטליכע זענען דאָרט געווען, ער האָט זיי געבראַכט גאָט. זיי האָבען געפרעגט: „ווער איז דער פרעמדער?"

געגענזייטיגע פּאַלויסען באַקעמפען איינע די אַנדערע. אַ פאַר־איינינונג איז אונמעגליך. זיי קוקען איינע אויף די אַנדערע מיט כעס, און מעהר ווי אַ געשריי פון צאָרן איז אונמעגליך. דאָ איז געווען די גאַנצע ליידען פון דער מענשהייט איז קאָנצענטרירט אין איין מאַן, און דער גאַנצער שטאַלץ קאָנצענטרירט אין דעם קלאַס.

עס איז נוצלאָז צו באַשולדיגען. מען דאַרף בלויז פאַרשטעהען. גווינפּעלין האָט פאַרשטאַנען, שטעהענדיג אויף דעם ברעג פון זיין שיקזאַל, האָט ער פאַרשטאַנען די אונמעגליכקייט פון זיין פאַרזוך. ער האָט געזעהען ווי טויב זיי זענען, די פּריווילעגירטע האָבען ניט קיין אויער פאַר די אינגליקליכע, איז די שולד אין דעם וואָס זיי זע־נען פּריווילעגירטע? ניין, דער חסרון איז דאָ אין די געזעצען, מען מוז זיי אַנטשולדיגען, זיך לאָזען פאַרפיהרען פון די געפיהלען, מיינט ניט פאַרשטעהען די לאַגע. מען טאָר קיין זאַך ניט ערוואַרטען פון לאָרדען און פּרינצען. צופרידענע מענשען קענען ניט גערירט ווערען. די אונטערגעהענדע עקזיסטירען ניט פאַר דעם צופרידענעם, די גליק־ליכע ווייסען ניט פון די איינזאַמע. אויף דעם שוועל פון זייער גן־עדן, ווי אויף דעם שוועל פון גיהנום, מוז מען אויסשרייען: „לאָזט אַלע האָפענונגען הינטער זיך."

גווינפּעלין האָט געהאַט אַזאַ אויפנאַהמע וואָס אַ גייסט קריגט אַנקומענדיג אין דער קעניגרייך פון גאָט

דאָ האָט מיט אַמאָל אַלץ אין איהם פּראָטעסטירט. ניין, ער איז ניט קיין גייסט, ער איז אַ מענש, ער האָט צו זיי געזאָגט, ער האָט דאָס צו זיי אויסגעשריען, אַז ער איז אַ מענש, אַז ער איז ניט קיין גייסט, אַז ער איז באַוועגליכע פלייש, אַז ער האָט געהירען און ער דיינקט, אַז ער האָט אַ האַרץ און ער ליעבט, אַז ער האָט אַ נשמה און האָפט, אַז ער האָט צו פיעל געהאָפט, דאָס איז אין דער אמת'ן זיין חסרון געוועז.

גאָט, ווי ער האָט איבערגעטריבען די האָפענונג. אַזוי אַז ער האָט געגומען גלויבען אין דער וואונדערבאַרער און אונמעגליכער זאַך — אין דער הויכער געזעלשאַפט.

גלייך אין אָנפאַנג האָבען זיי איהם געגעבען די דריי זאַכען וואָס זיי קענען געבען, הייראַט, פאַמיליע און קלאַס. הייראַט? ער האָט אין דעם געזעהען פּראָסטיטוציע פאַמיליע? זיין ברודער וועט איהם מאָר־גען ערוואַרטען מיט אַ שווערד אין האַנט. קלאַס? זיי האָבען איהם אין פּנים געלאַכט, געלאַכט פון איהם אַן אַדעליגען, פון איהם אַן אומ־גליקליכען, מען האָט איהם צוריקגעוויזען נאָך איידער מען האָט איהם אויפגענומען. און די דריי ערשטע טריט פון דער געזעלשאַפט האָ־בען געעפענט פאַר איהם דריי אָפּגרונדען.

און זיין פאַלען האָט זיך אָנגעפאַנגען דערפאַר, וואָס ער איז פאַרעטעריש צושניטען געוואָרען, און די קאַטאַסטראָפע איז צו איהם געקומען מיט דער פאָדערונג — שטייג אַרויף, און געמיינט — זינק אַראָפּ.

ער איז געוועז דער געגענזאַץ פון איוב'ן. דורך רייכטום זענען זיינע אומגליקען געקומען.

אָה, טראַגישע מענשליכע רעטעניש! זעה וואָס פאַר אַ צרות, ווי אַ קינד האָט ער געדאַרפט קעמפען מיט דער נאַכט. און ער האָט איהר באַזיגט. ווי אַ מאַן קעמפט ער מיט'ן שיקזאַל און ער האָט איהם אויך באַזיגט, זייענדיג מיאוס איז ער געוואָרען שעהן און פון אונגליקליך — גליקליך; זייענדיג אַ וואַגאַבונד, האָט ער געהאַט די גאַנצע וועלט פאַר זיך, און ווי די פייגעל פון הימעל פלעגט ער געפינען די ברעקלאָך ברויט, ווילד און איינזאַם; איז ער אויסגעקומען מיט דער מאַסע און ער האָט זיי פאַר פריינד געמאַכט. ווי אַן אַנשטעל האָט ער געקעמפט

מיט א ליבע, דאָס פאָלק, און ער האָט איהם געצאַמט, ער האָט גע־קעמפט געגען פארצוויפלונג; ער איז געשטאַנען פּנים אל פּנים מיט נויט און אָרעמקייט, און פאראייניגענדיג זיך מיט פרייד, האָט ער דאָס אויך באַקעמפט. ער האָט געקענט אויף זיך גלויבען, אז ער איז דער באַזיגער פון לעבען, און פּלוצלונג זיינען נייע כחות צוגעקומען און איהם גענומען באַקעמפען, זיי זענען געקומען, און ניט מעהר סטראַ־שענדיג, נאָר מיט צערטליכקייט און שמייכלען אויף די ליפּען, מיט ליעבע. די פליישיגע ליעבע האָט איהם אַרומגענומען, איהם וואָס האָט די גאַנצע צייט געלעבט מיט דער אידיאַלער, ער האָט געהערט ווער־טער, ליידענשאַפטליכע, וואָס האָבען געקלונגען ווי א געשריי פון צאָרן. ער איז ארומגענומען געוואָרען פון די אָרעמס פון א פרוי, און זיי האָבען געווירקט ווי שלאַנגען. דאָס ליכט פון דאָס אמת'ע איז נאָכגעפאָלגט געוואָרען פון דעם צויבער פון דאָס פאלשע. ווייל ניט דאָס פלייש איז ווירקליך, נאָר די נשמה, דאָס פלייש איז אַש, די נשמה איז פייער. די מענשען וואָס זענען געווען צוגעבונדען צו איהם דורך אָרעמקייט און נויט איז געווען זיין אמת'ע פאַמיליע, די פאמיליע, פאר וועמען ער האָט זיי געדאַרפט פארבייטען, די פאמיליע פון בלוט, איז אָבער געווען פון געמישט בלוט, און גלייך ביים אַריינקומען אין דער פאַמיליע האָט ער געטראָפען א ברודער וואָס האָט איהם ארויסגערופען אויף א דועל. גאָט, ער האָט זיך ערלויבט אריינצוקומען אין א פאַ־מיליע פון יענעם קלאַס פון וועלכען באַרטאַס, וועמען ער האָט ניט גע־לייענט, האָט געזאָגט, אז „דער זוהן האָט א רעכט ארויסצורופען זיין פאָטער אויף א דועל.“

ער האָט מיט אַמאָל דערזעהען ארום זיך, אנשטאַט מענשען וואָס האָבען איהם אָפּלאַדירט, מענשען וואָס האָבען איהם געשאָלטען. א טרויעריגער איבערבייט.

צו וואָס האָט איהם געטויגט צו באַזיגען יענע שטערונגען? צו וואָס האָט ער געדאַרפט אין אַנפאַנג זיגען? צו וואָס נוצט דאָס איהם אז איצט מוז ער אזוי דורכפאַלען?

ער האָט זיין פריהעריגען פּלאַץ פארלאָזען, האלב געצוואונגען און האלב מיט זיין אייגענעם ווילען. נאָך דעם וואָפענטרעגער האָט ער געדאַרפט האַנדלען מיט באַרקילפעדראָ'ן, מיט איהם האָט ער שוין

געהאַנדעלט מיט'ן פרייען ווילען. ער האָט פאַרלאָזען דאָס אמת'ע צו־ליעב דאָס פאַלשע, דיא'ן צוליעב זשאָזיאַנאַן, דעם גן־עדן צוליעב דעם אָלימפּ. ער האָט פאַרזוכט פון די גאָלדענע פרוכט און ער האָט אויס־געשפּיגען אַ פולע מויל מיט אַש.

וואָס דערפון איז אַרויסגעקומען: באַזיעגט, פאַרלאָרען, געפאַלען און רואינירט. אַלע האָפנונגען פאַרשוואונדען, און זייער פּלאַץ פאַר־נעמט דער שפּאָט, ער איז אויסגעניכטערט. וואָס וועט איצטער זיין? וועט ער טראַכט וואָס מאָרגען וועט זיין, וואָס זעהט ער? אַ שפּיץ פון אַ נאַקעטען שווערד אויסגעשטעלט געגען זיין ברוסט, און די הענ־טעל פון דעם שווערד איז אין דער האַנט פון זיין ברודער. ער האָט פאַר די אויגען געזעהען דעם שוידערליכען שפּיץ פון דעם שווערד, און דאָס איבעריגע — זשאַרזיאַנאַ, די הויז פון לאָרדען, איז געוועזען הינ־טער איהם, ווי אַ קאַשמאַר, פול מיט שרעקליכע בילדער.

און דער ברודער איז געקומען און האָט זיך פאַר איהם אַזוי מור־טיג אָנגענומען, גאָט, דער טאָם־זשים־דזשעק וואָס האָט פאַרטיידיגט גווינפּעלינען און דער לאָרד דעוויד לאָרד קלאַנ־טשאַרלי איז זיין ברודער, ער האָט איהם נאָך כמעט ווי ניט געזעהען, און ער האָט איהם שוין אַזוי ליעב.

וואָס פאַר אַ קלעפּ ער האָט געקראָגען!

ווייטער אַזוי אָנגעהען איז אונמעגליך, פאַרצווייפלונג רינגעלט איהם פון אַלע זייטען אַרום, אויסער דעם, צוליעב וואָס דאַרף ער דאָס? דער אָנפאַנג איז שוין אָבער געמאַכט געוואָרען און ער מוז ווייטער געהען.

גווינפּעלין איז געוועזען ווי אַ קאַרטענשפּילער, וואָס האָט שוין אַלע זיינע טרומפען אויסגעשפּילט. ער האָט זיך געלאָזען שלעפּען אין דעם פּלאַץ פון קאַרטען־שפּיל, אַליין ניט וויסענדיג וואָס ער טוט. ער האָט אין קאָן געשטעלט דיאָן געגען זשאַרזיאַנאַן, און מען האָט איהם אויס־געלאַכט. ער האָט אין קאָן געשטעלט אורסוס'ען געגען אַ פאַמיליע, מען האָט איהם באַליידיגט, ער האָט געשטעלט אין קאָן די פּאַיאַצען ביידעל געגען אַ פּלאַץ צווישען די לאָרדען און מען האָט איהם פאַר־שריען. גווינפּעלין האָט פאַרלאָרען, עס איז שוין מעהר ניט געבלי־בען, ווי נאָר באַצאָהלען, באַצאָהל יו אומגליקליכער!

מענשען וואָס ווערען געטראָפען פון אַ בליץ, באַוועגען זיך ווינ־

ציג. גווינפּלען איז געשטאַנען באַוועגלאָז. ווען אימיצער וואָלט איהם דערזעהען פון דערווייטענס שטעהענדיג אַזוי אַנגעשפּאַרט אויף דעם געלענדער, וואָלט געמיינט, אַז דאָס שטעהט דאָרט אַ שטיין.

דער גיהנום, דער שלאַנג און פאַרוואורף זענען איינע אין די אַנ־דערע איינגעפלאָכטען. גווינפּלען האָט זיך אַראָפּגעלאָזען אין זיינע גע־דאַנקען, אונטערצווזוכען וואָס דאָ האָט פּאַסירט. ער האָט געטראַכט פון דער וועלט אויף יועלכער ער האָט נאָר אַ בליק געטאָן, אַט דער קאַלטער בליק וואָס איז אַז ענטשיידענדער. הייראַט — אָבער אָהן ליעבע, פאַמיליע — אָבער אָן איבערגעבענהייט, רייכטום — אָבער אָהן געוויסען, שעהנהייט — אָבער אָהן באַשיידענהייט, גערעכטיגקייט — אָבער אָהן גלייכהייט, מאַכט — אָבער אָהן שכל, אויטאָריטעט — אָהן רעכט, גלאַנץ — אָהן ליכט. ער האָט אין זיין פאַרשטעלונג אַלץ ארומגענומען, ער האָט יעדער זאַך באַזונדער עקזאַמינירט: שיק־זאַל, לאַגע, געזעלשאַפט, זיך אַליין: וואָס איז שיקזאַל? אַן אָפּגרונד, זיין לאַגע? אַ פאַרצווייפעלטע. די געזעלשאַפט? אַ פאַרהאַסטע. ער אַליין? אַ מאַן אַ פאַרלאָרענער, און אין דער טיפעניש פון זיין נשמה האָט ער אויסגעשריען: „די געזעלשאַפט איז אַ שטיפמוטער. די נאַ־טור איז אַ מוטער. די געזעלשאַפט איז די קערפּערליכע וועלט, די נאַ־טור איז די וועלט פון דער נשמה. דער סוף פון דער ערשטער איז די טרונע, די גרוב, די ווערים אין קבר, און פון דער צווייטער, דאָס אויסשפּרייטען פון די פליגלען, דאָס ענדערען זיך אין זונען־אויפגאַנג, דאָס ארויפשטייגען אין דאָס אונענדליכע און פון דאָרט איבעראַנייס אָנפאַנגען, ביסלאַכווייז האָט זיך איהם דער קאָפּ פאַרדרעהט, אַלץ האָט זיך ארום איהם ארומגעדרעהט. זאַכען וואָס ענדיגען זיך אָפּ, האָבען אַ לעצטען גלאַנץ, אין וועלכען מען זעהט אַלצדינג, דער וואָס אורטיילט, דערזעהט אַלץ אין יענעם מאָמענט. גווינפּלען האָט גע־שטעלט פּנים אל פּנים אַלץ וואָס די געזעלשאַפט האָט פאַר איהם גע־טהאָן און אַלץ וואָס די נאַטור האָט פאַר איהם געטאָן. ווי גוט די נאַטור איז צו איהם געווען, ווי זי האָט איהם אין אַלץ געהאָלפען, זי, וואָס איז די נשמה, אַלץ איז פון איהם אַוועקגענומען געוואָרען, אַלץ, אפילו זיין אויסזעהען, און זי האָט איהם אַלץ צוריקגעגעבען, אַלץ, אפילו זיין אויסזעהן, ווייל דאָרט פון אונטען איז געווען אַ געטליכע ווייסע באַשעפעניש, וואָס איז ספּעציעל פאַר איהם געמאַכט געוואָ־

רען, וואָס האָט זיין אויסזעהען ניט געקענט זעהען. און וואָס האָט יאַ געזעהען זיין שעהנקייט.

און פון איהר האָט ער זיך ערלויבט געשיידעט צו ווערען, פון דער געטליכער באַשעפעניש, פון דער האַרץ, פון דער צערטליכקייט. פון דעם בלינדען קוק וואָס האָט איהם געזעהען, איז ער אַוועק. דיאַ איז געוועזען זיין שוועסטער, ווייל ער האָט געפיהלט די איבערגעבענהייט וואָס איז צווישען זיי ביידע, די געהיימנים, וואָס ענטהאַלט דעם גאַנצען הימעל. דיאַ, ווען ער איז געוועזען אַ קליינער אינגעל, איז פאַר איהם געוועזען די „היילינע יונגפרוי“, יעדער קינד האָט זיך זיין היילינע יונגפרוי, און גלייך אין אָנפאַנג ווען קינדער ווערען נאָך געבאָרען, ווערען צוויי נשמות פאַראייניגט. דיאַ איז געוועזען זיין צווייטע העלפט, זיי האָבען ביידע געוואוינט אין דעם זעלבען נעסט. דיאַ איז נאָך מעהר געוועזען פאַר איהם. זי איז געוועזען זיין ליכט, אָהן איהר איז אַלץ געוועזען חושך, פינסטער, ער האָט אויף איהר געקוקט ווי פון איהר וואָלטען שטראַהלען אַרויסגעשפּראָצט. וואָס וועט פון איהם ווערען אָהן דיאַ'ן? וואָס וועט ער טאָן מיט זיין לעבען, קיין זאַך האָט איז איהם ניט געלעבט אָהן איהר, ווי האָט ער איהר געקענט פאַרלאָזען, אפילו אויף איין מאָמענט, אַה, אונגליקליכער מענש! ער האָט זיך געלאָזען אוועקפיהרען פון איהר, און איצט איז זי אין גאַנצען ניטאָ.

וואו איז זי, זייז שטערען! דיאַ! דיאַ! גאָט, ער האָט פאַרלאָרען זיין לעבען, נעהמט אַוועק די שטערען, איז דאָך פאַר אונז גאָר ניט געבליבען, דער הימעל? אַ שוואַרצקייט, אַ פינסטערניש. אָבער, איז טאַקי אַלץ אַוועק? אַה, ווי גליקליך ער איז געוועזען. גאָט האָט ווידער באַשאַפען דעם גן־עדן פאַר איהם, און צו גוט איז איהם דאָרט געוועזען, איז דער שלאַנג אַריינגעקומען, אָבער דעם מאָל האָט ער דעם מאַן צוגערעדט. מען האָט איהם פאַרפיהרט, אַרויסגעפיהרט, און דאָרט איז ער אַן דעם אָפגרונד אַראָפּגעזונקען, ער איז אַראָפּגעפאַלען אין דעם כאַאָס פון שוואַרצען געלעכטער — אין דעם גיהנום. וועה! ווי שוידערליך איז דאָס אַלץ וואָס האָט איהם פאַרכשופ'ט, וואָס איז דאָס די זשאַרזעאַנאַ? אַ, די שוידערליכע פרוי, זי האָט אויסגעזעהען כמעט ווי אַ חיה, כמעט ווי אַ געטין. גווינפּעלין איז איצט געוועזען אויף דער צווייטער זייט פון זיין ערהויבונג און ער האָט געזעהען דאָס וואָס האָט איהם אַזוי באַצויבערט. עס איז

געווען אפּשטויסענד. דער לאָרד איז געווען א קאַליקע, די קרויין מיאוס. דער פאָרפאָרנער מאנטעל איז געווען א קלעגליכער. די פּאַלאַ־צען, פארגיפטענד, די אונגעזונטע פארעטערישע לופט וואס מען האט דאָרט אריינגעאָטעמעט טרייבט איינעם צו משוגעת. אָה, גווינפּע־לינס וואגאבונדען קליידער זענען געווען וואונדערבאַר, אָה, וואו איז די גרינגע קאסטען, ארעמקייט, פרייד, דער ליעבער וואנדערענדער לע־בען, ווי די פויגלען, זיי האבען זיך קיין מאָל ניט צושיידעט, זיי האָ־בען זיך געזעהען יעדען מינוט פון טאָג. בייטאָג, אין אָוועגט, ביים טיש האבען זיך זייערע עלענבויגענס אָנגערירט, זיי האָבען געטרונ־קען פון דער זעלבער גלאָז, די זון האָט אַריינגעשיינט דורכ'ן פענס־טער, אבער דאס איז נאָר געווען די זון און דיא איז ליעבע. ביינאַכט האָבען זיי געוואוסט אז זיי זענען געשלאָפען ניט ווייט איינע פון די אנדערע, און דיאַ'ס טרוים פלעגט אויפלייכטען פאר גווינפּעלינען, און גווינפּעלינס טרוים פלעגט אויפבליהען פאר דיאַ'ן, ערוואַכענדיג זענען זיי ניט געווען איינגאַנצען זיכער צי זיי האָבען זיך ניט געקושט אויף די וואָלקענס אין טרוימלאַנד, די גאַנצע אונשולד האָט זיך פאר־אייניגט אין דיאַ'ן, די גאַנצע חכמה אין אורסוס'ן. זיי זענען געפּאַה־רען פון שטאָדט צו שטאָדט, זיי האָבען געוואונען די אָפענע פריידיגע ליעבע פון דאָס פאָלק. זיי זענען געווען וואַגאבונדען מלאכים, גענוג מענשליך ארומצוגעהען דאָ אויף דער ערד, און האָבען ניט געהאָט קיין פליגלען אוועקצופליהען דאָרט אין דער הויך. און איצט איז דאָס אלץ פארשוואונדען! וואו איז דאָס אלץ? איז דאָס מעגליך אז אלץ איז פארשוואונדען? אלץ איז פארשוואונדען, אלץ איז פארלאָרען. גאָט, וואָס איז מיט זיי געוואָרען? און ער איז דאָרט ניט געווען זי צו פארטיידיגען, זיך אייגשטעלען פאר זיי, באַשיצען זיי, ווי א לאָרד מיט א טיטעל, מיט זיין שווערד, ווי א פּאַיאַץ, מיט זיינע פויסטען און נעגעל. און דאָן איז געקומען דער ביטערער געדאַנק, דער ביטערס־טער פון אלע אפשר, ניין, ער האָט זיי ניט געקענט פארטיידיגען, ער אַליין האָט זיי רואינירט. עס איז געווען אום כדי ער זאָל זיך ניט טרעפען מיט זיי, ער, לאָרד קלאַנטשארלי, דער בעסטער אופן זיי צו פארטיידיגען, איז אין גאַנצען צו פארשווינדען דאָן וועט שוין מעהר ניט זיין קיין אורזאַכע פאר זייער פארפאָלגונג, ווען ער וועט ניט זיין, וועט מען זיי צורוה לאָזען.

אַ, פאַרוואָס האָט ער זיך געלאָזען אָוועקפיהרען פון דיא׳ן? איז דען זיין ערשטע פליכט ניט דיא? ראַטעווען און פאַרטיידיגען דאָס פאָלק? אבער דיא איז דאָס פאָלק. דיא איז די פאַר׳יתום׳טע, בלינ־דע מענשהייט. אַ, וואָס האָט מען זיי געטאָן? וואָס וועט פון זיי ווערען אָהן איהם? גווינפּעלין אָהן דיא׳ן איז אַזאַ זאַך מעגליך? דיא אַוועק, איז אַלץ אַוועק. די באַליעבטע גרופּע איז ערגעץ פאַרשוואונ־דען, זיי וועלען שוין מעהר ניט צוריק קומען, און ער, גווינפּעלין, איז פאַראַכטעט און פאַרשאָלטען, צו וואָס נאָך ווייטער לערנען? ער האָט שוין מעהר גאָר ניט צו ערוואַרטען, ניט פון מענשען און ניט פון גאָט. דיא! דיא! וואו איז דיא? פאַרלאָרען. פאַרלאָרען? דער וואָס האָט פאַרלאָרען זיין נשמה קען איהר נאָר אין איין פּלאַץ צוריקקרי־גען אין טויט.

גווינפּעלין האָט מיט זיין האַנט אַנגעכאַפּט דעם געלענדער, און געקוקט אויפ׳ן וואַסער, ווי די איינציגע לייזונג פון דעם פּראָבלעם.

דאָס איז שוין די דריטע נאַכט וואָס ער שלאָפט ניט, ער איז געווען פיבעריש, קראַנק. די פינסטערניש האָט איהם איינגעלאַדען אין איהר בעט, פון אונענדליכע שאָטענס.

ער האָט אַראָפּגענומען זיין מאַנטעל איהם צוזאַמענגעלעגט, זיין האַנט האָט זיך פאַרטשעפּעט אָן דער קעשענע, עס איז געווען דער רויטער בוך וואָס דער ביבליאָטעקער האָט איהם געגעבען. ער האָט אַרויסגענומען זיין נאָטיץ־ביכעל פון קעשענע, האָט דאָרטען געפונען אַ בליישטיפט און אַנגעשריבען די צוויי שורות:

„איך געה אַוועק, זאָל מיין ברודער דעוויד פאַרנעהמען מיין פּלאַץ און זיין גליקליך.“

אין ער האָט זיך אונטערגעשריבען: פערמיין קלאַנטשאַרלי, פּיער פון ענגלאַנד.

דאַן האָט ער דעם מאַנטעל אויף דער ערד אַוועקגעלעגט, זיין הוט אויף דעם מאַנטעל און דעם רויטען בוך אויף דער בלעטעל, אויף וועלכער ער האָט איצטער געשריבען; ער האָט איהם אויפגעהויבען און איהם אַרויפגעלייגט אויף דעם בוך.

ער האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויפ׳ן געלענדער, פאַרלעגט די הענט פון הינטען.

„אזוי איז דאָס“, האָט ער געזאָגט.

און ער האָט געקוקט אויף דעם שווארצען וואסער.

אין דעם מאָמענט האָט ער דערפיהלט, ווי אַ צונג לעקט זיין האַנט.

ער האָט אַ ציטער געטאָן און זיך אומגעקוקט.

האָמאָ איז געשטאַנען הינטער איהם.

---

## 3 טער קאַפּיטעל.

גווינפּלין האָט אויסגעשריען:

„דאָס ביזטו וואָלף?“

האָמאָ האָט געדרעהט מיט'ן עק. זיינע אויגען האָבען געשיינט דורך דער פינסטערניש. ער האָט געקוקט אויף גווינפּלינען.

דאַן האָט ער ווידער אָנגעפאַנגען צו לעקען זיין האַנט. גווינפּלין איז געבליבען ווי פאַר'שכור'ט פאַר אַ מאָמענט. ער האָט אַ ציטער געטאָן אין דעם מאָמענט, ווען די האָפנונגען האָבען זיך צוריקגעקערט צו איהם. פאַר די לעצטע אכט און פערציג שטונדען האָט ער דורכגעפיהלט, וואָס מ'קען קען אָנרופען אַלע פארשידענע דונערען, דאָס איז געווען דער דונער פון פרייד, וואָס ער האָט איצט דערפיהלט. ער האָט ווידער געפיהלט זיכער, אָדער ווינציגסטענס די ליכט וואָס פיהרט צו זיכערקייט, אין דעם מאָמענט ווען ער האָט שוין גאָר ניט ערוואַרטעט, איז האָמאָ אָנגעקומען, ער האָט אויסגעשריען: „אַט בין איך!“

דערווייל האָט האָמאָ גענומען געהען, ער האָט זיך אומגעקוקט צי גווינפּלין פאָלגט איהם נאָך.

גווינפּלין איז איהם נאָכגעגאַנגען, האָמאָ האָט געדרעהט מיט'ן עק און ווייטער געגאַנגען.

דער וואָלף איז געגאַנגען און גווינפּלין איז איהם נאָכגעגאַנגען.

ביז ער איז צוגעקומען צו א שפּאַלט אין דעם עפראַקשטיין, דער שפּאַלט האָט געפיהרט צו דעם טייך.

געהענדיג האָט זיך האָמא פון צייט צו צייט אומגעקוקט, אום צו זיין זיכער אַז גווינפּעלין געהט איהם נאָך.

עס איז דאָ צייטען, ווען קיין מענש קען זיך ניט פאַרגלייכען צו דעם פּראָסטען אינסטינקטיווען פאַרשטעהען פון א חיה. א חיה איז א וואַכענדער סאָמנאַבוליסט.

עס זענען דאָ צייטען ווען די חיה פיהלט די נויטווענדיגקייט נאָכצופאָלגען דעם באַלעבאָס, און אין אנדערע צייטען פיהלט ער זיך אַז מען דאַרף דעם באַלעבאָס פיהרען, דאַן פאַנגט די חיה אָן צו דער־שמעקען דעם ריכטיגען וועג. פאַרשטעהט די חיה, אַז דאָ איז א שלעכ־טער וועג און מען דאַרף דעם מענש העלפען איהם דורכגעהן? וואהר־שיינליך ניט, אפשר יאָ, אַלענפאַלס וויים דאָס אימיצער פאַר איהם. ווי מיר האָבען שוין פריהער געזאָגט, עס זענען דאָ צייטען, ווען עס קומט צו אונז אָן אנגעזעהענער באַשיצער, וואָס מיר מיינען, אַז ער קומט פון אונטען, קומט נאָר פון אויבען. א מענש קען ניט פאַרשטעהן אַלע פאַרמען וואָס גאָט קען אָנעמען.

אָנקומענדיג צו דעם ברעג טייך, איז דער וואָלף געגאַנגען אויף א שמאָלער פּאָס ערד, פּאַזען טייך.

ער האָט ניט געטומעלט, ניט געבולען, ער איז זיך שטום גע־גאַנגען. האָמא האָט אַלע מאָל נאָכגעפאָלגט זיין אינסטינקט און גע־טאָן זיין פליכט. ער האָט זיך אבער אַלע מאָל געהאַלטען ווי א פאַר־ברעכער: שטיל.

געהענדיג אַזוי א פופציג טריט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. פון רעכטס האָט מען געקענט זעהען א לאַנדונגס־פּלאַץ, א פּלאַץ וואו שי־פען לאַנדען, און ביים סאַמע ברעג איז עפּעס געווען אַזאַ דונקעלע מאַסע, דאָס איז געווען א גאַנץ גרויסע שיף, אויף דעם דעק פון דער שיף איז געווען א קויב באַמערקבאַרע ליכט, וואָס האָט אויסגעזעהען, ווי א וואַקס ליכט וואָס האַלט ביים אויסגעהען.

דער וואָלף האָט זיך צום לעצטען מאָל אומגעקוקט צו זעהען צו גווינפּעלין געהט איהם נאָך, און איז אַרויפגעגאַנגען אויף דעם לאַנ־דונגס־פּלאַץ. דאָס איז געווען א לאַנגע פּלאַטפאָרמע פון ברעטער, וואָס זענען געלעגען אויף קלעצער, וואָס זענען געווען אַריינגעקלאַפּט אין

גרונד פון טייך. אונטער דער פּלאַטפאָרמע האָט דער וואַסער גערוישט, אין א פּאָר מינוט האָט האַכאַ און גווינפּלען דערגרייכט דעם פּונקט.

די שיף וואס איז געווען געאַנקערט האַרט ביי דער פּלאַטפאָרמע, איז געווען איינע פון יענע אַלטע שיפען פון האָלאַנד, וואָס האָבען געהאַט צוויי דעקען, איינע פון פאָרענט און די צווייטע פון הינטען, און אויף דעם יאַפּאַנעזישען שטייגער איז צווישען די ביידע שיפען געווען א ליידיגער פּלאַץ וואָס איז געווען אָפען. אַראָפּגעהען דאָרט האָט מען געקענט דורך א לייטער. אונטער'ן דעק זענען געווען די צי־מערן, אין וועלכע עס איז געווען לעכער, וואָס האָבען געדינט פאַר פענסטער. צוויי מאַסטען האָבען די שיפען געהאַט, דעם פאָדערשטען האָט מען גערופען פאָוועל און דעם הינטערשטען פעטער, די שיף איז געפיהרט געוואָרען פון די צוויי מאַסטען ווי די קירכען פון די צוויי אַפּאָסטעלען. ביי דער זייט איז געלעגען א בריק, דורך וועלכען מען האָט געקענט איבערגעהען פון איין בריק צום צווייטען, אין א שלעכ־טען וועטער פלעגט מען דעם בריק, און נאָך איינעם וואָס איז געווען פון דער צווייטער זייט, פאַרמאַכען אזוי אַז די שיף איז פּאַקטיש גע־ווען פאַרמאַכט. די שיף איז געווען א גרויסע גראָבבייכיגע שוואַרצע הילזע אויף וועלכע מען האָט געקענט קלאָר זעהען דעם נאָמען: „וואָגראָט ראָטערדאַם".

די שיף, וואו גווינפּלען איז אָנגעקומען איז געשטאַנען האַרט ביי דער פּלאַטפאָרמע און עטוואָס נידעריגער פון איהר, אַראָפּגעהען אויף איהר איז געווען איין טרעפּ. האמא איז מיט איין שפּרונג געווען אויפ'ן אונטערשטען דעק, קיינער איז אויף איהם ניט געווען, מען האָט ניט געהערט דעם קלענסטען גערויש, די פּאַסאַזשירען, אויב אַזעלכע זענען דאָרט געווען, וואָס איז גאַנץ מעגליך, זענען שוין אַלע געווען אויפ'ן שיף. די שיף האָט שוין געהאַלטען ביים אָפּפאָהרען, אָבער זיי זענען אָהן צווייפעל אַלע שוין געווען אין בעט, און וואַר־שיינליך, שוין געשלאָפען אין די צימערן. די רייזע האָט געדאַרפט געמאַכט ווערען דורך דער נאַכט, אין אַזעלכע פעלע זענען די פּאַסאַ־זשירען אַרויף אויפ'ן דעק אין דער פריה, און די שיפסלייט, זיי זענען וואַרשיינליך געזעסען ביים עסען און געוואַרט אויף דעם מאָמענט ווען די שיף האָט געדאַרפט אָפּפאָהרען. דערפאַר זענען די דעקען געווען אַזוי פאַרלאָזען.

דער וואָלף איז געגאַנגען זעהר לאַנגזאַם אויף דער שיף, האָט שוין מעהר ניט געדרעהט מיט'ן עק פרעהליך, נאָר לאַנגזאַם און פאַר־זיכטיג ווי אַן אונרוהיגער הונט, גווינפּלין איז איהם נאָכגעגאַנגען. זיי זענען צוגעקומען צו דעם בריק.

ווי גווינפּלין איז אַרויפגעטראָטען אויף דעם בריק, האָט ער פאַר זיך דערזעהען אַ ליכט, דאָס איז געווען דיזעלבע ליכט וואָס ער האָט געזעהען פון דערווייטענס, דאָס איז געווען אַ לאַמטערנע, וואָס איז געשטאַנען אויפ'ן דעק ביי דעם פאָדערשטען מאַסט, די ליכט פון דער לאַמטערנע האָט באַלויכטען אַ שטיק פּלאַץ אויף דעם דעק. ער האָט דערזעהען אַ קאַסטען אויף פיער רעדער, דאָס איז געווען אור־סוס'עס אַלטע ביידעל.

די אָרימע הילצערנע ביידעל וואָס איז געווען אַ מאָל אַ וואָגען און אַ וואוינונג, און וואו גווינפּלין האָט זיין יוגענד פאַרבראַכט, איז געווען צוגעבונדען צו דעם מאַסטבוים מיט גרויסע שטריק. נאָך דעם ווי זי איז אַזוי לאַנג ניט באַנוצט געוואָרען, איז זי שוין געווען אַזוי אָפּגע־לעבט, אַז זי האָט שוין כמעט ווי ניט געקענט דינען. זי איז געלעגען אויף איין זייט. דאָס ניט נוצען איהר האָט איהר געמאַכט כמעט ווי פאַלשטענדיג פּאַראַליזירט. און נאָך מעהר, זי איז שוין באמת אַלט געווען.

גווינפּלין האָט געקוקט אויף דער ביידעל און האָט זיך ניט גע־קענט ריהרען פון אָרט.

דער וואָלף האָט זיך אָוועקגעלעגט ניט ווייט פון זיין קייט.

---

## 4טער קאַפּיטעל.

די טרעפּ פון דער ביידעל זענען געווען אַראָפּגעלאָזען, די טיר איז געשטאַנען אָפען, קיינער איז אינעווייניג ניט געווען, די שוואַכע ליכט וואָס האָט דורך דעם פענסטער אַריינגעשיינט, האָט צוגעגעבען אַ טרויעריגען אַנבליק דעם צימער. אורסוס'עס אויפשריפטען אויף די

אַלטע ווענט האָט מען קלאָר געזעהען אַרויסשטאַרצענדיג. אויף אַ טשוואק ביי דער טיר זענען געהאנגען גווינפּעלינס לעדערנע הויזען און זיין מאַנטעל, ווי די קליידער פון אַ טויטען אין אַ טויטען־הויז.

אין דעם מאָמענט האָט ער ניט געהאַט ניט קיין ראָק און ניט קיין מאַנטעל.

די ביידעל האָט פאַרשטעלט עטוואס וואס איז געלעגען אויף דער ערד ביי דעם מאַסטבוים, און וואס איז באַלויכטען געווען פון דער לאַמטערנע. דאָס איז געווען אַ מאַטראַץ, פון וועלכען מען האָט בלויז איין ווינקעל געקענט זעהען, אימיץ איז ווארשיינליך אויף דעם מאַט־ראַץ געלעגען. אַ שאָטען האָט מען געזעהען זיך באַוועגענדיג.

אימיצער האָט גערעדט. גווינפּעלין ייִיענדיג באַהאַלטען הינטער דער ביידעל האָט זיך צוגעהערט.

די שטימע איז געווען אורסוסעס.

די שטימע וואס קלינגט אַזוי שאַרף און איז דורך און דורך צערטליך, וואס האָט אַזוי אָפט געזידעלט און אַזוי גוט געהיט גווינ־פּעלינען זינט זיין קינדהייט, איז שוין מעהר ניט געווען אַזוי לעבעדיג און שאַרף. זי איז געווען אונבאַשטימט און נידעריג, און איז ביי דער ענדע פון יעדער פראַזע אָפּגעשטאַרבען. עס איז געווען ניט מעהר ווי ענליך צו דער פעסטער און פּשוט'ער שטימע פון די פריהעריגע צייַ־טען, עס איז געווען ווי דאָס רעדען פון אַ מענשען, וועמעס גליק איז אָפּגעשטאַרבען. אַ שטימע קען ווערען איהר אייגענער שאָטען.

עס האָט אויסגעוויזען אַז אורסוס האַלט אַ רעדע און ניט קיין געשפּרעך. נאָך מעהר ער האָט געהאַט אַ טבע צו רעדען צו זיך אַליין ווי דער לעזער וויים, מען האָט איהם געקענט אָנעמען פאַר אַ מאַניאַק אויף דעם חשבון.

גווינפּעלין האָט איינגעהאַלטען דעם אָטעם, אום ניט צו פאַרלירען קיין וואָרט פון דעם וואס אורסוס זאָגט, און דאָס האָט ער געהערט:

„די סאָרטען שיפען זענען געפעהרליך, זיי האָבען ניט קיין אָנ־האַלט. ווען דו קייקעלסט זיך אַריין אין ים וועט דיר קיין זאַך ניט אָפּהאַלטען, אויב עס קומט אָן אַ שלעכטער וועטער, וועט מען איהר מוזען אַראָפּטראָגען אונטער'ן דעק, דאָס וואָלט געווען שרעקליך. אַ שטאַרקע באַוועגונג, אַ שרעק, און עס קען נאָך פּלאַצען אַן אָדער, איך האָב שוין אַזעלכע פעלע געזעהען. אַ, גוטער גאָט, וואס וועט פון אונז

ווערען? שלאָפט זי? יע, זי איז איינגעשלאָפען. איך רעכען, אז זי שלאָפט. איז זי אפשר באוואוסטלאָז? ניין, איהר פולס איז גאנץ גוט. זי איז זיכער איינגעשלאָפען. שלאָף איז רוה, ס'איז א גוטע בלינדקייט, ווי קען איך דאָס מאכען אז זיי זאָלען דאָ ניט קומען און טרעטען אויף איהר? מיינע הערען, אויב אימיצער איז דאָ אויפ'ן דעק, בעט איך אייך איהר זאָלט ניט מאכען קיין טומעל. פאר אייך איז דאָס אלץ איינס, קומט דאָ ניט צו, איהר פארשטעהט דאָך, מען מוז זיך היטען מיט א קראנקען מענשען. זי האָט פיבער, איהר זעהט? זי איז זעהר יונג. זי איז א קליינע מיידעל וואס האָט פיבער. איך האָב איהר אוועקגעלעגט אויף דעם מאטראץ, דאָ, כדי זי זאָל האָבען אביסעל לופט, איך דערצעהל דאָס אייך, כדי איהר זאָלט זיך היטען. זי איז אוועקגעפאלען אויף דעם מאטראץ פון שוואכקייט, ווי זי וואָלט פארלאָרען דעם באוואוסטזיין. אבער זי שלאָפט, איך וואָלט געוואָלט מען זאָל איהר אויפוועקען. איך רעד צו די פרויען, אויב דאָ זענען דאָ פרויען. א יונגע מיידעל, עס איז א רחמנות. מיר זענען ארימע אקטיארען, איך פארלאנג פון אייך א קליינע טובה, און אויב מען דאַרף דערפאר באצאָהלען, וועל איך באצאָהלען, איך דאַנק אייך דאמען און הערען. איז דאָ אימיצער דאָ? ניין, איך רעכען אז קיינער ניט, איך וואַרף ארויס רייד. מיינע הערען, איך דאַנק אייך, אויב איהר זייט דאָ דאָ, און איך דאַנק אייך הערצליך אויב איהר זייט דאָ ניטאָ. איהר שטערען איז דורכגעווייקט אין שווייס. קום, מיר וועלען זיך נאָך אמאָל איינשפאנען אין יאָך, ס'איז ווידער אמאָל טרויעריג, ווידער אמאָל שווימען מיר מיט'ן פלוס. א האנט, א געפעהרליכע האנט, וואס מען קען ניט זעהען, נאָר וואס מיר פיהלען שטענדיג אויף זיך, איז מיט אמאָל ווידער צו אינז געקומען און טרייבט אונז צו דער שווארצער זייט פון דעם שיקזאל. זאָל זיין אזוי, מיר וועלען דעם מוט ניט פארלירען, נאָר זי טאָר ניט זיין קראַנק. עס זעהט אוים נאריש פון מיר ווי איך זיץ דאָ און רעד צו זיך אליין אויפ'ן קול. אבער זי מוז פיהלען אז זי האָט אימיצען נאָהענט צו זיך ווען זי וואַכט אויף. אויב זיי וועלען איהר נאָר ניט אויפוועקען צו פלוצלונג. זאָל זיין שטיל, אום גאָטעס ווילען. אויב זי דערלאַנגט זיך א צאַפעל און כאפט זיך אויף מיט אמאָל איז שוין נאָך איהר. עס וואָלט בעסער געווען, ווען קיינער וואָלט דאָ גאר ניט געגאנגען. איך רעכען, אז די מענשען וואָס זענען

דאָ אויף דער שיף שלאָפען שוין. איך דאַנק גאָט דערפאר. נו! און וואו איז האמא? אין דעם גאנצען טומעל האָב איך איהם פארגעסען צוציבינדען. איך ווייס שוין מעהר ניט וואס איך טהו. עס איז שוין מעהר ווי א שטונדע אז איך האָב איהם ניט געזעהען. ער איז געוויס ארויסגעגאנגען צו קריגען עפּעס עסען פאר זיך. אויב נאָר קיין זאַך האָט איהם ניט פּאסירט. האמא! האמא!"

האמא האָט לאנגזאם א קלאפּ געטאָן מיט זיין עק אָן די ברעטער פון דיל.

„דו ביזט דאָ, אה. דו ביזט דאָ, דאנקען גאָט, האמאָן פארלירען וואָלט שוין געווען צופיעל. זי באוועגט איהר אָרעם, זי וועט אפשר אויפשטעהען, זיי רוהיג האמא. מיר וועלען שוין באלד אַרויספאָהרען. איך רעכען אז מיר וועלען האָבען א שעהנע נאכט. ס'איז ניטאָ קיין צפון־ווינד. די פאָהן פון דער שיף הייננגט אויף דעם מאסט, איך רעכען מיר וועלען האָבען א גוטע רייזע, איך ווייס ניט וואס פאר א לבנה מיר וועלען האָבען, אבער די וואָלקענס באוועגען זיך כמעט ניט. מיר וועלען האָבען א רוהיגען וועטער. זי איז בלאס, ס'איז שוואַכקייט, אָבער נייז, זי רויטעלט זיך, ס'איז פיבער, אבער נייז, זי האָט ראָזיג בעקלאַד, זי פיהלט גוט, איך קען שוין מעהר קלאָר ניט זעהען. מוזען מיר, הייסט עס, אָנפאנגען דעם לעבען פון דאָס ניי, מיר זענען דאָ בלויז צוויי: דו און איך. מיר וועלען ביידע ארבייטען פאר איהר. זי איז אונזער קינד. אָ, די שיף באוועגט זיך. מיר פאנגען שוין אָן צו פאָהרען, זיי געזונד לאָנדאָן, א גוטען אווענד, א גוטע נאכט, געה צום טייפעל! אָה, א שוידערליכע שטאָדט."

די שיף האָט פּאַקמיש אָנגעפאנגען איהר דומפען קלאפּען, ווי ווען זי פאנגט זיך אָן באוועגען. זי האָט זיך שוין אָפּגערוקט פון ברעג. אויף דעם אונטערשטען טייל פון שיף האָט מען שוין געקענט זעהען שטעהען א מאן, א שיפס־מאן איז דאָס געווען וואָס איז איצט ארויסגעקומען פון דער קאיוטע, ער איז געשטאַנען ביי דעם רודער. דער מאן האָט בלויז געקוקט אויף דעם וואסער, ווי עס פּאסט פאר איינעם וואס איז א מאטראָז אין א האָלענדער, ער האָט גאר ניט גע־הערט און גאָר ניט געזעהען, אויסער דעם ווינט און דאָס וואסער. ווי די שיף איז אריין אין מיטען וואַסער האָט זי גענומען געהען שנעל, זי איז געגאנגען מיט דיים פלוס. ביז איצט האָט מען קיין מאטראָזען

אויף דער שיף ניט געדאַרפט, איצט האָבען זיי גענומען געהען היין און צוריק, די שיף איז שוין געגאַנגען שנעל. די שוואַרצע לאַנ[illegible] לאַנד־שאַפט איז געוואָרען קלענער און קלענער.

אורסוס האָט פאָרגעזעצט:

„איך וועל איהר צווינגען צו נעהמען דעם פינגערפלאַנץ. איך האָב מורא, זי זאָל ניט אָנפאַנגען צו רעדען פון היץ. איהרע הענט שוויצען, אבער וואָס האָבען מיר געטאָן צו דעם אַלמעכטיגען גאָט? ווי שנעל דער גאַנצער אומגליק איז אויף אונז געקומען. עקעלהאַפטע שנעלקייט פון שלעכטס. א שטיין איז געפאַלען, עס איז אַ רויב־פויגעל וואָס איז אָנגעפאַלען אויף א זינג־פויגעלע. ס'איז דער שיקזאַל, און דאָרטען ליגסטו מיין ליעבעס קינד! מען קומט אין לאָנדאָן און מען זאָגט צו זיך: „ס'איז א גרויסע שטאָדט מיט שעהנע מאָנומענטען, און סאוטוואַק איז א פיינע פאָרשטעטעל.“ מען לעבט זיך דאָרטען איין. אָבער דאָס זענען פאַסקודנע פּלעצער, וואס ווילט איהר אַז איך זאָל טאָן? איך געה אוועק, עס איז דער דרייצעהנטער אַפּריל; אַפּריל האָט בלויז צוויי מזל'דיגע טעג, דער פינפטער און דער זיבען־און־צוואַנציגסטער, און פיער ניט קיין מזל'דיגע טעג. דער צעהנטער, דער צוואַנציגסטער, דער ניין און צוואַנציגסטער און דער דרייצעהנטער. אַזוי האָט קאַרדאַן אויסגערעכענט. איך וואָלט שוין דעם טאָג גע־וואָלט איבערלעבען, איך בין צופרידען וואס מיר זענען שוין אַרויס־געפאָהרען. מיט'ן אויסברוך פון טאָג וועלען מיר אָנקומען אין גראַווי־סאנד, און אין ראָטערדאם וועלען מיר אָנקומען מאָרגען אווענט. נו, איך וועל ווידער אָנפאַנגען דעם לעבען פון די אַמאָליגע צייטען אין דערביידעל. מיר וועלען איהר שלעפען א? האמא?“

אַ לייכטער קלאַפּען מיט'ן עק האָט געמיינט, אז ער שטימט צו.

אורסוס האָט פאָרגעזעצט:

„ווען מען וואָלט געקענט אַזוי לייכט פּטור ווערען פון א וועה־טאָג, ווי מען ווערט פּטור פון א שטאָדט! האמא, מיר וועלען נאָך צוריק זיין גליקליך. אָה, אין אונז וועט אַלע מאָל לעבען דער וואס איז שוין מעהר ניטאָ. א שאָטען וואס רוהט אויף די וואָס בלייבען לעבען. דו ווייסט דאָך וועמען איך מיין, האמא? מיר זענען פיער געווען און איצט זענען מיר בלויז דריי. דער לעבען איז בלויז איין לאַנגע קייט, פון וועלכע מיר פאַרלירען רינגעלאַך, די וואָס מיר ליעבען. מען לאָזט

הינטער זיך א וואגאָן פול מיט ליידען. דער שיקזאל שטימט אונז איין מיט אן אונענדליכע קייט פון ליידען. און מענשען זענען נאָך ער־שטוינט ווען די אלטע חזר'ן זיך איבער. דאָס איז די פארצווייפלונג וואס טעמפט זיי אָפּ. מיין גוטער האמא, מיר האבען א גוטען ווינט. מיר קענען שוין מעהר ניט זעהען דעם טורעם פון דער קירכע פון דעם הייליגען פּאוועל. מיר וועלען באלד פארביי פאָהרען גרינוויטש. אזוי וועלען מיר שוין האבען אָפּגעפאָהרען זעקס גוטע מייל. מעהר צוריק אין דער אונערטרעגליכער הויפּטשטאָדט וועל איך שוין מעהר ניט קומען. דאָרט איז דאָ אזוי פיעל גייסטליכע, ריכטער און מענ־שען. איך האָב בעסער ליעב די פלאטערענדע בלעטער פון דעם וואלד — איהר שטערען איז נאָך אלץ פארשוויצט. זי האָט גרויסע בלויע אָדערען אויף איהר האַנט, זיי געפעלען מיר ניט. דאָס איז דער פיבער פון אינעווייניג. אָ, דאָס וועט מיר אויסמאטערען, שלאָף מיין קינד, אָה, יע, זי שלאָפט".

דאָ האָט ער דערהערט א שטימע פון דער ווייטענס. עס האָט געקלונגען ווי א קול פון די ווייטע בערג און פון די טיפע אָפּגרונדען. שטיל און ערענסט איז זי געווען, די שטימע פון דיא'ן.

אלע געפיהלען וואס גווינפּעלין האָט איבערגעלעבט איז ווי פאר־שוואונדען געוואָרען, איז גאָר ניט געווען. זיין מלאך האָט אָנגעפאַנ־גען רעדען, עס האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אז ער הערט ווערטער וואָס זענען ניט פון דער וועלט, פון ערגעץ ווייט, פון הימעל.

די שטימע האָט געזאָגט:

„ער האָט גוט געטאָן, אוועקגעהענדיג, די וועלט איז ניט פאר איהם, אבער איך מוז אויך געהען. פאָטער, איך בין ניט קראַנק. איך האָב דיר געהערט רעדען, איך פיהל גוט, איך בין געשלאָפען, פאָטער. איך פיהל גליקליך."

„מיין קינד", האָט אורסוס געזאָגט מיט א קול וואָס האָט געציי־טערט פון שמערץ, „וואָס מיינסטו?"

דער ענטפער איז געווען:

„פאָטער, זאָרג זיך ניט."

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, אזוי ווי זי וואָלט כאַפּען דעם אָטעם. און דאַן האָט גווינפּעלין געהערט די ווערטער.

„גווינפּעלין איז שוין מעהר ניטאָ, איצט בין איך בלינד. איך

האָב ניט געוואוסט וואָס בלינד זיין איז, נאַכט און אבוועזענהייט."

די שטימע האָט זיך נאָך אַמאָל אָפּגעשטעלט און דאַן ווידער געזאָגט:

„איך בין אַלע מאָל געווען אונרוהיג, מורא האָבענדיג, אַז ער וועט אַוועקפליהען. איך האָב געפיהלט אַז ער איז ניט ערדיש. אַזוי האָט זיך דאָס געדאַרפט ענדיגען. אַ נשמה פליהט ארויס ווי אַ פויגעל, אבער די נעסט פון דער נשמה ווערט באַגראָבען, און איך ווייס גוט וואו מען קען געווינפּעלינען געפינען. איך וועל ניט פאַרבלאָנדזשעט ווערען, ס'איז דאָרטען אויבען, פאָטער, דו וועסט שפּעטער אויך צו אונז קומען, און האָמאָ אויך."

האָמאָ, הערענדיג ווי מען זאָגט זיין נאָמען אַרויס, האָט מיט זיין עק אַ קלאַפּ געטאָן אין די ברעטער פון דעק.

„פאָטער" האָט די שטימע ווידער געזאָגט, „דו פאַרשטעהסט דאָך, אַז אַלץ איז פאַריבער, ווען גווינפּלעין איז שוין מעהר ניט דאָ, ווען אפילו איך וואָלט געוואָלט בלייבען, וואָלט איך ניט געקענט, אַ מענש מוז דאָך אָטעמען. און דאָס אונמעגליכע דאַרף מען ניט פאַרלאַנגען. ווען גווינפּעלין איז געווען, איז געווען אַ נאַטירליכע זאַך, אַז איך זאָל לעבען, און איצט אַז ער איז ניטאָ, דאַרף איך שטאַרבען. עס איז דאָך אַלץ איינס, אָדער ער מוז צוריק קומען, אָדער איך מוז צו איהם געהען. עס איז ניט שלעכט צו שטאַרבען, עס איז דיזעלבע זאַך. דאָס וואָס ווערט דאָ אויסגעלאָשען, ווערט דאָרטען ווידער אָנגעצונדען. די האַרץ ווערט צונויפגעקאָרטשעט פון וועהטאָג. עס איז דאָך אונמעגליך צו זיין אַלע מאָל אונגליקליך. מען געהט אַוועק דאָרט וואו דו רופסט די שטערען, און דאָרטען האָט מען חתונה, דאָרטען פאַרלאָזט מען זיך קיין מאָל ניט. דאָרטען האָט מען זיך אייביג ליעב. דאָרטען איז דער גוטער גאָט."

„נו, נו, ווער נאָך ניט אויפגערעגט," האָט אורסוס געזאָגט.

„צום ביישפּיל", האָט די שטימע געזאָגט, „נו, פאַראַיאָהרען. פאַראַיאָהרען פריהלינג. זענען מיר אַלע צוזאַמען געווען און מיר זענען געווען גליקליך; איצט איז שוין אַלץ אַנדערש. איך קען זיך שוין ניט דערמאָנען וואו מיר זענען דאַן געווען, איך ווייס נאָר, אַז דאָרט זענען געווען בוימער, איך האָב געהערט די פויגלאך זינגען, און ווען מיר זענען געקומען אין לאָנדאָן, איז אַלץ אַנדערש געוואָרען, איך באַשול-

דיג קיינעם ניט. מען קומט אין אַ פּלאַץ, און וואָס קען מען וויסען? פּאַטער, דו געדיינקסט? איין מאָל איז אַ פרוי געקומען צו אונזער פּאַרשטעלונג, דו האָסט געזאָגט, אַז זי איז אַ הערצאָגין, איך בין געוועזען אומעדיג. איך גלויב, אַז עס וואָלט פאר אונז בעסער געוועזען, ווען מיר בלייבען אין די קליינע שטעטלאַך. נאָך דעם איז גווינפּעלין אַוועק, און איצט דאַרף איך דאָס אויך טאָן. דו אַליין האָסט מיר געזאָגט, אַז איך בין געווען אַ קליין קינד, און אַז מיין מוטער איז געשטאָרבען, איך בין געלעגען אויף דער ערד, באַדעקט מיט שניי, און אַז ער, וואָס איז דאַן אויך געווען אַ קליינער, און אויך איינער אַליין, האָט מיר אויפגעהויבען, און דערפאַר בין איך לעבעדיג, פאַרוואָס זאָלסטו זיך וואונדערען, אַז איך וויל דורך אוים היינט נעמען אַבשייד פון אייך, און אַז איך זאָל וועלען געהען דאָרטען און זיך טרעפען מיט גווינפּעלינען. די איינציגע זאַך וואָס עקזיסטירט אין לעבען איז די האַרץ, און נאָכ'ן לעבען — די נשמה. דו פאַרשטעהסט דאָך גוט, וואָס איך זאָג, פּאַטער? וואָס איז דאָ? עס דאַכט זיך מיר אוים, אַז מיר זענען אין אַ הויז וואָס באַוועגט זיך, און איך הער ניט דעם גערויש פון רעדנער."

נאָך אַ לייננגערען שווייגען האָט די שטימע ווידער געזאָגט.

„איך קען קלאָר ניט פאַרשטעהען דעם אונטערשייד פון נעכטען און היינט, איך מאַך ניט קיין פאַרוואורף, איך ווייס ניט וואָס עס האָט פּאַסירט, אבער פּאַסירט האָבען איינינע זאַכען."

די ווערטער זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרען גלאָט אַזוי שטיל און אומעדיג, גווינפּעלין האָט געהערט ווי זיי ווערען פאַרענדיגט.

„איך מוז איהם נאָכגעהען, אויב ער קומט ניט צוריק."

אורסוס האָט אונטערגעברומט:

„איך גלויב ניט אין גייסטער."

און ער האָט פאַרועזצט:

„ס'איז אַ שיף, דו פרעגסט פאַרוואָס די הויז באַוועגט זיך, עס איז ניט קיין הויז. ס'איז אַ שיף, באַרוהיג זיך, דו טאָרסט אַזוי פיעל ניט רעדען, מיין טאָכטער, אויב דו האָסט עטוואָס איינזעהעניש מיט מיר. טאָ רעג זיך ניט אויף, מאַך זיך אַליין ניט קראַנק, אין מיינע יאָהרען קען מען קיין קראַנקהייט ניט איבערטראָגען, האָב מיט מיר איינזעהעניש, זיי ניט קראַנק".

די שטימע האָט נאָך אַמאָל גערעדט :

„צו וואָס זאָלען מיר זוכען אויף דער ערד, אַז מען קען דאָס געפינען אין הימעל?"

„באַרוהיג זיך, עס זענען דאַ צייטען ווען דו האָסט גאָר ניט קיין שכל. זיי רוהיג, אַז דו ווילסט זיין רוהיג, וועל איך אויך רוהיגער זיין. טו עפּעס פאַר מיר אויך, מיין קינד. ער האָט דיר אויפגעהויבען, אָבער איך האָב דאָך דיך אַריינגענומען, דו מאַכסט זיך אַליין קראַנק, דו מוזט זיך באַרוהיגען און שלאָפען, אַלץ וועט גוט ווערען, איך גיב דיר מיין עהרען־וואָרט, אַז אַלץ וועט גוט ווערען. מיר וועלען האָבען אַ זעהר גוטען וועטער, עס זעהט אויס ווי די נאַכט וואָלט ספּעציעל פאַר אונז געמאַכט געוואָרען, מאָרגען וועלען מיר שוין זיין אין ראָטערדאַם, אַ שטאָדט אין האָלאַנד."

„פאָטער," האָט די שטימע געזאָגט, „דו פאַרשטעהסט, ווען צוויי מענשען זענען זייער גאַנצען לעבען געווען צוזאַמען, דאַרפען זיי ניט צושיידט ווערען, ווייל דער טויט מוז זיך אַריינמישען, אַנדערש קען ניט זיין. איך האָב דיר שטאַרק ליעב, אָבער איך פיהל, אַז איך בין שוין ניט אינגאַנצען מיט דיר. טראָץ דעם וואָס איך בין נאָך ניט מיט איהם."

אורסוס האָט זיך געבעטען :

„פּרוביר אַנטשלאָפען ווערען."

די שטימע האָט געענטפערט:

„דאָס וועט מיר ניט באַרוהיגען."

„איך זאָג דיר, אַז מיר פאָהרען אין ראָטערדאַם, אַ שטאָדט אין האָלאַנד."

„פאָטער", האָט די שטימע געזאָגט, „איך בין ניט קראַנק, אויב דאָס איז וואָס באַאונרוהיגט דיר, דו מעגסט זיין רוהיג, איך האָב ניט קיין פיבער, איך בין בלויז אביסעל וואַרעם, ניט מעהר."

אורסוס האָט געשטאַמעלט.

„אין ראָטערדאַם.'

„פאָטער, איך בין געזונד. אָבער איך פיהל אַז איך שטאַרב", האָט די שטימע געזאָגט.

„טראַכט ניט פון אַזעלכע זאַכען" האָט אורסוס געזאָגט.

און פאַר זיך האָט ער צוגעגעבען :

„מעהר פון אלץ, מיין גאָט, זאָל זי זיך ניט איבעריִשרעקען.“

ס'איז שטיל געוואָרען.

מיט אמאָל האָט אורסוס אויסגעשריען:

„וואָס טוסטו? וואָס שטעלסטו זיך אָפּ, ליג רוהיג, איך בעט דיר.“

גווינפּעלין האָט א ציטער געטאָן, ער האָט אַרויסגעשטעקט זיין קאָפּ.

---

## 5טער קאַפּיטעל.

ער האָט דערזעהען דיאַ'ן. זי האָט זיך איצט אויפגעהויבען פון מאַטראַץ. זי איז געווען אַנגעטאָן אין א לאַנגער ווייסער קלייד, פון וועלכער מען האָט בלויז געקענט אַרויסזעהען דעם ברעג פון איהרע שולטערען און די האַלז. דורך די אַרבעל האָט מען געקענט אַרויסזע־הען, ווי די בלויע אָדערען פון איהר האַנט זענען אַנגעשוואָלען. איהר פּנים איז געווען אונגעוועהנליך שעהן. איהרע האָר צולאָזען, און אין איהרע אויגען איז געווען ביידע זאכען: פייער און די נאַכט, זי איז געווען בלייך, מיט דער בלייכקייט וואָס דייטעט אָן, אַז דער ערדישער לעבען איז שוין צו ענדע. איהרע ברייט־געעפענטע אויגען האָבען גע־שיינט, קוקענדיג אויף איהר, וואָלט מען געזאָגט, אַז זי איז אויפגע־שטאַנען פון קבר, און איהר נשמה שטעהט אויף דעם שוועל פון די הימלען.

אורסוס, וואָס איז געזעסען מיט דער פּלייצע צו גווינפּעלינען, האָט אויפגעהויבען זיינע הענט און ער האָט גענומען שרייען:

„מיין טאָכטער! אַה, גוטער גאָט, דאָס איז די היץ און איהר היץ, פאַר דעם האָב איך די גאַנצע צייט מורא געהאַט. מען טאָר איהר איצט ניט באַאונרוהיגען, דאָס וועט איהר נאָך אָוועקטויטען, און דאָך קען איהר נאָר איינער ראַטעווען פון משוגעת. משוגעת אָדער טויט!

אין אַזאַ לאַגע געפינט זי זיך, מײַן גאָט וואָס קען מען טאָן, לעג זיך צוריק אַוועק, מײַן טאַכטער."

אין דער זעלבער צײַט האָט דיאַ אויך גערעדט. איהר קול האָט מען קוים געקענט הערען.

פאָטער, דו האָסט אַ טעות, איך האָב ניט קיין היץ, איך הער אַלץ וואָס דו זאָגסט. דו זאָגסט מיר, אַז עס זענען דאָ אַ גרויסע מאָס מענשען וואָס וואַרטען פאַר דער פאָרשטעלונג און אַז איך מוז שפּי־לען. איך בין וויליג. דו זאָגסט, אַז איך האָב מײַנע חושים, אָבער איך ווייס ניט וואָס מען טוט, איך בין טויט, און גווינפּעלין איז טויט, אָבער איך וועל אָלענפאַלס קומען, איך וועל שפּילען, אָט בין איך, אָבער גווינפּעלין איז שוין דאָ מעהר ניטאָ."

„מײַן קינד, פאָלג מיר, קום לייג זיך צוריק אַוועק אויף דײַן בעט."

„ער איז דאָ שוין מעהר ניטאָ, ער איז שוין דאָ מעהר ניטאָ, אָה ווי פינסטער עס איז."

„פינסטער" האָט אורסוס געמורמעלט, „דאָס איז דער ערשטער מאָל וואָס זי רעדט דעם וואָרט אַרויס."

גווינפּעלין איז שטיל ווי אַ מויז אַרויפגעקראָכען די טרעפּלאַך צו דער ביידעל, ער האָט אַראָפּגענומען זײַנע זאַכען וואָס זענען גע־האַנגען אויף דעם משוואַק, זיי אָנגעטאָן און צוריק אַראָפּגעקראָכען און זיך געשטעלט אויף זײַן פריהעריגען פּלאַץ.

דיאַ האָט פאָרגעזעצט צו מורמלען, איהרע ליפּען האָבען זיך באַ־וועגט, און ביסלאַכווייז איז פון דעם מורמעל געוואָרען אַ מעלאָדיע, זי האָט מיט זשעסטיקולאַציעס נאָכגעמאַכט דעם געהיימניספולען אַפילו וואָס זי מאַכט צו גווינפּעלינען אין דעם צורונענעם כאַאָס, דאַן האָט זי אָנגעפאַנגען צו זינגען איהר ליעד, איהר שטימע איז געווען שוואַך, קוים הערבאַר, פּלוצלונג האָט זי זיך אַליין אונטערבראָכען:

„ניין, ס'איז ניט אמת, איך בין ניט טויט, וואָס האָב איך גע־זאָגט? גאָט מײַנער, איך לעב, לעב נאָך, איך לעב און ער איז טויט, איך בין דאָ אונטען און ער איז אויבען, ער איז אַוועק און איך בין געבליבען. איך וועל איהם שוין קיין מאָל ניט הערען געהען און רעדען. גאָט האָט אונז געגעבען אַ קליינעם גן־עדן אויף דער ערד, און ער האָט איהם צוגענומען. גווינפּעלין! אַלץ איז שוין פאָראיבער. איך

וועל איהם שוין מעהר קיין מאָל זיין שטימע מעהר ניט הערען."
און זי האָט ווידער געזונגען.
און דאַן האָט זי אויסגעצויגען איהרע הענט, ווי זי וואָלט גע־זוכט א פּלאַץ אין דער אייביגקייט וואו צו רוהען.
גווינפּעלין איז צוגעלאָפען און זיך געשטעלט פאַר איהר אויף די קני.
זי האָט אַלץ גערעדט.
„קיינמאָל, קיינמאָל, וועל איך דאָס שוין מעהר ניט הערען."
און זי האָט אָנגעפאַנגען צו זינגען ווילד.
דאַן האָט זי געהערט א טיפע הויכע שטימע ענטפערענדיג איהר.
אין דער זעלבער צייט האָט דיאַ, אונטער איהרע הענט געפיהלט גווינפעלינס קאָפּ. זי האָט ארויסגעלאָזען אן אונבאשרייבליכען גע־שריי:
„גווינפּעלין!"
איהר פּנים איז געוואָרען קלאָר ווי א שטערען, און זי האָט זיך א וואַקעל געטאָן. גווינפּעלין האָט איהר אויפגעכאַפּט אין זיינע אָרעמס.
„לעבעדיג!" האָט אורסוס אויסגעשריען.
דיאַ האָט געמורמעלט:
„גווינפּעלין, גווינפּעלין."
און מיט איהר קאָפּ אָנגעבויגען צו גווינפּעלינס פּנים האָט זי געזאָגט:
„דו ביזט אראָפּגעקומען, א דאַנק!"
אויפהויבענדיג איהר קאָפּ, און אָננעהמענדיג זיינע אין איהרע הענט, ווי זי איז אַזוי געזעסען אויף זיין שויס, האָט זי איהרע אויגען אָנגעשטעלט אויף זיינע און געזאָגט:
„דאָס ביזטו."
גווינפּעלין האָט באַדעקט איהר קלייד מיט קושען. עס זענען דאָ ווערטער, וואָס זענען ווערמער און געוויין אין דער זעלבער צייט. אין זיי ווערט דער גאַנצער עקסטאַז און דער גאַנצער פּיין צונויפגעמישט. זיי זענען זינלאָזע אָבער זיי זאָגען אַלץ.
„יע, איך, איך גווינפּעלין, דער, וועמענס נשמה דו ביזט, די פאַרשטעהסט? איך, וועמעס קינד, ווייב, שטערען דו ביזט. ס'איז איך, דאָ בין איך. איך האַלט דיר אין מיינע אָרעמס, איך בין לעבע־

דיג, איך בין דיינער, אה, ווען איך דערמאן זיך, אז איך האב שוין געוואלט מאכען א סוף צו אלץ. נאך איין מינוט, ווען ניט האמא, איך וועל דיר דאס אלץ דערצעהלען, ווי נאהענט דער גליק איז צו פארצווייפלונג, דיא, מיר מוזען לעבען, דיא, פארגיב מיר, יע, דיינער אויף אייביג. דו מאכסט ניט קיין טעות, ריהר אן מיין שטערען און פארזיכער זיך, אז דאס בין איך, ווען דו וואלסט נאר געוואוסט, אבער קיין זאך וועט מיר שוין פון דיר ניט אוועקרייסען, איך בין ארויסגעקראכען פון גיהנום, און איך קען צוריק אנקומען אין גן־עדן, דו זאגסט איך בין צוריק אראפגעקומען, ניין, איך שטייג צוריק ארויף. אויף אייביג זאג איך דיר, צוזאמען! מיר וועלען זיין צוזאמען. ווער האט זיך דאס געקענט פארשטעלען? מיר האבען זיך צוריק איינע די אנדערע געפונען. אלץ איז פאריבער, פאר אונז איז איצט דא בלויז גליק. מיר וועלען אנפאנגען אונזער לעבען פון אנפאנג, און מיר וועלען פארמאכען די טיר און קיינעם ניט ארייגלאזען, איך וועל דיר אלץ דערצעהלען, דו וועסט זיין ערשטוינט. די שיף פאהרט שוין, קיינער קען איהר איצט ניט אפשטעלען. מיר פאהרען צו פרייהייט, מיר פאהרען קיין האלאנד, דארט וועלען מיר חתונה האבען, איך וועל אלע מאל פארדינען צו לעבען, מיר האבען ניט וואס מורא צו האבען, איך פארגעטער דיר."

„ניט אזוי שנעל." האט אורסים ארויסגעברומט.

דיא האט געציטערט, זי האט איהר האנט דורכגעפיהרט דורך גווינפעלינס פנים, ער האט געהערט ווי זי האט געזאגט צו זיך:

„אזוי האט גאט געמאכט."

דא האט זי אנגערירט זיינע קליינער.

„דיין רעקעל, דיינע קליידער פונקט ווי אמאל."

אורסום איז געווען ערשטוינט און שטראלענדיג פון גליק. ער האט געלאכט און געוויינט מיט אמאל.

„איך פארשטעה גאר ניט, איך בין אן אלטער אידיאט, איך האב דאך געזעהען ווי מען האט איהם געטראגען אין א טרונע. איך לאך און איך וויין, מעהר ווי דאס ווייס איך ניט. איך בין אזוי נאריש ווי איך וואלט אליין פארליעבט געווען. אבער דאס בין איך דאך. איך בין אין זיי ביידע פארליעבט. געה, דו אלטע בהמה, צופיעל געפיהלען באהערשען דיר, איך האב דערפאר מורא געהאט, ניין, דאס האב איך גע־

וואָלט. גווינפּעלין, זיי מיט איהר פּאַרזיכטיג, זיי אומאַרמען זיך, דאָס דאַרף מיר ניט אַרען. איך בין אָבער אַנוועזענד, וואָס איך פיהל איצט איז עפּעס מאָדנעס איך בין דער פּאַראַזיט פון זייער גליק, און איך טייל זיך מיט זיי. איך רעכען זיך ניט, און ווי עס ווייזט אויס, בין איך יע געווען פּאַרמישט אין דעם. מיינע קינדער, איך בענטש אייך."

ווען אורסוס האָט אזוי גערעדט, האָט גווינפּעלין אויסגעשריען:

„דיאַ, ווי שעהן די ביזט! איך ווייס ניט וואָס מיט מיר איז געווען די עטליכע טעג. עס איז קיינער פאַר מיר ניטאָ אויף דער ערד אויסער דו. איך זעה דיר נאָך אמאָל, איך קען זיך מיינע אויגען ניט גלויבען, אויף דער שיף, אָבער זאָג מיר, וואָס האָט פּאַסירט? און וואָס זיי האָבען מיט אייך געטאָן, וואו איז די גרינע קאַסטען? זיי האָבען דאָס אוועקגענומען פון אייך און אייך אַרויסגעטריבען. אַה, וואָס פאַר אַ פאַרברעכען, איך וועל נאָך פאַר אייך ראַכע נעמען. דיאַ, מיט מיר וועלען זיי איצט האָבען צו טאָן, איך בין אַ פּיער פון ענגלאַנד."

אורסוס האָט זיך אַ צאַפּעל געטאָן, ווי מען וואָלט איהם געטראָפען מיט אַ קויל אין ברוסט.

„ער איז ניט טויט, דאָס איז קלאָר, איז דאָס מעגליך אַז ער איז משוגע?"

ער האָט זיך צוגעהערט מיט פאַרדאַכט.

גווינפּעלין האָט פאַרגעזעצט:

„זיי רוהיג דיאַ, איך וועל די קלאַגע ברייִנגען אין דער הויז פון לאָרדען."

אורסוס האָט איהם גוט באַטראַכט און זיך קלאַפּענדיג אין שטערען, איז ער געקומען צו אַ באַשלוס.

„מיר איז דאָס גאַנץ אַגאַל," האָט ער געמורמעלט. „עס איז אַלץ איינס גוט. זיי משוגע אויב דו ווילסט, גווינפּעלין, יעדער מענש האָט אויף דעם אַ רעכט, און איך, איך בין גליקליך, אָבער וואָס באַדייטעט דאָס אַלץ?"

די שיף איז געשוואומען שטיל און רוהיג, די נאַכט איז נאָך פינסטערער געוואָרען, דער נעבעל וואָס איז געקומען פון ים, האָט אַלץ אַרומגענומען, קיין ווינט איז ניט געווען, אַ פּאָר גרויסע שטערען האָט מען געקענט זעהען, זיי זענען איינער נאָכ'ן אַנדערען פאַרשטעלט

געוואָרען פון דעם נעבעל, און מעהר האָט מען זיי ניט געקענט זעהען. דער גאַנצער הימעל איז געווען שוואַרץ און רוהיג. דער טייך איז ברייטער געוואָרען, אוןביידע ברעגעס, דער רעכטער און דער לינקער, זענען ניט מעהר ווי צוויי דינע ברוינע ליניען. גווינפּעלין האָט האַלב זיצענדיג געהאַלטען דיאַ'ן אין זיינע אָרעמס, זיי האָבען גערעדט, גע־ווײנט, געלאַכט, געפּלאַפּעלט, געשושקעט זיך, ווי קען מען דיר באַ־שרייבען, אַה, דו גרויסער גליק.

מיין לעבען."

„מיין הימעל."

„מיין ליעבסטער."

„מיין גאַנצער גליק."

„גווינפּעלין."

„דיאַ, איך בין פאַר'שכור'ט, לאָז מיר קושען דיינע פיס."

„דו ביזט דאָס."

„איך האָב דיר אַזוי פיעל צו זאָגען, אַז איך ווייס ניט וואו מען פאַנגט אָן."

„אַ קוש".

„אַה, מיין פרוי".

„גווינפּעלין, זאָג מיר ניט, אַז איך בין שעהן, דו ביזט שעהן."

„איך האָב דיר צוריק גערופען, איך האַלט דיר ביי מיין האַרץ. עס איז אמת, דו ביזט מיינע, איך חלום ניט, דאָס ביזטו באמת, איז דאָס מעגליך? יע, איך קער זיך אום צוריק צום לעבען, ווען דו וואָלסט נאָר געוואוסט, אַזוי פיעל האָט מיט מיר פּאַסירט, דיאַ."

„גווינפּעלין."

„איך האָב דיר ליעב."

און אורסוס האָט געמורמעלט.

„איך בין אַזוי גליקליך ווי אַ זיידע."

האָמאָ איז אַרויסגעקראָכען פון אונטער דער ביידעל און געהענ־דיג פון איינעם צום אַנדערען, האָט ער זיי באַלעקט מיט זיין צונג. זיין צערטליכקייט האָט ער אויף אַזאַ אופן אַרויסגעוויזען, ער האָט געלעקט אורסוסעס שיך, גווינפּעלינס רעקעל דיאַ'ס קלייד און דעם מאַטראַץ, אַזוי האָט ער זיי געבענשט.

זיי זענען שוין פאַרביי געפאָהרען, טשאַטהאַם און זיי האָבען זיך דערנעהענטערט צו דעם ים. די שיף איז זיך שטיל און רוהיג געשוואומען. די לאַמטערנע ביי דעם מאַסטבוים האָט באַלויכטען די גרופּע מענשען, וואָס זענען געווען די אומגליקליכסטע מיט אַ פּאָר מינוט צוריק און איצט זענען זיי געווען די גליקליכסטע.

---

## 6טער קאַפּיטעל

מיט אַמאָל איז דיאַ אויפגעשטאַנען, זי האָט ביידע הענט צוגעדריקט צו איהר האַרץ, ווי זי וואָלט מורא געהאַט אַז זי זאָל ניט אַרויסשפּרינגען פון פּלאַץ.

„וואָס איז מיט מיר?“ האָט זי געזאָגט. „עפּעס טוט מיר וועה, ס'איז גאַר ניט, ס'איז גוט, מיין גווינפּעלין, דו האָסט מיר געגעבען אַ קלאַפּ, אַ קלאַפּ פון גליק, ווען דער גן־עדן געהט אַריין אין דיין האַרצען, פאַר'שכור'ט ער דיך, ווען דו ביזט ניט געווען, האָב איך געפיהלט ווי איך געה אויס, דו האָסט מיר ווידער לעבעדיג געמאַכט. עטוואָס האָט זיך אין מיר אָפּגעריסען, ווי שאָטענס וואָלטען אָנגעקומען, און דאַן האָב איך דערפיהלט ווי עטוואָס הייבט זיך אין מיר, אַ פיבער, און עפּעס אַזאַ מין העלקייט. ס'איז מאָדנע — דער לעבען וואָס דו האָסט מיר איצט געגעבען, ער איז אַזאַ הימלישער, אַז ער טוט וועה, עס איז ווי די נשמה וואָלט אויסגעוואַקסען און עס איז פּאַר איהר שווער זיך צו האַלטען אין קערפּער, איך פיהל ווי דאָס קלאַפּען פון פליגלען אין מיין ברוסט. איך פיהל זיך מאָדנע, אַבער זייער גליקליך, גווינפּעלין, דו האָסט מיר צוריק לעבעדיג געמאַכט.“

זי איז רויט געוואָרען, דאַן איז זי געוואָרען בלייך, דאַן ווידער אַמאָל רויט, און איז איז אומגעפאַלען.

„מיין גאָט,“ האָט אורסוס אויסגעשריען, „דו האָסט איהר געטויטעט.“

גווינפּלין האָט אויסגעצויגען זיינע אָרעמס צו דיאַ'ן, די גרויסע ליידען זענען געווען שטאַרקער פון דער גרויסער פרייד, און די פרייד איז געקומען אַזוי פּליצלונג. ער וואָלט אַליין געפאַלען ווען ער וואָלט איהר ניט געמוזט אונטערהאַלטען.

„דיאַ“, האָט ער אויסגעשריען, „וואָס איז מיט דיר?“

„גאָר ניט“. האָט זי געזאָגט, „איך האָב דיר ליעב.“

זי איז געלעגען אין גווינפּלינס אָרעמס, ווי אַ שטיקעל סחורה וואָס מען הייבט אויף. איהרע הענט זענען אַראָפּגעהאַנגען הילפלאָז.

גווינפּלין און אורסוס האָבען איהר אַוועקגעלעגט אויף דעם מאַטראַץ. זי האָט געזאָגט מיט אַ קול וואָס מען האָט קוים געהערט:

„איך קען ניט מעהר אָטעמען ליגענדיג.“

זיי האָבען איהר אויפגעזעצט.

אורסוס האָט געזאָגט: „ברייננגט אַ קישען.“

זי האָט געענטפערט: „צו וואָס? איך האָב דאָך גווינפּלינען.“

און ער האָט זיך הינטער איהר אַוועקגעזעצט, און זי האָט אָנ־געשפּאַרט איהר קאָפּ אויף זיין אַקסעל.

„אָה,“ האָט זי געזאָגט, „ווי גוט מיר איז.“

אורסוס האָט אָנגעכאַפּט איהר אָרעם, ער האָט געצעהלט דעם קלאַפּען פון דעם פּולס, ער האָט ניט אויפגעהויבען זיין קאָפּ, ער האָט גאָר ניט געזאָגט, מען האָט זיך נאָר געקענט פאָרשטעלען זיינע גע־דאַנקען דורך דעם שנעלען באַוועגען פון די אויגען־ברעמען, ווי זיי האָבען זיך געעפענט און קאָנוואולסיוו צוריק פאַרמאַכט, ווי זיי וואָל־טען וועלען איינהאַלטען אַ פלוס פון טרערען, וואָס האָבען זיך גע־וואָלט אַרויסרייסען.

„וואָס איז מיט איהר? האָט גווינפּלין געפרעגט.

אורסוס האָט צוגעלייגט זיין אויער צו איהר רעכטער זייט.

גווינפּלין האָט זיין פראַגע איבערגע'חזר'ט, ציטערענדיג פון שרעק.

אורסוס האָט געקוקט אויף גווינפּלינען, דאַן אויף דיאַ'ן, דאַן האָט ער געזאָגט.

„מיר זענען איצט געגען קאַנטאַבארי, און ניט ווייט פון גרייווזר־סענד. דער וועטער וועט זיין אַ גוטער אַ גאַנצע נאַכט. קיין מורא פאַר

אַז אַטאַקע דאַרפֿען מיר ניט האָבען, די גאַנצע פּלאַטע איז ביי דעם שפּאַנישען ברעג. מיר וועלען האָבען אַ גוטע רייזע."

דיאַ, איינגעבויגען און בלייכער ווערענדיג מיט יעדען מאָמענט, האָט מיט איהרע פֿינגער קאָנוואולסיוו געריסען איהר קלייד. זי האָט אַ זיפֿץ געטאָן און אַרויסגעמורמעלט.

„איך פֿאַרשטעה וואָס דאָס באַדייט, איך שטאַרב."

גווינפּלען איז אויפֿגעשטאַנען, ער איז געווען שוידערליך, אורסוס האָט צוגעהאַלטען דיאַ'ן.

„שטאַרבען? דו שטאַרבען. ניין דאָס קען ניט זיין, דו קענסט ניט שטאַרבען. איצט שטאַרבען, דעם מאָמענט שטאַרבען, עס איז אוממעגליך, גאָט איז ניט אַזאַ גרויזאַמער צו אומקעהרען זי מיר און באַלד ווידער אַוועקנעהמען? ניין, אַזעלכע זאַכען טוט מען ניט. אויב אַזוי, וויל גאָט, אַז מיר זאָלען צווייפֿלען אין איהם. דאַן איז אַלץ אַן אָפּגרונד, דער הימעל, די ערד, די וויג פֿון דאָס קינד, די מענשליכע האַרץ, ליעבע שטערען, דאָס הייסט, אַז גאָט איז אַ פֿאַרעטער און דער מענש אַן אָפּגענאַרטער, אַז אַלץ איז גאָר ניט, אַז פֿון גאָט'ס וועלט דאַרף מען לאַכען. דו ווייסט ניט וואָס דו זאָגסט, דיאַ, דו וועסט לעבען, איך פֿאָדער דו זאָלסט לעבען, דו מוזט מיר פֿאָלגען, איך בין דיין מאַן און דיין העַר, איך ערלויב דיר ניט אַוועקצוגעהען פֿון מיר, אָה, הימעל, אָה, אומגליקליכער מענש! ניין, עס קען ניט זיין, איך זאָל פֿאַרבלייבען אויף דער וועלט נאָך דיר, דאָס איז אַן אונמעגליכקייט, דיאַ! דיאַ! קום צו זיך. ס'איז ניט מעהר ווי אַ מאָמענטאַנער וועהטאָג וואָס וועט באַלד אַוועקגעהען. צייטענווייז געהט דורך אַ שוידער, אָבער מען מוז דאָס גלייך פֿאַרגעסען, עס איז דורכאויס נייטיג, אַז דו זאָלסט זיין געזונד און דו זאָלסט מעהר ניט ליידען. דו שטאַרבען? וואָס האָב איך געטאָן, איך ווער משוגע, מיר געהערען איינע צו די אַנדערע, מיר ליעבען איינע די אַנדערע. דו האָסט קיין אורזאַכע אַוועקצוגעהען, דאָס וואָלט אונגערעכט געווען, בין איך באַגאַנגען אַ פֿאַרברעכען? אויב יע, האָסטו דאָך מיר שוין פֿאַרגעבען. אָה, דו ווילסט דאָך ניט, אַז איך זאָל ווערען פֿאַרצווייפֿעלט, אַ משוגע'נער, אַ טייפֿעל. דיאַ, איך בעט דיר, איך בעט דיר, שטאַרב ניט."

און צונויפֿגעפּלייגענ־ריג זיינע קולאַקעס, מיט אַ שוידערליכען געשריי איז ער געפֿאַלען ביי איהרע פֿיס.

„מיין גווינפעלין," האט דיא געזאגט, „עס איז ניט מיין שולד."

„איך זאג דיר, אז איך וויל ניט, אז דו זאלסט שטארבען. איך האב ניט די כחות דאס אויסצוהאלטען, שטארבען, יע, אבער צוזאמען, אנדערש ניט, איך וויל ניט צושטימען, דו טארסט ניט שטארבען, מיין ליעבע, איך בעט דיר, פארשטעהע, אז איך בין דא. איך שווער, אז דו וועסט לעבען, שטארבען, דו ווילסט זיך ניט פארשטעלען וואס פון מיר וועט ווערען נאך דיין טויט, ווען דו וואלסט נאר געוואוסט, ווי נייטיג איך דארף דיר האבען, וואלסטו פארשטאנען ווי אונמעגליך דאס איז, שטארבען, דיא, איך האב בלויז דיר, בלויז דיר, דאס וואס עס האט מיט מיר פאסירט איז אויסערגעווערנליך, דו חלומ'סט אפילו ניט, אז איך האב דורכגעמאכט א גאנצען לעבען אין די לעצטע פאר שטונדען, און איך האב געזעהען בלויז איין זאך, אז עס איז גאר ניט. דו לעבסט. אויב דו ביזט ניט דא האט די גאנצע וועלט קיין זין ניט, בלייב, האב אויף מיר רחמנות, אויב דו ליעבסט מיר בלייב, איך האב דיר נאך אמאל געפונען, דאס איז שוין פאר אייביג, אה, מיין געליעבטע, ווי איך לייד, דו ביזט דאך ניט אין כעס אויף מיר, דו פארשטעהסט דאך, אז אנדערש האב איך ניט געקענט האנדלען, דער וואפענטרעגער האט מיר אוועקגעפיהרט, דו וועסט זעהען, וועסט באלד בעסער אטעמען. דיא, אלץ איז שוין פארטיג, מיר וועלען זיין גליקליך, טרייב מיר ניט צו פארצווייפלונג, דיא, איך האב קיין שלעכטס ניט געטאן."

די ווערטער זענען ניט געזאגט, נאר ארויסגעוויינט געווארען. מען האט אין זיי געפיהלט א געמיש פון צערטליכקייט און צארן, פון גווינפעלינס ברוסט האט זיך ארויסגעריסען א געבעט, וואס וואלט טויבען צוגעצויגען, אין א געשריי וואס וואלט לייבען אפגעשראקען.

דיא האט איהם געענטפערט אין א קול וואס מען האט ווינציגער און ווינציגער פארשטאנען.

„אה, ס'איז נוצלאז, מיין געליעבטער, איך זעה קלאר וואס דו טוסט. מיט א שטונדע צוריק האב איך געוואלט שטארבען, איצט וויל איך דאס שוין ניט, גווינפעלין, מיין טייערער גווינפעלין, ווי גליקליך מיר זענען געווען. גאט האט מיר דיר געגעבען און ער נעמט מיר איצט צו פון דיר. זעה, איך געה אוועק. דו וועסט געדיינקען די גרינע קאס־טען און די ארימע קליינע, בלינדע דיא. דו וועסט געדיינקען מיין ליעד, פארגעס ניט דעם קלאנג פון מיין שטימע, און ווי איך פלעג דיר

זאָגען — איך ליעב דיר — איך וועל קומען צו דיר ביינאַכט, ווען דו שלאָפסט, און וועל דיר דאָס ווידער זאָגען. מיר האָבען זיך צוריק געפונען, אבער עס איז געווען צופיעל גליק. און עס נעמט א סוף דערצו, עס איז באַשטימט געוואָרען, אַז איך זאָל געהען די ערשטע, איך האָב ליעב אונזער פאָטער אורסוס, און אונזער ברודער האמאָ, דו ביזט גוט. דאָ איז גאָרניטאָ קיין לופט, עפען אויף דעם פענסטער, מיין גווינפעלין. איך האָב דיר ניט דערצעהלט, נאָר איך בין געווען אייפערזיכטיג אויף דער פרוי וואָס איז אמאָל געקומען. דו ווייסט געוויס ניט ווענען וועמען איהר רעדט. פאַרדעק מיינע אָרעמס, איך פיהל אביסעל קאַלט. און פיבי און ווינאָס וואו זענען זיי? צום סוף ליעבט מען אַלעמען. מען האָט ליעב אַלע מענשען, וואָס האָבען געזעהען דעם גליק, מען איז זיי דאַנקבאַר. פאַרוואָס האָט דאָס אַלץ פאַסירט? איך האָב קלאָר ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָ טוט זיך, די לעצטע פאָר טעג. און איצט שטאַרב איך, איהר זאָלט מיר באַגראָבען אין דער קלייד, ווען איך האָב איהר אַנגעטאָן, בין איך געווען זיכער, אַז דאָס וועט זיין מיין באַערדיגונגס קלייד, איך וועל ליגען אין דער קלייד, אויף איהר זענען דאָ גווינפעלינ׳ס קושען. אה, ווי איך וואָלט וועלען לעבען, ווי שעהן מיר האָבען געלעבט אין אונזער אָרימע שטיבעל. מיר האָבען געזונגען, איך האָב זיך צוגעהערט צו דעם קלאַפּען פון די הענט, ווי גוט עס איז געווען צו זיין צוזאמען, איך האָב אַלץ פאַרשטאַנען, איך האָב געקענט אונטערשיידען פון איין טאָג און אַן אַנדערען, טראָץ דעם וואָס איך בין בלינד. איך האָב געוואוסט, אַז איצט איז פריהמאָרגען, ווייל איך האָב געהערט גווינפעלינ׳ען, איך האָב געוואוסט, אַז איצט איז נאכט, ווייל איך האָב געטרוימט פון גווינפעלינ׳ען. איך האָב געפיהלט ווי איך בין אַרומגערינגעלט מיט איהם, מיט זיין נשמה. מיר האָבען זיך איינע די אַנדערע ליעב געהאַט, דאָס אַלץ איז שוין פאַרשוואונדען, מיר וועלען שוין מעהר קיין ליעדער ניט זינגען דו זאָלסט טראַכטען פון מיר, מיין געליעבטער.“

איהר שטימע איז געוואָרען שוואכער, אין איהרע לעצטע מינוטען האָט זי ניט געקענט אטעמען, זי האָט איהר גראָבען פינגער איינגעוויקעלט אין די אַנדערע, א צייכען, אַז דאָס איז שוין דער לעצטער מאָמענט. זי האָט געמורמעלט:

„דו וועסט מיר גדיינקען, גווינפעלין, יע? עס וואלט געווען זעהר

טרויעריג, ווען איך וואָלט געווען טויט און קיינער וואָלט זיך אָן מיר ניט דערמאָנט. איך בין צייטענווייז געווען שלעכט. איך בעט אייך זעהר, איהר זאָלט דאָס מיר פאַרגעבען. איך בין זיכער, אז דאָס איז גאָטס ווילען, מיר פאַרנעהמען אַזוי ווינציג פּלאַץ און מיר וואָלטען געקענט זיין גליקליך, מיין גווינפּעלין, מיר וואָלטען פאַרדינט צום לע־בען און מיר וואָלטען געווען גליקליך אין אַן אַנדער לאַנד, אָבער גאָט וויל עס זאָל זיין אזוי. איך וויים ניט פאַרוואָס איך שטאַרב, איך האָב זיך ניט באַקלאָגט אויף מיין בלינדקייט, איך האָב קיינעם קיין שלעכטס ניט געטאָן, איך וואָלט געווען די גליקליכסטע, ווען איך קען פאַרבלייבען מיט דיר, א בלינדע אפילו. אח, ווי טרויעריג עס איז אוועקצוגעהען."

די ווערטער זענען אַרויסגערעדט געוואָרען שטיל און איינציג־ווייז, ווי אימיצער וואָלט איהר געהאָלפען זיך אָנשטריינגען. זי האָט פאַרגעזעצט:

„גווינפּעלין, דו זאָלסט טראַכטען פון מיר."

זי האָט זיך אַ צאַפּעל געטאָן.

„אח, האַלט מיר צו!"

נאָך אַ קורצען שווייגען האָט זי פאַרגעזעצט:

„קום צו מיר אַזוי שנעל ווי דו קענסט, איך וועל זיין זעהר אומ־גליקליך אָהן דיר, אפילו מיט גאָט. לאָז מיר דאַרטען ניט צו לאַנג אַליין, מיין טייערער גווינפּעלין, דאָ אונטען איז דער גן־עדן, דאָרטען איז בלויז דער הימעל. אַה, ווי שטייף איך ווער, מיין געליעבטער, מיין געליעבטער, מיין געליעבטער."

„רחמנות!" האָט גווינפּעלין אויסגעשריען.

„צום ווידערזעהען" האָט זי געזאָגט.

„רחמנות!" האָט ער נאָך אמאָל אויסגעשריען.

ער האָט צוגעפּרעסט זיינע ליפּען צו דיא'ס וואונדערבאַרע אייז־קאַלטע הענט.

אַ מאָמענט איז זי געלעגען, ווי זי וואָלט שוין מעהר ניט גע־אָטעמט.

דאַן האָט זי זיך אויפגעהויבען אויף איהרע עלענבויגענס, זי האָט אַ שמייכעל געטאָן, און זי האָט אויסגעשריען:

„ליכט! איך זעה ליכט!"

און זי איז אויסגעגאַנגען.

זי איז צוריקגעפאַלען אויפ'ן מאַטראַץ, אויסגעצויגען, באַוועגלאָז.

„טויט..." האָט אורסוס געזאָגט.

און דער אָרעמער אַלטער איז אַראָפּגעזונקען, ווי אונטער דער שווערער מאַסע פון באַרצווייפלונג. ער האָט זיין קאָפּ אַריינגענומען צווישען ביידע הענט, און ביטער געוויינט.

גווינפּלין איז געווען שוידערליך.

ער האָט זיך געשטעלט אויף די פיס, אויפגעהויבען דעם קאָפּ און געקוקט אויף דער אונענדליכער נאַכט.

דאַן, ניט באַמערקט ווערענדיג פון קיינעם, אויסער אפשר פון אַן אונזעהבאַרען וועזען, האָט ער אויסגעצויגען די הענט צום הימעל און געזאָגט:

„איך קום!"

און ער האָט אָנגעפאַנגען געהען צו דעם ברעג פון שיף, ווי אַ־מיצער וואָלט איהם געצויגען.

אַ פּאָר טריט פון איהם איז געווען דער אָפּגרונד.

ער איז געגאַנגען לאַנגזאַם, און געקוקט אויף דעם הימעל.

ער האָט געשמייכעלט ווי דיאַ.

ער איז געגאַנגען גלייך. עס האָט אויסגעזעהען ווי ער זעהט עפּעס. אין זיינע אויגען האָט געשיינט אַ ליכט, וואָס איז געווען ווי די אָפּשפּיגלונג פון אַ נשמה אין דער

ער האָט אויסגעשריען: „יע".

מיט יעדען טראָט איז ער צוגעקומען נעהענטער.

ער איז געגאַנגען גלייך, זיינע הענט אויפגעהויבען, זיין קאָפּ צוריקגעוואָרפען, זיינע אויגען האָבען געקוקט גלייך, און זיין באַוועגונג איז געווען ווי פון אַ גייסט.

ער איז געגאַנגען ניט איילענדיג זיך און ניט אָפּשטעלענדיג זיך, פעסט, ווי עס וואָלט גאָר ניט געווען אַזאַ זאַך ווי אַ טיפער אָפּגרונד פאַר איהם.

ער האָט געמורמעלט: „זיי רוהיג, איך געה דיר נאָך, איך זעה קלאָר דעם צייכען וואָס דו מאַכסט מיר."

ער האָט זיינע אויגען ניט אַראָפּגענומען פון אַ פונקט אין הי־מעל, אויף דעם סאַמע עק פון דעם נעבעל. ער האָט געשמייכעלט.

